פראָלעטאריער פון אלע לענדער, פאראייניקט זיך!

# שטערן

ליטעראריש־קינסטלערישער און פאָליטיש־
וויסנשאפטלעכער כוידעש־זשורנאל.

№ 1—2 ═══ אכטער יאָרגאנג ═══ יאנואר־פעווראל 1932

# אין שלאכט פארן צווייטן פינפיאָר.

מיר זײַנען ארײַנגעטראָטן אין פערטן און לעצטן יאָר פונעם ערשטן פינפיאָר. מיט וואָס פאר א רעזולטאטן איז דער פראָלעטאריאט פון פ.ס.ס.ר. געקומען צום פערטן יאָר? וועגן דעם ריידן קלאָר די סאכאקלען, וואָס זײַנען אין די באשטימונגען פון דער 17־טער פארטקאָנפערענץ אונטערגעפירט צום 1931 יאָר.

„די 17־טע פארט־קאָנפערענץ צייכנט אָפּ מיט באפרידיקונג, אז שטייענדיק זיך אָף די פּאָליטישע און ווירטשאפטלעכע דערגרייכונגען פון די פריערדיקע יאָרן, האָט די סאָוועטישע אינדוסטריע פארענדיקט דעם יאָר 1931 מיט נײַע ניצחוינעס.

די פּראָדוקציע פון דער גאנצער סאָציאַליסטישער אינדוסטריע האָט אין 1931 באטראָפן 27 מיליארד ר.— א צוּוואוקס פון 21 פּראָצ. אין פארגלײַך מיטן יאָר 1930. די פּראָדוקציע פון דער אינדוסטריע, וואָס דער ה.ס.נ.כ. פלאנירט, האָט באטראָפן 21,8 מיליארד ר.—20.5 פּראָצ. צוּוואוקס אין פארגלײַך מיטן 1930 י. אין דעם באטרעפט דער ווערט פון דער פּראָדוקציע פון דער שווערער אינדוסטריע 11,8 מיליארד ר.— 28 פּראָצ. צוּוואוקס אין פארגלײַך מיטן 1930 יאָר. פון אזא וואוקס האָט ניט געוווּסט קיין איין קאפיטאַליסטישע מעלוכע, אפילע אין די בעסטע פעריאָדן פון קאפיטאַליזם.

אין 1931 י. האָט א רײ אינדוסטריע־צווײַגן אויסגעפילט און אריבערגעשטיגן זייער אויפגאבע פון פינפיאָר־פּלאן אין 2,5—3 יאָר. די נאפט־אינדוסטריע, די עלעקטראָ־טעכניק, די מאשינבויונג איינגאנצן גענומען, די קאָנדיטערײַ און די פיש־קאָנסערוון־אינדוסטריע).

די סאכאקלען פון 1931 י. באווײַזן, אז דער פינפיאָר פון דער אינדוסטריע וועט אויסגעפילט ווערן אין 4 יאָר.

אינעם פּאָרטראג פון כ׳ אָרדזשאָניקידזע איז פארצייכנט געוואָרן דער גרויסער טעכנישער וואוקס פון אונדזער לאנד. די אנטשטייונג פון נײַע אינדוסטריע־צווײַגן, פון א ברייט־צעצווײַגטער מאשין־בויונג, פון א צעוויקלטער בויונג פון לאנדווירטשאפטלעכע מאשינעס, פון א צעוויקלטער כעמישער אינדוסטריע א.א.וו. די 17־טע פארטײ־קאָנפערענץ האָט אָנגעצייכנט די אויפגאבעס פון דעם 1932 יאָר אין געביט פון דער אינדוסטריע:

„אין דער גאנצער אינדוסטריע איז דער גאנצער סכום פּראָדוקציע אײַנגעשטעלט געוואָרן לויטן פּלאן פארן יאָר 1932 אָף 37,5 מיליארד. דער זעלבסטקאָסט דארף אראָפּגעזעצט ווערן אָף 7 פּראָצ. און די צאָל ארבעטער דארפן אין דער גאנצער אינדוסטריע (ארײַנגערעכנט אויך די בויונג) שטײַגן אָף איין מיליאָן 200 טויזנט. דער ארבעטלוין דארף שטײַגן אָף 11 פּר. אין דער אונדוסטריע און אָף 5,6 פּראָצ. אין דער בויונג. די ארבעט־פּראָדוקטיווקײַט דארף שטײַגן אָף 22 פּראָצ. דער פארנעם פון די קאפיטאַלע ארבעטן,— ער הענגט אָפּ פונעם אויספילן די קוואנטיטאטיווע און קוואליטאטיווע ווײַזערס אין דער פּראָדוקציע,— וועט באטרעפן אין דער גאנצער אינדוסטריע צוזאמען מיט די לעצטע צוגאָב־אסיגנירונגען 12 מיליארד ר. פון דעם אָף דער שווערער אינדוסטריע 9,2 מיליארד ר.

די צענטראַלע אויפגאבע פון דעם גאנצן פאָלווירטשאפטלעכן פּלאן פארן יאָר 1932 איז אויספילן די פּראָדוקציר־פּראָגראם און די הויפט־פּראָגראם פון דער שווארצער מעטאלורגיע, פון דער קוילן־אינדוסטריע און פון דער מאשינבויונג".

קאמף פאר דיראַזיקע ציפערן, קאמף פאר קוואליטעט, קאמף פאר דער קאָלעקטיוויזאציע פון דער לאנדווירטשאפט און ליקווידאציע פונעם באלעגוף אלס קלאס אָף דער באזע פון דורכויסיקער קאָלעקטיוויזאציע— דאָס דארף זיכערן די גרויסע זיגן, וועלכע מיר דארפן אָפּהאלטן אין דעם צווייטן פינפיאָר.

די פּערספּעקטיוון, וואָס די פארטײ מערקט אָן אָפן צווייטן פינפיאָר באזירן זיך אָף די דערגרייכונגען פונעם ערשטן פינפיאָר. וועגן דיראַזיקע דערגרייכונגען און זייער היסטאָרישע באדײַטונג רעדט אויסשעפנדיק די רעזאָלוציע פון דער 17־טער פארטקאָנפערענץ איבער די פּאָרטראגן פון די כ״כ מאָלאָטאָוו און קויבישעוו.

2. דער וויכטיקסטער סאכאקל פון דער סאָציאַליסטישער בויונג פונעם ערשטן פינפיאָר איז דאָס, וואָס עס זײַנען ענדגילטיק ארונטערגעריסן געוואָרן די ווארצלען פונעם קאפּיטאַליזם אין דאָרף, און דאָס באשטימט פאָרויס די פולקאָמע ליקווידאציע פון די קאפּיטאַליסטישע עלעמענטן און די פולקאָמע פארניכטונג פון די קלאסן, דאָס פארענדיקן אויפבויען דעם פונדאמענט פון סאָציאַליזם אין פ.ס.ס.ר. באטײַט, אז לענינס פראגע „חער־וועמען" איז פארענטפערן געוואָרן קעגן דעם קאפּיטאַליזם, לטובֿת דעם סאָציאַליזם, פולקאָם און איינמאָל פאר אלעמאָל, סײַ אין שטאָט און סײַ אין דאָרף.

3. אלס רעזולטאט פונעם פארווירקלעכן די באָלשעוויסטישע טעמפּן פון דער סאָציאַליסטישער בויונג און פונעם ליקווידירן אין גרונט די פאראזיטישע קלאסן, ווערן שוין אין ערשטן פינפיאָר ליקווידירט די יעסורעס און דער קוואל פונעם עקספּלואטירן איין מענטש דורך א צווייטן מענטשן, עס

שטייגט די פאלק־האכנאסע מיט טעמפן, צו וועלכע די קאפיטאליסטישע לענדער קאנען ניט דערגרייכן. עס זיינען פארניכטעט געווארן די ארבעטסלאזיקייט און דער דאלעס (פאופעריזם), עס ווערן פארניכטעט די „פראזין־שערן“ און דער קעגנזאץ צווישן שטאט און דארף, עס שטייגן פון יאר צו יאר דער וווילשטאנד און דער קולטורעלער ניוואָ פון די ארבעטער און די ארבעטנדיקע פויערים, עס פאלט די שטערבלעכקייט און עס וואקסט גיך די באפעלקערונג פון פ.ס.ס.ר.“.

דאס זיינען דערגרייכונגען פון וועלט־באדייטונג, און זיי זיינען א רעזולטאט פון דער לעניניסטישער פאליטיק פון פארטיי, פון מאביליזירן דעם רעוואָליוציאָנערן ענטוזיאזם פון די ארבעטער און ארבעטנדיקע.

„דיזאיקע דערפאלגן באם פארווירקלעכן דעם ערשטן פינפיאר האבן צוגעגרייט די באזע פארן ווייטערדיקן נאך מער שנעלן וווקס פון סאציאליזם אין פ.ס.ס.ר.

די 17־טע קאנפערענץ פון דער אל.ק.פ.(ב) האלט, אז די קאלאסאלע באסור־אויצרעס פון לאנד, די באלשעוויסטישע טעמפן פון דער סאציאליסטישער בויונג, די שטייגנדיקע אקטיווקייט פון די ברייטע מאסן ארבעטער און קאלווירטניקעס און די ריכטיקע ליניע פון דער פארטיי פארזיכערן פולקאם אזא פאנאנדערוויקלונג פון די פראדוקטיווע קרעפטן פון דער סאציאליסטישער ווירטשאפט אינעם צווייטן פינפיאר, אז אף איר באזע וועלן ענדגילטיק ליקווידירט ווערן די קאפיטאליסטישע עלעמענטן אין פ.ס.ס.ר. די קאנפערענץ האלט, אז די פאליטישע גרונט־אויפגאבע פונעם צווייטן פינפיאר איז ענדגילטיק ליקווידירן די קאפיטאליסטישע עלעמענטן און די קלאסן ביכלאל, פארניכטן אינגאנצן די סיבעס, וואס געבוירן די קלאסן־אונטערשיידן און די עקספלואטאציע און בייקומען די רעשטלעך פון קאפיטאליזם אין דער עקאנאמיק און אינעם באוווסטזיין פון די מענטשן, פארוואנדלען די גאנצע ארבעטנדיקע באפעלקערונג פון לאנד אין באוווסטזיניקע און אקטיווע בויער פון דער קלאסנלאזער סאציאליסטישער געזעלשאפט.

ענדגילטיק ליקווידירן די קאפיטאליסטישע עלעמענטן אין פ.ס.ס.ר., ליקווידירן די קלאסן ביכלאל, פארניכטן די סיבעס פון קלאסן־אונטערשיידן און עקספלואטאציע, בייקומען די רעשטלעך פון קאפיטאליזם אין דער עקאנאמיק און אינעם באוווסטזיין פון די מענטשן—פאר דעם וועלן מיר דארפן קאנקרעט קעמפן אין די יארן פונעם צווייטן פינפיאר. דיזאיקע פערספעקטיוו פון אויסבויען דעם סאציאליזם דערמוטיקט די מיליאנען ארבעטער און ארבעטנדיקע פון פ.ס.ס.ר., זי שפייזט די רעוואליוציאנערע שטימונגען אין דעם רעוואָליוציאָנערן קאמף פון די ארבעטער און ארבעטנדיקע אין די קאפיטאליסטישע און קאלאניאלע לענדער. אפן סאן פון דעם עקאנאמישן טעמפן ווינקל און טיפן קריזיס אין די קאפיטאליסטישע לענדער, שיינט העל אוף די אומבאזיגבארע קראפט פונעם בלייענדיקן סאוועטנפארבאנד, וואס וואקסט שטורמיש, אנגעפירט דורך דער שטאלענער האנט פון דער לענינישער פארטיי, פונעם צ.ק. אל.ק.פ.(ב). און פון דעם פירער פון פארטיי און וועלט־פראלעטאריאט, דעם כ׳ סטאלין. די פערספעקטיוו פונעם צווייטן פינפיאר מאבליזירט פאר ווייטערדיקע שלאכטן, פאר ווייטערדיקן ענערגישן קאמף. ניט דורך א „רויקער אנטוויקלונג“ וועט דער ארבעטער־קלאס איינעמען די הייכן פונעם צווייטן פינפיאר. סאציאליזם באדייט קלאסנקאמף, אנגריף אף די רעשטן פון בורזשואזיע, ווידערשטאנד די קלאסן־סאנים און זייער אגענטור אין פארטיי,—באזונדערס דעם רעכטן אפארטוניזם. מע קען זיך ניט ארייַנגלייכן אין סאציאליזם, ווי עס טייטשן אפארטוניסטן.

„די נייע דערפאלגן פון סאציאליזם וועט דער ארבעטער־קלאס באווארענען נאר אין קאמף קעגן די רעשטן פון קאפיטאליזם, אפשלאגנדיק אן ראכמאנעס דעם ווידערשטאנד פון די אומקומענדיקע קאפיטאליסטישע עלעמענטן, בייקומענדיק די בורזשואזע און קליינבירגערלעכע פארורטיילן צווישן די ארבעטנדיקע און פירנדיק אן איינגעשפארטע ארבעט אף סאציאליסטיש איבערדערציען זיי. דאס באטייט, אז אויך אף ווייטער איז אומפארמיידלעך די פארשארפונג פון קלאסנקאמף אין באזונדערע מאמענטן און איבערהויפט אין באזונדערע ראיאנען און אף באזונדערע באצירקן פון דער סאציאליסטישער בויונג. דאס שטרייכט אונטער די אומפארמיידלעכקייט פון דעם, אז עס וועלן זיך פארהיטן און אין אייניקע פאלן וועלן זיך פארשטארקן די בורזשואזע ווירקונגען אף באזונדערע שיכטן און גרופעס ארבעטנדיקע, די אומפארמיידלעכקייט פון דעם, אז אין משך פון א לאנגער צייט וועלן אריינדרינגען אין דער סוויווע פון די ארבעטער און אפילע אין דער פארטיי קלאסן־ווירקונגען, וואס זיינען פרעמד דעם פראלעטאריאט. דערייבער שטייט פאר דער פארטיי די אויפגאבע צו פארשטארקן די פראלעטארישע דיקטאטור און ווייטער פאנאנדערוויקלען דעם קאמף קעגן אפארטוניזם, באזונדערס קעגן רעכטן אפנויג אלס די הויפטגעפאר אפן געגעבענעם עטאפ“ (דירעקטיוון).

אנצייכענענדיק די אויפגאבעס פאר דער אינדוסטריע, לאנדווירטשאפט, קליינער אינדוסטריע (געווערב־קאאפעראציע), סכוירע־פארקער, באשאפונג פון קאדרען א.ד.גל. אינעם צווייטן פינפיאר, זאגט די רעזאליוציע פון דער 17־טער פארטיי־קאנפערענץ, אז:

„דער שנעלער וווקס פון דער סאציאליסטישער ווירטשאפט אין פעריאד פון צווייטן פינפיאר אין די נאציאנאלע רעפובליקן און געגנטן ברענגט צום אויסהאבן די עקאנאמישע און קולטורעלע אפגעשטאנענקייט פון די נאציאנאליטעטן, וואס איז געקומען בעירושע פון דעם צארישן, קאלאניאל־קאפיטאליסטישן רעזשים“.

פאנאנדערוויקלען די ארבעט צו פאנאנדערארבעטן דעם צווייטן פינפיאריקן פלאן—דאס איז די אויפגאבע. מע קאן דאס דערגרייכן נאר אין פראצעס פון באלשעוויסטישן קאמף פאר אויספילן און איבערשטייגן די פלענער פון 1932־טן יאר—דעם לעצטן יאר פון פינפיאר.

* * *

די רעזאליוציעס פון דער 17־טער פארטיי־קאנפערענץ און די פארטראגן פון די כ״כ ארדזשאניקידזע, מאלאטאוו און קויבישעוו זיינען דאקומענטן פון אויסערגעוויינלעכער באדייטונג, זיי דארפן טיף און אלזייטיק דערלערנט ווערן, זיי זיינען אן אויסדריק פון לענינישער טעאריע, געבונדן מיט דער רעוואליוציאנערער פראקטיק פון דער קאמוניסטישער פארטיי, וואס פירט אן מיט די ארבעטער־מאסן. די מאטעריאלן פון דער 17־טער פארטיי־קאנפערענץ וועלן דינען אלס אנפירונג אין אונדזערע גרויסע שלאכט־אויפגאבעס, זיי דארפן דינען צו ארויסרופן א נייעם גרויסן צופלוס פון ענטוזיאסטישער שלאגלערישקייט אין די קאמפן פאר סאציאליזם בא אונדז אין לאנד און פאר דער וועלט־אקטיאבער.

א. יודלסאָנ

# לאנד פונ מאגניט אונ פונ בויונג...

(אויסצוגנ).

.1

אפ זודיקנ דאָרעם, אפ קאלטנ סיביר,
אפ רוקנביינ פונעמ אוראל —
אלגעברא אונדזערער: פינפ אינ פיר.
קוילנ אונ ארצ—מעטאל.

אויכ אלגעברא־צייכנס אונ רעכענונג־צאָל
זיכ בייַטנ אינ צייַט אונ רוימ,
אונ אינ געאָגראפיע ניט אלעמאָל
פירנ די וועגנ קיינ רוימ.

אוואדע ניט רוימ, אונ אויכ ניט בערלינ
אונ אויכ ניט אפילע ניו־יאָרק —
ווער עס שאפט—יענער געווינט,
יענער האָט דאָס וואָרט.

פונ זודיקנ דאָרעמ ביז קאלטנ סיביר—
קריוובאס
דאָנבאס
קוזבאס —
גיט א שפאר זיכ דער נאפט דורכנ קלאָרנ עפיר
איבער פלייציקנ פעסטנ קאווקאז —

א רייַכקייט אזא!
ס'איז א רייַכקייַט נאָר דאנ,
ס'האָט די רייַכקייַט נאָר דעמלט א ווערט,
ווענ א פעסטע ארבעטער־האנט
פלאנירט די רייַכקייַט פונ ערד...

אינטער דער ערד—פלאסטנ פונ ארצ
אונ קוילנ —
מיליארדנ טאָנ,
איבער דער ערד צאפלט א הארצ
פונ הונדערט זעכציק מיליאָנ.

אונטער דער ערד—קוואלן פון נאפט
קוואלן פון פעטן מאזוט —
איבער דער ערד ווערט געמאָסטן די קראפט
דורך יעדער שאָ און מינוט.

אונטער דער ערד... און איבער דער ערד...
— מיר ווייסן פון פ.ס.ס.ר.!..
— — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — —

אונטער דער ערד... און איבער דער ערד...
און ווו נאָר עס קומט דײַן פוס —
אומעטום שווער, און אומעטום שווערד,
און אומעטום הייל און פוסט.

אונטער דער ערד האָט באנאכט פאָליציי
אין א ווינקל געפונען געווער —
איבער דער ערד שיט א נאסלעכער שניי,
שלאָפן מענטשן אפ בענק פון סקווער...

אונטער דער ערד איז די שאכטע פארמאכט
און אויבן—פארקלאפט די פאבריק...
דאָס קינד איז פארכאלעשט, דאָס קינד איז פארשמאכט
ליפט זוכן א טאטע גליק.

גליק... ווער דארף גליק... און ווער זוכט עס היינט גליק...
ס'איז דאָס לעבן אוועק מיטן ווינט —
באָכערוויַז גרינג איז—אפ האלדז א שטריק —
איצט—בלײַבט א פרוי מיט א קינד...

און אונטער די ריפן א טאטעס א הארץ —
א טאטע... נו וואָס זאָל מען טאָן — — —
— — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — —
דאָרט אונטער ערד—פלאסטן פון ארץ
און קוילן
מיליארדן טאָן.

דאָרט אונטער ערד—קוואלן פון נאפט,
קוואלן פון פעטן מאזוט — —
און ס'האָבן מיליאָנען זיך ארבעט פארשאפט
איז זיי אוואדע גוט...

דאָרטן דאָס לאנד—אזא הערלעכע ליד...
דאָ—אזא וואָכעדיק גרויע...

פ.ס.ס.ר... אונ עס ציט א מאגניט:
פ.ס.ס.ר.—אינ בויונג!

— — — — — — — — — — — —

א וועלדל. א בלויער באגינעג. עס טאָגט.
באלד... אונ פארענדיקט די שרעק...
רויִקער. לאנגזאמער. דאכט זיכ—מע יאָגט!
טיפער דעמ קאָפּ! ניט באוועג!

רויִקער. שא! עס איז דאכט זיכ דער ווינט...
ניינ... מע שיסט...—א קנאל!
גיכער! אויב לויפנ איז לויפנ געשווינד!...
פלוצלונג אנ אויסגעשריי:
— האלט!

געכאפט בא דעמ גרענעצ. טאָ רייד אונ זאָג
ווּהינ אונ צו ועמענ דו לויפסט,
אונ קלאָר זאָל ווערנ, ווי קלאָר ס'איז דער טאָג
פארוואָס דייַנ לאנד דו פארקויפסט.

אונ קלאָר זאָל ווערנ פארוואָס אונ פארוועג
דו האָסט דייַנ היימ פארלאָזט —
אונ זאָל מענ הערנ, אונ זאָל מענ זענ,
אונ זאָל מענ וויסנ—פארוואָס?

— אונטער דער ערד... אונ איבער דער ערד...
שווע־ער...
אונטער דער ערד... אונ איבער דער ערד...
באלד...
פ.ס.ס.ר.

באלד... אָטאָ באלד... א קלאפּטער קוימ...
אונ מיר—ניט באשערט...
פלעקנ פונ בלוט אונ מענשלעכער שוימ
באמ ראנד פונ פ.ס.ס.ר...

## טאָגבוכ פונ א נאכט

.1

עלפ באנאכט. א הודאָק. אונ עס הוליעט דער ווינט
אונ צעברעקלט דעמ פייַפ אינ דער ראכוועס.
גיט א לעצטנ צעצויגענעמ ברומ—אונ פארשווינדט.
עלפ באנאכט. ס'וועלנ בייַטנ זיכ וואכטעס.

גייענ לעצטע אוועק אונ פארלעשנ די ליכט,
ווערנ קאָרפּוסנ שטרענגע פארגליווערט,

און די נאַכטישע פֿינצטערניש שווער און געדיכט
אין די קאָרפּוסן קײַקלט זיך איבער.

מיטן נאַכט. נאָכן פֿײַף איז אוועק שוין א צײַט
און דאַמנעס—פֿאַרהילטע אין שטומען —
ס'וועט הײַנט שוין דער נאַכטיקער דריטער פֿאַרבײַ
אהער צו די דאַמנעס ניט קומען.

ס'איז הײַנט זעקסטער נאָיאַב—וועט זײַן יאָנטעוו אין לאַנד —
און קערטש, סטאַלינגראַד, זאַפּאָראָזשיע, קאָלאָמנע—
זיי נעמען הײַנט אויף אינעם שטאָלענעם גאַנג
א נײַע קאָמיוגישע דאַמנע.

איז באַלויכטן דער קלוב און מיט פֿאָנען באַצירט
און עס זיצן די וואַכטעס און הערן —
און א כוואַליע פֿון ווינט איבער לאַנד ראַפּאָרטירט
וועגן זיג פֿון זאַוואָד „קאָמינטערן".

.2

ס'האָט דער ווינט אזוי הײַנט זיך צעהוליעט, צעלאָזט
מיט א סווישטש, מיט א שניי—און געוועלטיקט —
אזא קלעפּיקער שנײַדנדיק נאַסער נאָרד־אָסט
טרעפֿט אינעם געגנט דאָ זעלטן.

האָט די בריגאַדע א רעגע געטראַכט...
ניין. זי וועט זיך דעם ווינט ניט פֿאַרקויפֿן!
זײַנען פֿינף קאָמסאָמאָלצעס פֿאַרבליבן דורך נאַכט
פֿאַרדרייען די לעצטע שרויפֿן.

האָט רודיק באַם גאַרטל פֿאַרצויגן א שטריק,
דעם האַלדז אין די אַקסל פֿאַרניורעט,
אָן טרעפֿט זיך פֿאַרשטשעמעט, און פֿלינק און געשיקט
זיך פֿאַרקליבן אפֿ שפּיץ פֿונעם טורעם.

האָט יאַשע אפֿ קייטן געקלעטערט צום סקיפּ,
איז קאָליע פֿאַרקראָכן אין בונקער,
און ס'האָט דער נאָרד־אָסט—א געשאָכטענער כריפּ
די נאַכט איבער ראַנדן פֿאַרטרונקען.

איז דער ברייטער מיכײַלע אין קויפּער אַרײַן,
און לי־טשאַן—אפֿ דער עסטאַקאַדע —
מעג רײַסן דער שטורעם—ביז קויעך וועט סטײַען
וועט זיך ראַנגלען די שלאַגלער־בריגאַדע.

האָט מען פון קעשענעס שרויפן געשלעפט
און ס'האָבן זיך גלידער צעפּארעט,—
און ס'האָבן צעשאָטן זיך שיטערע קלעפּ
אין דער פינצטערער נאכטיקער כמארע.

.3

ס'האָט זיך אײַנגעזויגט די נאסקייַט
אין די גלידער
ווי אין מאָך,
וואָלט דען רודיק ווען געקאָנט
אזא מידער
קלאפן נאָך.
אז די צײַט איז ניט פאר ארבעט
ס'איז פאר שלאָפן
איצט די צײַט —
האָט א זעץ געטאָן דער האמער
נ'ט געטראָפן, —
אָן א זײַט.
דאכט זיך עפּעס נאָך פארבליבן
נאָך א צענדליק
ביזן סאָף —
עך, ווי גוט וואָלט זײַן
פארענדיקט
און א טרונק טאָן פונעם שלאָף!
פלאָנטערט זיך אין מידן קאָפּ:
סירענע רופט!
עס הויבט זיך אָן!
אפן העכסטן שפּיץ פון טורעם
פלאטערט אוף
א רויטע פאָן!...
האָט דער האמער זיך א גליטש געטאָן
אפ שטאנגענ
— כליאָפּ!
און ס'האָט אפ זײַט פון לייטער
זיך צעהאנגען
רודיקס קאָפּ — —
— — — — — — — — — —

ס'איז א מענטש ניט מערער פון א מענטש —
ס'האָט רודיקס קאָפּ זיך צוגעשפּארט צום לייטערשן פארענטש...

.4

אז ארום פײַפט דער ווינט און ס'איז נאס און ס'איז קאלט
האָבן יאטן א ווײַלע געמאכט א פריוואל.

ס'ליגט א קויפער אפ דרערד—א טונעל פון א טרויב,
איז מען פארקראָכן. יאָגט ניט דער שטויב.

אין דער פינצטערער נאכט פינקלען פײַערלעכ אופ
און אין רויכ פון טאבאק נעמט צונויפ זיכ א גופ.

און מע טוליעט זיכ פעסטער צו אײַזערנער וואנט,
פאלט א שווערע בא עמיצ דער קאָפּ אפן האנט,

פאלט בא א צווייטנ דער קאָפּ אפ די קני,
גיט א דריטער א שטורכע:
— ניט שלאָפּ! ס'איז נאָכ פרי!

גיט פערטער א ברום:
— עס איז יאטנ נאָכ ווײַט,
זאָל דערציילנ לי-טשאנ עפּעס וועגנ שאנכײַ...

האָט לי־טשאנ זיכ געגעבנ א שטעל און א הייב,
אז דער קאָפּ האָט א טונק זיכ געטאָנ אָנ דער טרויב,
און געוואָרנ איז שטיל
און אין פינצטערער נאכט
האָבנ יאטנ דערזענ, האָט זיכ יאטנ געדאכט:
עס טראָגט א לאווע זיכ, א לאווע פונ טשוהונ,
די דאָמנע שפּײַט
און אין איר ווילדנ שפּײַענ
לי־טשאנעס האנט—א רויטע שטיק טשוהונ,
ער רײַסט,
ער שרײַט
און קאָנ זי ניט באפרײַען — — — —

ניינ. ס'רעדט לי־טשאנ גאָר איצטער ניט פונ דעם,
גאָר ניט אזוי האָט ער זײַנ האנט פארלאָרנ,
ס'דערציילט לי־טשאנ גאָר וואָס ער האָט געזענ
אינ יענע ווילדע שוידערלעכע יאָרנ.

און פאר די אויגנ פלאמט א שײַטער אופ,
און איבער אים—אפ שטאנגענ אויסגעצויגנ
סע רײַסט און ראנגלט זיכ און סמאליעט זיכ א גופ
און ס'פלאצנ אופ די שמאָלע קאָסע אויגנ...

שטיל. פארוואָס איז מיטאמאָל געוואָרנ שטיל?
נו, זאָל א צווייטער עפּעס וואָס דערציילנ,
זאָל עמיצער פארטרײַבנ דעם געבריל
עס זאָל די נאכט אזוי ניט ברוילנ...

שטיל. פארטײַעטע מע שפארט זיך צו די ווענט,
די קלײנע פײַערלעך—זיי הערן אופּ צו גליִען,
און ווי מע וואָלט זיך פאר דער נאכט פארשעמט —
פארניוורעטע די קעפּ צווישן די קניִען — —

האָט מיכײַלע זיך א שטעל געטאָן פון אָרט
ארויס פון אונטער דאך,
א קוק געטאָן אין שווארצקײַט פון דער נאכט
א ריס געטאָן דעם קאָפּ
דעם מויל צעקרימט
און מיט א כ־כראק
א שניט געטאָן דעםווינט
— Эх мать раз их так!

א סאָפּ!
אן עק!...

האָבן יאטן זיך א ריס געטאָן פון שלאָפּ
און מ'איז אוועק...

און ווידער האָט דער ווינט געטראָגן איבער קעפּ
טומפּיקע, פארטויבטע קלעפּ.

.5

שטורעמט דער ווינט. עס געוועלטיקט ארום דער נאָרד־אָסט.
ס'האָט די נאכט זיך צעראשט. ס'האָט די נאכט זיך פארשיקערט.
פינף קאָמסאָמאָלצעס —
און קיינער פארלאָזט ניט זײַן פּאָסט
און ס'רײַסט דער שטורעם שטיקער.

פינף קאָמסאָמאָלצעס—און יעדער אליין אין דער נאכט
פאלן די קלעפּ און רופן זיך כאוועריש איבער,
ווערט ווארעם אזוי
און עס פלאָנטערט אין קאָפּ זיך
און ס'דאכט

עס גייען די וואכטעס!
ס'מארשירן קאָלאָנעס!
עס לאָזן זיך שטיבער!

און אלע אהער! צו דער דאָמנע!
פארפלייצט איז מיט פאָנען דער שליאך —
נאכט!...

און עס שטייט אפּ א לייטער לי־טשאן.
אן אײַזערנער שרויפּ ליגט פארפרעסט אין פארשטשירעטע ציין,
ס'גיט זיך פלינק אזא שאָקל דער קאָפּ
און עס שטעקט שוין דער שרויפּ אין דער וואנט
און עס גיט זיך א הייב און א פאל זײַן געמאָסטענע האנט —

ס׳גייט ל־טשאנ אינ געוועט.
ס׳גייט ל־טשאנ אינ געוועט מיטנ ווינט,
ס׳גייט ל־טשאנ אינ געוועט מיט דער נאכט,
אינ געוועט מיט דער אײַזערנער וואנט —

זאָל ויסנ דאָס לאנד,
עס דארפ ויסנ דאָס לאנד זיינע זינ
ס׳גייט ל־טשאנ אינ געוועט
מיט זײַנ לעצטער אייניינציקער האנט.

.6

פינפ פארטאָג.
ערגעצ־ווּ עפשער גרויט א באגינעג.
אז ווי לאנג קענ זיכ ציִענ א שלאכט
דורכ דער נאכט?
האָט די דאָמנע פארלאָזט
דער צעדולטער נאָרד־אָסט
ערגעצ־ווּ זיכ אנ אָפרו געפינענ
פינפ באנאכט.
וועלנ יאטנ איצט פירנ א שלאכט
מיט דעמ שלעפעריק־גרויענ באגינענ.

הירשל רודאַי.

# א בריגאַדע.

1

גייט א קינדער־גאָרטן־בריגאַדע אין א שטאָטיקן סאָד.

— וואָס זײַט איר געקומען, קינדער?

די לערערקע, וועלכע האָט צו־גרינגע פיס פאר איר וואָגיקן קערפּער און צו־יונגע אויגן פארן געזעצטן פּאָנעם, גיט פלינק א ווונק:

— נו, שלײמקע, דער כאַווער פרעגט, נאָך וואָס זײַנען מיר געקומען.

שלײמקע קוקט אף דער לערערקע און ענטפערט דעם כאַווער:

— מיר זײַנען געקומען העלפן.

דער פארוואַלטער איז אָבער פארנומען. די ארבעט איז אין סאַמע ברען.

— אן אנדער מאָל, קינדערלעך.

קוקט שוין שלײמקע דעם כאַווער אין די אויגן:

— מירן קיין עפּל ניט עסן, מיר זײַנען שלאָגלער.

דער פארוואַלטער האָט פארוואָרפן א קאָפּ מיט געלעכטער. עס צעלאַכט זיך די גאַנצע בריגאַדע קינדער. די לערערן איז אָבער ניט צופרידן. ס'איז דורכגעפאַלן דער „מאָמענט". ניט אזוי האָט מען פּלאַנירט. וואָס איז אים עפּעס אײַנגעפאַלן לאַכן.

— נו, קינדערלעך,—האָט דער פארוואַלטער פאנאַנדערגענומען ברייט די הענט, ווי ער וואָלט זיי אַלעמען וועלן צו זיך ארײַנשארן,—זײַט איר שלאָגלער, איז קלײַבט!

די קינדער האָבן זיך צעשאָטן אין סאָד, כאָטש קלײַב זיי אין די קאָשיקעס.

און איצט, ווען עס גייט א דעקאַדע פון קאַמף פאר בולבע, פאר גרינס, ברענגען בריגאַדעס זייערע אָפּרו־טעג צום סאָווירט „בודיאָני".

די ערשטע בריגאַדע פון מעטאַל־זאַוואָד האָט זיך אָפּגעשטעלט, געכאַפּט א קוק אפן פעלד: א יאַם!

— האָט מען זיך דאָס צעזייט אביסל! האָט מען דאָס אביסל א וואַקס געטאָן! ווו נעמט מען דאָס הענט, און א וועטער איז הײַנט א פּאַסקודנער.

— כאַווײרים,—איז ארויס דער בריגאַדיר,—דער סאָווירט „בודיאָני" האָט איבערגעפילט דעם פארזיי־פּלאַן אף 44 פּראָצ.—איז פאָ אודאַרנאָמו!

האָט מען זיך ארײַנגעריסן אין פעלד מיט מענטשן, מיט הענט, מיט ענטוזיאַזם. א שאָ האָט מען געארבעט אין די מאַנטלען, דערנאָך האָט מען אויסגעטאָן די רעקלעך, דעם טאָג האָט מען שוין געענדיקט אין פאַנאַנדערגעשפּיליעטע העמדלעך. ארומגעקוקט זיך: ווער האָט דאָס אזא שטיק פעלד אײַנגעשלונגען? ס'איז נאָך פארבליבן אסאַך. אָבער דאָס, וואָס מע האָט אָפּגעטאָן, איז שוין אונדזערע.

אפּמאָרגן איז געקומען דער „באָלשעוויק", נאָך אים — „קארל מאַרקס", און הײַנט האָבן א רו־טאָג דרײַ קורסן פון ייִדפּעדטעכניקום. האָבן זיי זיך אין סאַמע פרימאָרגן אָפּ

געשטעלט באַם וועלדל. א ווײַלע האָט מען זיך צעשאָטן ווער־ווהין... באַלד האָט זייצעל א פאָך געטאָן אין לופט מיט זײַן לאַנגער דאַרער האַנט:

— אַפ דערופ האָט איר דאָך געקאָנט אינדערהיים זיצן.

זייצעל האָט צו שווארצע קינדערשע אויגן, דער פּאָנעם — א לענגלעכער, — די באַקן אײַנגעסמאָקעט אין די ציין, די האָר ליגט אים אַפּן קאָפּ פאַרדרייט, ווי א קאַטשאַן־קרויט, נאָר אַפּן שטערן הענגען אַראָפּ אויסגעדרייטע לאָקן־עקעלעך. איידער זייצעל הייבט נאָך אָן ריידן, לאַכט זיך שוין, ווײַל אָדער ער זאָגט באַלד א וויץ, און רעדט ער ערנסט, קריכט אים דער וויץ פון די פינגער, פון שטערן, פון ניטדערוואַקסענעם קעלכל.

— איז, כאַווײַרים, — שרײַט ער, — האָבן מיר, הייסט עס, די וועג געמאַכט אָנשטאָט צוויי — אין אָנדערהאַלבן שאָ, אָט דאָס איז פיס פאַר א פיאַטילעטקע! נאָר איך זע עפּעס קיין פעלדער ניט, צי וועט מען אונדז אקאָרש ניט געבן דאָ א קנעלונג.

דער פיזיק שטייט צווישן אַלע לערער, און — מיט זיך אַליין און — מיט זײַן „מיילע וואָס מע רעדט, אָבער וואָס איז דער סייכל?“. ער גראָבט מיטן דינעם שטעקעלע אין דער ערד, קוקט אין דער טיפ אין גריבעלע, פון דער היילער קאָפּ שפּאַרט אַרויס א מינג בערגל, וועלכע ווײַזט, אַז דער קאָפּ איז בא אים אָנגעשטאָפּט מיט א קויב. ער רעדט מערער צו זיך, און אויב עמיצער וויל, קען ער הערן: — אַז וואָס איז דער סייכל? מע פאַר־טערט אונדזער צײַט און די צײַט פון די סטודענטן אַפּ אַזאַ אַרבעט, אַפּ וועלכער מע דאַרפּ נאָר 10 פינגער, וועלכע זאָלן זיך באַוועגן.

— ווער ווייס, וועגן וואָס עס טראַכט אונדזער פיזיק, — גיט א פרעג זייצעל.

— וויל ער דיר אַרײַנשפּאַרן אין קאָפּ אָמס געזעצ, אַפּאָנעם, טאָ זאָג אים, אַז ס'איז אומזיסט זײַן טירכע.

פון פעלד גייט איינער אין א רימענקע מיט גיכן און געמאָסטענעם טראָט. און נאָך אים שפּרינגט אונטער און יאָגט אים נאָך דער פּראָפקאָם.

— צעשטעלט זיך, — גיט זייצעל א קאָמאַנדע.

ס'האָט זיך אויך גערירט דער לערערישער קרײַז. דער כאַווער אין רימענקע האָט א פרעג געטאָן:

— וויפל זײַט איר?

— 120, און נאָך נײַן לערער!

נאָכן טראָט און נאָכן וואָרט האָט מען דערקענט, אַז ער איז א שטאָטיקער און עפּשער א 25־טויזנטיקער, האָט מען זיך געלאָזן נאָך אים, אונטערלויפנדיק און הינקענדיק אַפּ דער צעגראָבענער פעלדישער ווייכקײַט.

דער פאַרוואַלטער האָט א ווײַטן קוק געוואָרפן אַפּ דעם אויסגעליידיקטן פעלד, א קוק געטאָן אַפּ דעם נידעריקן פעלד, ווו עס באַוועגן זיך ווײַסע טיכלעך, האָט עפּעס פאַר זיך אין קאָפּ אָפּגעוויגן.

— יאָ, מע קאָן זאָגן, אַז הײַנט פאַרענדיקן מיר, אײַער נאָרמע איז ביז יענעם ביי־מעלע, — האָט ער זיך געווענדעט צו דער בריגאַדע און איז אַראָפּ אין דעם נידעריקן פעלד.

— כעוורע, — זאָגט זייצעל, — ניט אָפּשטיין פונעם אַרבעטער־קלאַס, דערלאַנגט טעמפּן!

דער אַגראָנאָם פון טעכניקום האָט א מעסט געטאָן זייצעלן פונגנטן ביז אַרופּ:

— איר, כאַווער זייצעל, האָט ווען געאַרבעט אַפּ א פעלד? מאַכט פריִער, וואָס מע האָט אײַך אַרויסגעגעבן.

— כאַווער אַגראָנאָם, איר גלויבט ניט אין די קויכעס פון פּראָלעטאַריאַט. ווער איז פאַר 130 פּראָצענט? שטימט. אָנגענומען.

האָט מען זיך צעשאָטן בריגאַדעסווײַז און גענומען זיך צו דעם פעלד. פון אָנהייב טאָג האָט מען געאַרבעט מיטן גאַנצן פרישן קויעך. אין קאָפּ איז איין גלאַטער געדאַנק — פעלד. עס האָט זיך געוואָלט, אַז די קראַפט פון קערפּער, פון די ביינער זאָל אַריבער אין די

הענט, זאָל שוין קלאָר זײַן, אז מיט די 130 פּראָצענט איז מען זיכער. אין דער בריגאדע פון ערשטע־קורסניצעס זײַנען אין א סעגל געזעסן דרײַ הוילע לערערישע קעפּ. דאכט זיך, אז בא זיי האָבן זיך אויסגעפּרעסט די קנייטשן אפּ די פּארטראכטע לערערישע שטערנס. דער טאָג איז געווען א לעבלעכער, א שטילער, אָן זון. א טאָג, וואָס מע פּאטערט אראָפּ און ער פארגעסט זיך. אפן שטילן פעלד, אונטערן גלײַכגילטיקן וואָלקן איז צעשאָטן א בריגאדע, מיט הענט, מיט ארבעט פאר 130 פּראָצענט!

נאָך א פּאָר שאָ ארבעט האָבן די הענט זיך געבעטן א ווײַלע אָפּרוען, און דערנאָך, ווידער, ווי פריִער. די קארטאָפל־שווערע אײַזערנע קוילן—נעמען זיך ניט אין די קאלטע, טעמפּע פינגער, און דאָס בוימעלע איז נאָך א ווײַטע, א דינינקע, אָן עלנטע.

זייצעל גיט א קוק אפּ די איבעריקע בריגאדעס, און ס׳דוכט, אז זיי פּויזען גאָר אפּ צוריק. זײַנע קינדערשע אויגן ווערן עלטער. ער קוקט אפן אגראָנאָם, גלײַך ער, דער אגראָנאָם, איז אין אלץ שולדיק. זייער בריגאדע פון ארבעטער־קורס ענדיקט שוין באלד די נאָרמע, די איבעריקע—נאָך ניט. בא זיי איז א דורכרײַס.

— מען דארף זיי העלפן, לייגט פאָר זעלצער.

— זיי זײַנען צוגעשטאנען די קורסאנטן־סעמילעטשיקעס. — דערפאר קנאקן זיי די פאָרמולעס, ווי ניס.

— וואָס פאר א דינגען זיך?—זאָגט זעלצער—צו פינף אין א בריגאדע!

פינפלינגען פון דעם ארבעטער־קורס זײַנען צוגעשטאנען צו די שוואכע בריגאדעס. אין די בריגאדעס איז פריילעכער געוואָרן. זייצעל האָט א שלײַדער געטאָן דאָס היטל אפּ דער ערד, אראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם רעקל, א בייזן ־קוק געגעבן אפן אגראָנאָם.

— עי, דובינושקא, נאשא וויאלא! — און א זעץ געטאָן זיך אפּ די קני ארבעטן. בא דער זײַט איז געשטאנען זיגמאן.

— וואָס, כאווער זייצעל, עס גייען טעמפּן?

— א מעכײַיע, כאווערטע זיגמאן, לעבן זאָל דער פּראָלעטאריאט! מיט די נײַע לערערקעס!...

צום בוימעלע רוקן זיך די בריגאדעס מיט ארבעט און זאטער האָרעוואניע. עס זעט זיך שוין די קאָרע, דאָס בוימעלע איז שוין גאָרניט אזוי עלנט, ווי פונווײַטן. א פויער גייט דורך דאָס ליידיקע פעלד מיט א פארקירצטן וועג און שטעלט זיך אָפּ.

— מעגסט גיין, — שרײַט צו אים זייצעל, — ס׳איז שוין ליידיק! לייג א וועג, מע האָט דערגרייכט ביזן בוים.—און מע איז געבליבן שטיין.—וואָס? געענדיקט?

א סאָווירטניק וואַרט אָפּ די בריגאדע.

— נעמט מילך!

— יאטן, מילך! איר הערט? מילך!

קאלטע מילך האָט זיך צעגאָסן איבער אלע גלידער. זיצן גרופּעס רויִק. מע רײַבט אראָפּ די פארטריקנטע ערד פון די קליידער, מע וואַרפט זיך איבער מיט ווערטלעך ניט פאר־טראכטערהײַט. זיצן גרופּעס, קוקן אבי־וווהין און הערן זיך צו, ווי ס׳פליסט דער אָפּרו אין די שווערע הענט און פיס.

— נו, פּראָפקאָם, זעסט,—ווײַזט זייצעל אפּ דעם אויסגעגראָבענעם פעלד,—פּארפּעטשא־טעווע זיך דאָס אפן שטערן: אז מע וויל און מע אָרגאניזירט, זײַנען פּעדטעכניקומצעס אויך ניט קיין יאָלדן.

— איז דאָך, אז מע וויל און מע אָרגאניזירט,—וואַרפט מענדל צו פון דער זײַט.

דער פּראָפקאָם איז רויט געוואָרן.

— דו, כאווער, ביסט א נײַער, און ווייסט אפילע ניט, וואָס א פּראָפקאָם דארף טאָן. ס׳איז צוגעגאנגען ליפּאק פון ארבעטער־קורס.

— וואָס זיצט מען, כעווערע? ס׳איז דאָך שוין באלד נאָכן טאָג.—ער האָט זיך געזעצט לעבן מינדעלן.—אָט דאָס,—ווײַזט ער אפן פעלד,—איז בא מיר קיין אינטערעס ניט.

גלאוונע איז, וויפל העכער פון די הונדערט. אפנ זאוואָד איז אויכעט אזוי, קוקסט מערער אפ די דעסיאטיטשנע, הונדערט, איז ניט־מילכיק, ניט־פליישיק, העכער פון הונדערט, אָט דאָס איז דאָס די עמעסע פראָצענטנ.

די גאנצע בריגאדע האָט זיכ געלאָזנ אהינ, ווו עס האָבנ געארבעט די קאָלווירטניקעס. אונ ס'האָבנ זיכ באלד צונויפגעמישט טעכניקומצעס מיט קאָלווירטניקעס, גלאטע לערערישע קעפּ מיט ווייַסע פאטשיילקעס. דער סאָווירטנער גלאָק האָט זיכ לאנגזאמ צעוויגט איבערנ פעלד. איז מענ אוועק אינ קיכ, ווו אפ די טישנ האָט זיכ שוינ געדרייט א פארע איבער די גרויסע שיסלעכ בולבע.

די בריגאדע איז ארויס פונ קיכ, באגלייט פונ כאווערישע בליקנ. אינ הימל האָט געברענט א פארנאכט אונ געצונדנ די ברעגנ פונ וואָלקנ, וועלכער האָט אינ זיכ געקליבנ נאכט. עס האָבנ ארויסגעקוקט שטיקלעכ בלויער הימל. באמ שייַער שטייט א גרופּע אינ פייַער פונ טאָג־פארגאנג. העכ, זיכ דאָס אויסגעפּאָהאָדעוועט אנ אָוונט!

— מיר גייענ!—האָט דער פּראָפּקאָמ א רופ געטאָנ.

איז די בריגאדע אוועק אינ שטאָט איבער דעמ וויכנ אונ ליידיקנ פעלד, ווי די פיס אליינ האָבנ נאָר געוואָלט. פונ שטאָט האָבנ זיכ שוינ געזענ די רישטאָוואניעס. עס האָבנ עלויכטנ די ברייטע שויבנ פונ דער נייַער אינסטיטוט־געבייַדע.

זעלצער האָט זיכ ארייַנגעכאפּט אינ אינסטיטוט אָפּגעבנ אינ פּראָלעטסטוד די יעדיִעס וועגנ הייַנטיקנ „שאבעסניק".

אינ דער נייַער הילכיקער געבייַדע, וועלכע ענדיקט זיכ דערבויענ, קלאפּט אנ ארבעטער מיט די הילצערנע סאנדאלנ אָנ דעמ געשפּריצטנ צעמענטענעמ דיל.

— זאלמענ,—שרייַט ער צומ ארבעטער, וואָס פּאָרקעט זיכ בא דער צענטראלער באהייצונג,—איכ בינ דורכגעגאנגענ אלע אוניווערסיטעטנ.

— יאָלד איינער, ווער זשע מיינסטו איז איצטער אינ די אוניווערסיטעטנ, אויב ניט א „נאש בראט".

דער ארבעטער אינ די הילצערנע סאנדאלנ האָט א שפּרונג געטאָנ פונ די לעצטע פיר טרעפּ אונ האָט זיכ אויסגעדרייט צו זאלמענענ.

— איכ קומ אָנ אפנ ארבפאק.

— האָ, האָ, דוסט נאָכ זייִנ א פּראָפעסער, פאר ווֶעמענ זשע האָבנ מיר אזא פּאלעץ געבויט.

— יעסט!—האָט דער ארבעטער אינ די סאנדאלנ א קלונג געטאָנ מיט די דלאָניעס אונ מיט דער האנט א שפּאר געטאָנ אינ טיר.

אפנ טיר איז געהאנגענ די סוואָדקע פונ דער „שניט־קאמפּאניע", אפ די ברייטע טרעפּ זייַנענ געשטאנענ צוויי ווייַסינקע אלטע פּראָפעסאָרנ, קליינינקע ווי פייגעלעכ.

— יע, הייסט דאָס כריסטיאנ כריסטאָפאָראָוויטש, אז קיינ לימודימ וועלנ ניט פּאָרקומענ.

— ניט פּאָרקומענ.—א באפעל פונ דירעקטער.

— הייסט דאָס, ווי פארשטייט מענ דאָס, — דרייט דער פּראָפעסער מיט א כיטרער קליינער הענטל אונ קוקט אריבער די ברילנ,—אז די סטודענטנ קלייַבנ בולבע... האָבנ מיר, הייסט, דאָס דאָ ניט וואָס צו טאָנ.

זיי זייַנענ מיט קליינע פיסלעכ געגאנגענ אראָפּ די טרעפּ, לעבנ דער „סוואָדקע" האָבנ זיכ געשטעלט זעלצער אונ א כאווער פונ פּראָלעטסטוד. זיי האָבנ ארויסגעפירט א נייַע שורע גרויסע אויסיעס: — דער ייִדפּעדטעכניקומ... אונדזער בודיאָני... 129 מענטשנ... — 186 ארבעט־טעג.

2

כײַימ זעלצער איז געקומענ פונ ארמײ צו זיכ אינ שטעטל, דאָס שטעטל האָט אימ אופגענומענ ווארעמ.

— אָ, כײַימ, ווענ דו קומסט מיט א פאָר וואָכנ פריִער, ביסטו ווידער אונדזער פרעדסעדאטעל.

כײַימ האָט דורכגעשניטנ דעמ מארק, אראָפגעלאָזנ זיכ אפ סאָוועטסקע. די שול האָט זיכ ערשט אָנגעהויבנ בויענ, אונ ער האָט געמײנט, אז ער וועט איר שוינ זענ א פארטיקע. א נײַס איז פאר אימ געווענ דער קינדער־גאָרטנ אונ דער קינאָ אינ סאָד.

— א ווילער יאט דער פאָרזיצער, אזא קורצע צײַט אונ געוויזנ ארבעט.

מיטאמאָל האָט ער זיכ א כאפ געטאָנ, אז שוינ דריטער טאָג, ווי ער וואלאנדעוועט זיכ דאָ ארומ, ווי גאָר א זײַטיקער בירגער, האָט ער זיכ געלאָזנ צומ סאָוועט, אונ גלײַכ צומ פאָרזיצער.

— נו, ברודער, גענוג ליידיק ארומגײנ, מיט וואָס ביסטו געקומענ פונ רײַקאָמ?

אזא אימפעט איז געווענ פארנ פאָרזיצער אומדערווארט אונ דעריבער האָט ער אײַנגעגראָבנ דעמ קאָפּ אינ פאָרטפעל, געזוכט א פאפירל, געפונענ אונ ווידער געזוכט. אז ער האָט אינ רײַקאָמ געזאָגט, אזא כעוורעמאנ, ווי כײַימ איז נײטיק אינ שטעטל, איז זאָל ער אלײנ פאָרנ אינ רײַקאָמ. דער פאָרזיצער האָט אימ באוויזנ דאָס פאפירל וועגנ ווערבירנ סטודענטנ אינ פעדטעכניקומ.

— אינ רײַקאָמ האלט מענ, אז מע דארפ שיקנ א פעסטנ כאווער, כײַימ פארשטײט, אז מע דארפ א פעסטנ כאווער, אָבער וועמענ?

— ווענמענ? די־ קענ מענ שיקנ.

— ווענמענ, מיכ? מיכ פאר א לערער?

כײַימ האָט געקוקט אינ צעטל, געפירט מיט די אויגנ איבער די שורעס אײנמאָל אונ נאָכאמאָל.

— איכ פאָר.

— אינ רײַקאָמ?

— אינ פעדטעכניקומ. — ער האָט זיכ ראפטומ א קער געטאָנ צומ פאָרזיצער: — אונ די שול זאָלסטו ענדיקנ. ס'וועט נאָכ אראָפפאָרנ צו דיר אזא מינ לערער, ווי איכ.

שפּעטער האָט מענ דורכנ פענצטער פונ שוסטער־ארטעל געקוקט, ווי עס שפּאנט א מענטש אינ א מיליטערישנ שינעל מיט א קעסטל אפנ רוקנ. מע האָט געקוקט ביז די קעסטל האָט זיכ פארקירעוועט אפנ שליאכ, ווו עס הײבט זיכ אָנ גרינס, פעלד אונ וועג.

ער האָט דורכגעשניטנ דעמ וועלדל אונ ארויס אינ פעלד. א פעלד — א וועלט. דער גאנצער הימל — אפנ פעלד. אײנער אלײנ אינ אזא וועטער קײַלעכדיקער שטילקײַט, כאָטש רײד צו דער גאנצער וועלט. א פעלד אזא, שוינ דריטער יאָר א קאָלעקטיוויזירטע. האָט עס הײַאָר דערלאנגט אביסל סנאָפּעס!

די זונ ווארעמט, גלעט אונ לײַטערט אויס. ס'הערט זיכ, ווי די זונ רינט אינ לײַב. פונ זיכ אלײנ קוועלנ געדאנקענ, קוועלנ אונ בינדנ קלאָרע אונ זוניקע. הינטערנ וועלדל איז באהאלטנ דאָס שטעטל. אונ וועט ער אינ א פאָר יאָר ארומ פאָרנ מיטנ וועלדל צוריק, וועט ער גאָר זײַנ א לערער. מע שיקט, דארפ מענ פאָרנ. אינ קעשענע ליגט א קאָמאנדירונג פונ קעמערל. די שטאָט האָט געפאָדערט — ווערבירנ. אונ זאָל אימ דאָס קעמערל, אשטײגער, הײסנ: כײַימ, נא דיר א קאָמאנדירונג אינ עק וועלט, איז ווי ער שטײט דאָ מיט די פעקלעכ — איז אפנ סטאנציע אונ פארקערעוועט. עכ, ווענ מע דערלאנגט דיר א זאָג אינ רײַקאָמ: פאָר אינ ווארשעווער רײַאָנ אפ דער פארזײ־קאמפּאניע.

כײַימ האָט זיכ א ריס געטאָנ פאָרויס, פעסטער פארוואָרפנ אפ זיכ דאָס קעסטל אונ אוועקגעשפּאנט מיטנ סטעזשקע צו דער סטאנציע. אפנ סטאנציע האָט אימ געטראָפנ דער

בוכהאלטער פונ ארטעל, וועלכער האָט הײַאָר מיט דער צושוויַיגנדיקער האסקאָמע פונ שווער אָנגעהייבנ שרײַבנ שאבעס.

— דו פאָרסט טאקע פאר א לערער?

— פאר א לערער.

— וואָס איז דער טאכלעס?

— מע דארפ האָבנ לערער.

— כ׳פארשטיי, אָבער וואָס איז דאָס פאר א טאכלעס?

— בוכהאלטער, פארבלײַבט...

אפמאָרגנ אינדערפרי איז ער אינ טעכניקום געקומענ צום דירעקטער.

— פארוואָס אזוי שפעט?

— מיט פיר טעג צוריק פונ ארמיי געקומענ.

— וואָס איז אײַער ארבעט?

— א שמיד.

— סטאזש?

— 7 יאָר.

— איז ווי אלט זײַט איר?

— 25 יאָר.

— הייסט דאָס, אז אנ ערעכ צו 18 יאָר האָט איר אָנגעהויבנ ארבעטנ.

— ניינ, פונ צוועלפ, דרײַ איבערוואלנ בינ איכ געוועזנ פאָרזיצער פונ שטעטלדיקנ סאָוועט און צוויי יאָר אינ ארמיי. דער דירעקטער האָט אינ קאָפּ געמאכט דעם כעשבנ. עס שטימט. אלע איבעריקע פראגעס זײַנענ שוינ איבעריק. די קאנדידאטור איז שוינ, ווי מע זאָגט, צו גוט. נאָר קעדיי ניט ארויסווײַזנ דאָס, האָט ער פונ יויצע וועגנ אים געשטעלט נאָכ עטלעכע פראגעס.

— איר זײַט, פארשטייט זיכ, אָנגענומענ — און האָט אים געגעבנ א צעטעלע אינ צוזאמענוווינונג.

אליינ איז ער געבליבנ זיצנ. געקוקט אינ זעלצערס אנקעטע און געהאט סטאם אזוי האנאָע פונ אזא אנקעטע. אז ס׳איז ארײַנגעגאנגענ דער פארוואלטער פונ לערנ־טייל, האָט ער אים געוויזנ די קאָמאנדירונג און די אנקעטע, וואָס זעלצער האָט דאָ אויסגעפילט. ביידע האָבנ זיכ כיטרע איבערגעקוקט. מישטיינס געזאָגט, אזא האָט שוינ געקענט גיינ ניט דאווקע אינ א פעדטעכניקום.

— האָבנ מיר, הייסט דאָס, אינ דער ארבעטער־גרופע 25 סטודענטנ, עס וועט א הויב טאָנ דער אווטאָריטעט פונ טעכניקום.

אינ צוזאמענוווינונג איז געפאלנ דער טומל. די סטודענטנ האָבנ זיכ ארײַנגעקליבנ אינ די צימערנ, ווי אינ וואגאָנעס. אונטנ אפנ וועשלקע הענגט אנ איינונייַנציקער קאוואלע־ייִשער שינעל. דער קאָמענדאנט האָט אָנגעקלאפט אינ טיר.

— כאווער, אפ אנ ארמייִשנ שינעל קענ זיכ אויכ געפינענ א באלנ. זײַט מויכל, נעמט אימ צו זיכ.

3

דעם ערשטנ טאָג איז די ארבעטער־גרופע געזעסנ אפ די לעקציעס און געהערט די לעקטאָרישע ארײַנפיר־ווערטער: „טעמע”, „פלאנ” האָבנ זיכ געדרייט, געהאנגענ אפ די אויערנ, אָפּגעריסנ זיכ און צעפלויגנ מיטנ קלונג פונ גלעקל. א האפסאָקע. און ווידער א לעקטער, אנ ארײַנפיר, און ווידער געהערט. פונ די וואָכעדיקע אָנצוגנ זײַנענ ארויסגעהאנגענ און האָבנ זיכ געוואלאנדעוועט לאנג פוסטעפאסנע הענט. די פלייצעס האָבנ ניט געפונענ דעם גלײַכגעוויכט אינ די שטולנ. דאָס לערנענ, האָט מענ געזאָגט, וועט זיכ אָנהייבנ מאָרגנ אינ

די לאַבאָראַטאָריעס. אונ מאָרגנ איז געקומענ דער לערער. ער האָט גערעדט אונ געהאַלטנ אינ האַנט א פּעקל גילזנ־פּאַפּיר מיט אָנגעהאַקטע בלויִנקע אויסיעס. צום סאָפ האָט ער צעטיילט די אויפגאַבע נום. 1.

פאַרוויַז האָט מענ מיט פינגער אונ מיט אויגנ געפּויזעט איבער די בלויִנקע שורעס.

— דו פאַרשטייסט דאָ עפּעס?

— ניט מער פונ א טויטנ.

דער לערער איז שוינ אינ קלאַס ניט געווענ. שלוימע האָט ארויסגענומענ דעמ קאָפּ פונ די הענט, אויפגעהויבנ די פּלייצעס אונ געשטעלט זיכ.

— יאַטנ, איכ ווייס, וואָס דאָס איז.—דער גאַנצער קורס קעפּ האָט זיכ א קער געטאָנ צו אימ—דאָס איז די נאָרמע. איר פאַרשטייט...

— איכ פאַרשטיי,—זאָגט לעווינ,—אָבער ווי מאַכט מענ די נאָרמע.

ס'איז אריַינ ריוולינ, דער לערער פונ מאַטעמאַטיק. מאַטעמאַטיק האָט מענ ליב, כאָטש עס איז שווערלעכ. גליַיכ האָט מענ איבערגעבויגנ די העפטנ, פונ די פינגער האָבנ ארויס־געשטעקט נייַע גלאַנציקע, זעקסקאַנטיקע שמעקנדיקע בליַיפעדערס. די אויגנ זיַינענ געווענ אפנ שוואַרצנ טאַוול, ווו ריוולינ האָט געצויגנ א שנור וויַסע אויסיַלעכ אונ ציפערנ. פונ טאַוול זיַינענ די פאָרמולעס אריַינגעשפּרונגענ אינ די העפטנ.

ווענ מענ האָט איבערגעשריבנ די אויפגאַבעס, טוט שליימע א פרעג:

— כאַווער לערער, ווענ וועט איר אונדז ארויסגעבנ די נאָרמע?

ריוולינ קוקט אונ פאַרשטייט ניט.

— אָט דאָס, וואָס מענ האָט אונדז ארויסגעגעבנ אפ דער פאַבריקער לעקציע—וויַזט לעווינ די אויפגאַבע.

— א, די אויפגאַבעס,—שמייכלט ריוולינ,—מיט די אויפגאַבעס וועלנ מיר נאָכ אביסל צוּוואַרטנ.

שפּעטער איז מענ געזעסנ אינ לאַבאָראַטאָריע, מענ האָט געקוקט אינ דער אויפגאַבע אונ געקערט די זיַיטלעכ.

— וואָס קערסטו גיכ די בלעטלעכ? דאָס ווייסטו שוינ?

— קיינער ווייס ניט.

נאָכנ גלעקל האָט לעווינ געזאָגט צומ קורס:

— כעווריע, וואָס וועט זיַינ? מיר לערנענ אונ ווייסנ גאָרניט.

— וואַרט, מענ האָט דאָכ ערשט אָנגעהויבנ.

— וואָס וואַרטנ? גלאַט זיצנ, מיר זיַינענ דאָכ ניט קיינ קינדער.

— מענ דאַרפ גיינ צומ דירעקטער.

דריַיענ זיַינענ אוועק צומ דירעקטער.

— כאַווער דירעקטער, עס גייט בא אונדז ניט דער לערנענ, די יאַטנ זיַינענ ניט צופרידנ.

— וועלכע לימודימ?

— אלע, אויסער מאַטעמאַטיק אונ געזעלשאַפטקענטעניש.

— מיט די לערער האָט איר גערעדט?

— גערעדט, זיי זאָגנ — ס'איז געווענ אנ אריַינפיר, מענ האָט אָנגערעדט, אָנגערעדט, ס'איז אינ איינ אויער אריַינ, פונ צווייטנ ארויס.

דער דירעקטער האָט צוגעזאָגט צונויפרופנ א פּעדראַט.

אפנ פּעדראַט זיַינענ געקומענ אלע לערער. יעדנ האָט אינטערעסירט, וואָס איז דאָס פאַר אנ עקסטרענער פּעדראַט, אז מענ האָט ערשט אָנגעהויבנ לערנענ. ארומ צוויי גרויסע פירקאַנטיקע טישנ איז געזעסנ געדולדיק אונ אויפמערקזאַמ דער פּעדראַט. דער דירעקטער מעלדעט, אז אפנ טאָג־אָרדענונג איז איינ פראַגע—אינפאָרמאַציעס פונ די לערער וועגנ דער לאַגע אינ דעמ ארבעטער־קורס.

— דאָס גאָר?—כאַפּט זיך ארויס בלאַנק,—קען איך גלייַך זאָגן.

— האָט צייַט, כ׳וועל אייַך געבן א וואָרט.

דער דירעקטער בעט, אז די לערער פון די איבעריקע קורסן זאָלן זיך אופמערקזאַם באַציִען, ווייַל ס׳איז א פראַגע פון גאַנצן טעכניקום.

— איר, כאַווער בלאַנק, האָט, דאַכט זיך, געוואָלט ריידן?

דער נאַטוראַליסט—א קלייניקער, א דאַרינקער. די גרויסע און ערנסטע ווייַסלעכע שפּאַרן בא אים פון די אויגן. עס דוכט זיך, אז זיי מאַכן זיך קיינמאָל ניט צו בא אים. דער קאָפּ איז פאַרוואָקסן מיט א גרויסער געלאָקטער בלאָנדער פּעטליע, וואָס מאַכט נאָך גרעסער און וואָגיקער זייַן קאָפּ אפ דעם גרינגינקן קערפּערל. פאַריכטנדיק מיט דער קליינער הענטל דעם שניפּס, אינפאָרמירט ער:

— מיט נאַטורוויסנשאַפט און ביאָלאָגיע זייַנען זיי ניט קיין פּאָר קליידער.

דער פיזיק האָט אופגעהויבן די אויגן פון שפּיץ שטעקעלע, מיט וועלכן ער האָט גע־דרייט אין דיל,—פיזיק ווייסן זיי אַבסאָליוט ניט,—און צוריק אראָפּגעלאָזן די אויגן.

— כעמיע,—זאָגט די לערערן,—דאַרפן זיי ווייניק וואָס וויסן, און ווייסן גאָרניט. לויט איר מיינונג זייַנען זיי צום טעכניקום ניט צוגעפּאַסט.

זאַלמען סאַמאָילאָוויטש, דער אָנגעזעענסטער לערער אין טעכניקום, ענטפערט אף דער פראַגע פון דירעקטער, ניט ענדערנדיק זייַן פּאָזע. ווי ער איז געזעסן אָנגעשפּאַרט אפן ווענטל פון שטול, דעם גראָבן פינגער—אין זשילעט, אזוי זיצט ער זיך און רעדט:

— קיין ליטעראַטור ווייסן זיי ניט, פון פערעצן הערן זיי אן ערשטן מאָל און אָט איז אייַך מיטאַמאָל סטודענטן פון יידישן פּעדטעכניקום.

די איראָניע האָט בא אים א שפּיל געטאָן צווישן די וואָנצן און אף דער איידעלער שפּיציקער בערדעלע, וואָס האַלט בא אים אין איידלען און זילבערן זיך. אף די בענק האָט מען זיך אָנגעהויבן שושקען.

— זאַלמען סאַמאָילאָוויטש זאָגט...

דער לערער פון ייִדיש, קלינג, זאָגט זיך ארויס אף אַלע ציצונגען, ער רערט שפּיציק און אַסאַך קעדיי גאָרניט זאָגן. ער האַלט אין איין טייַנען, אז שפּראַכן האָט מען געוווּסט אַמאָל.

— וואָס איז דאָ צו ריידן, מען נעמט מענטשן, מען רייַסט זיי אָפּ פון זייער מעלאָכע און מען הייסט זיי:—זייַט לערער. ערשטנס, האַלט ער, זייַנען זיי נאַראָנִים, וואָס זיי ווילן, אין פיר יאָר ארום וועלן זיי ניט פאַרדינען א העלפט, וויפל ביזן טעכניקום, און צווייטנס... צווייטנס ווייס ער ניט צי זיי ווילן טאַקע אַליין... איז וואָס? נאַטורוויסנשאַפט—ניט, פיזיק—ניט. רוסיש איז דאָך א מיצווע—ניט קענען, און מאַטעמאַטיק? דער לערער מוז אויך האָבן דעם עמעסן נאַכעס פון זיי.

— ווי איז אָבער דער קורס בא אייַך?—שלאָגט אים איבער דער דירעקטער.

— בא מיר? בא מיר זייַנען זיי מעכויעוו צו קענען.

עס רעדט דער לערער פון מאַטעמאַטיק, ריוולין: — פון קורס האָב איך טאַקע נאַכעס. זיי ווילן מיט אן עמעס וויסן, אינטערעסירן זיך.

די לערער קוקן, פאַרשטייען ניט, וואָס וויל ריוולין.

— אונדזער צוגאַנג צום קורס איז ניט קיין ריכטיקער: „אָט סיך פּאָר דאָ סיך פּאָר”.

— עס זייַנען ניטאָ קיין ספּעציִעלע פּראָגראַמען,—שלאָגט אים איינער איבער.

— דאַרף מען מאַכן. אַרבעטער קענען זייַן אינזשענערן, קענען זיי לערער אויך זייַן.

— בא אונדז איז ניטאָ קיין וורעדיטעליעס—וואַרפט מען פונערגעץ א רעפּליק.

— יע, זיי קענען זייַן לערער, — ענדיקט ריוולין, — און עפּשער נאָך בעסערע פון די, וועלכע מיר האָבן ארויסגעלאָזן.

דער דירעקטער האָט געגעבן א וואָרט דעם לערער פון געזקענטעניש—ליכטערן.

— ווען איך קאָן ניט אונדזער פעדראַט, וואָלט איך געמיינט, אז דאָ זיצן קאָנטר־רעוואָ־ליוציאָנערן (פון אלע אכט בענק האָבן זיך פאַנאַנדערגעעפנט אפ אים אויגן), אָבער די ארויסזאָגונגען ווײַזן אונדזער אָפּגעשטאַנענקײַט. טעמפּן, פראגן פון קאדרען האָבן נאָך די ווענט פון טעכניקום ניט דורכגענומען, דער ארבעטער־קורס איז א ניצאָכן פון טעכניקום. מיר דארפן אויסבילדן פון זיי ניט נאָר לערער, נאָר קאָמאַנדירן פון קולטורעלן פראָנט.

מער האָט קיינער קיין וואָרט ניט געבעטן. מע איז געזעסן יעדערער פאר זיך. דער פארוואלטער פון לערנטייל לייענט א רעזאָליוציע. קעגן איז קיינער ניט. די אופגאבעס זײַנען אנולירט, אין צוויי טעג דארף מען צושטעלן נײַע פלענער, זאלמאן סאמאָילאָוויטש איז גלײַך ארויס פון זיצונג—מען זאָל פארשטיין, אז די רעזאָליוציע איז ניט שײַך צו אים. די איבעריקע האָבן זיך אופגעהויבן פון די בענק, ווי אָפּגעשמיסענע. שווײַגנדיק האָט מען איינער דעם צווייטן אופגעוואַרט אין הויף. הינטער ריוולינען שטייט אפ זײַנע קליינע פיסעלעך בלאנק.

— איז וואָס, כ׳ ריוולין, דאָס וואָס מיר האָבן געלערנט איז אפן ווינט?

— אנולירט,—זאָגט קלינג.

ריוולין לייגט ארופ די האנט אפ בלאנקס פלייצע,—אויב איר וועט ניט איבערבויען אײַערע פלענער, וועט איר א גאנצ יאָר ריידן אפן ווינט. דער פיזיק גראָבט זיך מיטן שפּיץ שטעקעלע אין דער ערד און רעדט פאר זיך:

— די גאנצע צײַט שרײַט מען—לאבאָראטאָריעס, אופגאבעס, און הײַנט טויג דאָס שוין ניט.

— עס טויג, נאָר ס׳ווענדט זיך ווען און ווו.

— נו יע,—כאפּט אונטער קלינג,—קאסטאָרקע טויג, אָבער פאר א זאפּאָר.

אפ דער גרויסער האפסאָקע איז דער קורס געבליבן אין אודיטאָריע. גיביטש שטייט פון איין זײַט טאָוול און קינצלט קרײַזן, פון דער צווייטער זײַט—לייבע דער פּליטאָוור־שטשיק, א חויכער, א ברייטער און א פעסטער, וועלכן די טעכניקומצעס רופן „לייוויקס גוילעם“, שטייט און דערווײַזט זיך אליין א טעאָרעמע. לעווין זיצט נאָך איבער דעם העפט.

— וואָס, דו פארשטייסט דאָ ניט?—פרעגט אים שליימע,—מע דארף דאָ בײַטן די צייכנס.

— דאָס פארשטיי איך, אָבער איך פארשטיי ניט, ווען נוצט דאָס, לאָמיר זאָגן, אין לעבן, גלאט דרייען זיך, ווי א ראָד אין ליידיקן.

— דאָס פארשטיי איך טאקע אויך ניט, באלד ברענג איך אהער אונדזערע א שטעטל דיקע מיידל פון 2־טן קורס.

די צווייטע־קורסניצע, א קליינינקע, א יונגינקע, א קינד נאָך, האָט א קוק געטאָן אפ דער אופגאבע און גענומען פיקען מיטן קרײַד אין טאָוול גיך־גיך, ווי א הון אין גערשטן, דער גאנצער קורס שטייט ארום איר אין א האלבן קרײַז. שליימע קוקט אפ א־ר מיט זײַנע קליינע שמייכלדיקע אויגעלעך. ווי ערנסט ער זאָל ניט זײַן, שמייכלען בא אים די קליינע אויגעלעך אונטערן שטערן. אפ זײַן קײַלעכדיקער פּלייצע פלאצט די מיליטער־העמדל, זײַן פולער פּאָנעם איז צופרידן. עס לאכן זײַנע ביידע רײ׳ען ווײַסע ציינער.

— אָ, אָט דאָס איז געקענט.—אָט, דאכט זיך, גיט ער זי א כאפּ אין זײַנע גרויסע הענט.—מאָלאָדעצ, געמאכט, און מיר האָבן זיך א שאָ צײַט געמוטשעט און ערשט ניט געמאכט.

— ווארט,—זאָגט לעווין,—זאָל זי אָבער זאָגן, אפ וואָס דארף מען דאָס.

— וואָס הייסט אפ וואָס?—מע זאָל קענען, גוט קענען. אָבער אפ וואָס נוצט מען דאָס אין לעבן, אין דער פּראַקטיק—דאָס פרעגט מען בא אונדז ניט.

— מע פרעגט ניט? ביסט א קלוגע! און אליינ דארפסטו ניט וויסנ? ארויסלויפנדיק, האָט זי זיכ אָנגעשטויסנ אפ זייצעלנ מיט לייענ.

— וואָס ביסטו אזא רויטינקע? מע האָט דיר דאָרטנ געגעבנ פארע?

— אלצ ווילנ זיי וויסנ, אפ וואָס און אפ ווענ.

4

אינ זעלצערס בריגאדע איז א דורכרײַס: סימקע איז ניט געקומענ. זי איז פארנומענ. פאר זעלצערנ איז דאָס אָבער קיינ טערעצ ניט. מיט וואָס איז מענ דאָס פארנומענ, ווענ מע לערנט זיכ? דערצו איז זי דאָכ א קאָמסאָמאָלקע. נעכטנ איז זי ווידער ניט געקומענ, און הײַנט איז זי אפילע אפ די לעקציעס ניט געווענ. זעלצער האָט זיכ דערפרעגט איר אדרעס. ער האָט אָנגעקלאפט צו איר אינ טיר. מ'ענטפערט ניט. איז זי אפילע אינדערהיימ ניטאָ. האָט ער בייז א טראכט געטאָנ. ער האָט מיט קאעס א פרווו געטאָנ די טיר, ס'האָט זיכ געעפנט. איז ער ארײַנ אינ צימער און שטיינ געבליבנ... סימקעס קאָפּ שלאָפט אפ אירע הענט, וועלכע ליגנ אפ אנ אָפענעמ ביכל. דער צימער—א גרויסער, א קאלטער, א ליידיקער, א פאָר בענקלעכ, א בעט און אנ אלטמאָדישער גראָבער קאמאָד, די ווענט פארצויגנ מיט שאָטנ. פונ זײַט הערט זיכ פונ א לאָזע-בעטעלע אנ אומרויִקער, האסטיקער, קינדערשער אָטעמ. זעלצערנ איז שוינ אלצ קלאָר געוואָרנ. ער האָט זיכ צוגעזעצט. פלוצלונג טוט זי זיכ א כאפ:

— כײַימ, דו זיצט שוינ דאָ לאנג?

— ניינ.

— די מאמע איז אוועק?

— איכ האָב דאָ קיינעמ ניט געפונענ. בא דיר איז קאלט, סימקע.

— קאלטלעכ, כײַימ. מע וועט מיסטאָמע מאָרגנ ברענגענ האָלצ.

ס'איז ארײַנ די מאמע.

— נו?—פרעגט סימקע.

— גאָרנישט, אָנ דער טאָכטער וויל זי ניט געבנ.

זעלצער האָט פארשטאנענ, די מאמע איז געגאנגענ לײַענ האָלצ. סימקע האָט א טאפּ געטאָנ דאָס קינד.

— מאמע, ער שוויצט, דאכט זיכ.

— איכל נאָכ הײַנט ארײַנגיינ,—זאָגט זעלצער, און איז ארויס פונ צימער.

ער איז געקומענ צו לויפנ אינ צוזאמענוווינונג, צוגערופנ א פאָר כעוורע פונ קורס.

— יאטנ, מע מוז קריגנ האָלצ: בא סימקענ איז דאָס קינד קראנק.

— פאראנ אינ קורס א פאָר היגע, זײַנענ זיי אָבער אָנ פאמיליעס.

— שא,—זאָגט מינדעל,—ליפאקו! לויפ צו ליפאקנ, ער מוז האָבנ האָלצ. טאָמער ניט, קלינג אָנ, מירנ שוינ פונ אונטער דער ערד קריגנ.

זעלצער איז געקומענ צו ליפאקנ.

— דו האָסט האָלצ?

— א גאנצע שורקע.

— דו לאכסט?

— וואָס וווּנדערסטו זיכ אזוי? דאָס ווײַבל האָט נעכטנ באקומענ.

— איז גיב גיכער! בא סימקענ איז דאָס קינד קראנק.

— בא סימקענ? איכ האָב גאָרניט געוווסט, אז זי האָט א קינד. איכ האָב געמיינט, אז איכ בינ איינ טאטע אינ קורס. קומ אינ שטאל.

זיי האָבנ ארופגעוואָרפנ אפנ פלייצע צו בערעמיעס האָלצ.

— שטיי! א פרימוס האָסטו?

— ווי־זשעו!

— סאָלאָמאָנטשיק,—זאָגט ליפאק צו זײַנ ייִנגל,—טו אָנ דעמ מאנטעלע, דו וועסט אונדז אונטערטראָגנ דעמ פרימוס.

אוועקגעגאנגענ. ליפאק איז געבליבנ שטיינ אפנ גאס אונ זעלצער האָט זיכ אופגעהויבנ אפ די טרעפ, ער האָט פאמעלעכקע אָנגעקלאפט אינ טיר אונ פאוואָלינקע אוועקגעלייגט די האָלצ באמ אויוועלע. ארויס אונ געבראכט דאָס צווייטע בערעמיע מיט דעמ פרימוס.

— בא אונדזערע יאטנ געקראָגנ.

זעלצער האָט אונטערגעהייצט דאָס אויוועלע. ער קוקט דורכ די לעכלעכ פונ טירל, ווי עס פויזעט א פײַערל מיטנ בלויענ בײַכל אפ א שײַטל, ווי עס דרייט זיכ דורכ צענדליקער וועגנ דער פײַער אונ פארכאפט א שײַטל נאָכ א שײַטל. פונ א זײַט איז א יונגינקער פײַערל ארופגעשפרונגענ אפ א קאָרע, א ביס געטאָנ אונ ניטאָ. אָנגעכאפט זיכ אונ אראָפגעפאלנ. כײַימענ ווילט זיכ אימ אונטערהעלפנ. איז שוינ דער פײַער פונ אנ אנדער זײַט געשווומענ רויִק אונ פארגאָסנ דעמ שווארצנ שטיקל קאָרע. עס טרעשטשעט אינ אויוועלע, עס זעט זיכ שוינ קיינ האָלצ ניט. עס ליגט א גאנצער פײַער, אפולע אויוועלע פײַער. זעלצער האָט אנ עפנ געטאָנ דאָס טירל—א היצ האָט א שניט געטאָנ אינ פּאָנעמ.

— נו, גייט זיכ ווארעמענ.

דער צימער האָט אָנגעהויבנ אָפגיינ. ס'איז געוואָרנ ווייכער צו עטעמענ. דער קאמאָד האָט, דאכט זיכ, אויכ דערפילט זײַנע אלטע ביינער אונ האָט פריילעכער געגלאנצט מיטנ ברוינעמ לאק. סימקע איז צוגעגאנגענ צומ בעטעלע, מיט די ליפנ א טאפ געטאָנ דאָס קינד.

אינ אויוועלע האָט זיכ אויסגעהייצט.

— לייגט זיכ שלאָפנ,—זאָגט כײַימ.

— באלד, איכ וועל דיכ פריִער ארויסלאָזנ.

— מע דארפ ניט, איכ בלײַב נעכטיקנ.

זעלצער איז געלעגנ אפ די בענקלעכ אונ געסטארעט זיכ האלטנ אָפנ די אויגנ, ער זאָל ניט אײַנשלאָפנ. ער האָט געפילט זיכ שולדיק אנטקעגנ סימקענ. קיינער אינ קורס ווייס אפילע ניט, אז זי האָט א קינד. ער האָט געטראכט וועגנ קורס, וועגנ טעכניקומ. עפעס איז דאָרטנ, דאכט זיכ, ניט אזוי, ווי עס באדארפ זײַנ. אינ צימער איז ווארעמ, שטיל. פונ בעטעלע הערט זיכ א קינדערשער שלאָפנ. דאכט זיכ, אז דאָס קינד אָטעמט רויִקער.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

נאָכ דער ערשטער לעקציע גייט לייבע צו צו זעלצערנ.

— סימקע איז הײַנט ווידער ניטאָ.

— בא איר איז דאָס קינד קראנק. גיי בעסער צו נאָכ האָלצ אפנ סקלאד.

— איכ גיי.

— געלט אפ א פור האָסטו?

— ס'וועט זײַנ.

— אונ אפ האקנ?

— פליאָוואָיע דעלאָ.

דער גרויסער וואָגיקער לייבע, וועלכנ די טעכניקומצעס רופנ „לייוויקס גוילעמ", האָט זיכ געטראָגנ דורכנ קאָרידאָר.

— וווהינ לויפסטו?—פרעגט אימ מינדל,—דוסט דאָכ הארגענענ א מענטשנ.

— נישקאָשע.

— וווהינ איז ער דאָס אוועקגעלאָפנ, דער גידל?—פרעגט ליפאק זעלצערנ.

— נאָכ האָלצ פאר סימקענ.

— אימ שיקט ער נאָכ האָלצ, געפונענ א בעריע.—מע דארפ זאָגנ דעמ דאָקטער, אז עס פאלאהאיעט זיכ א פאיאָק, אליינ שרײַבנ זיי ניט אויס.

ווענ זעלצער איז געקומענ צו סימקענ, האָט ער אפּנ הויפ דערזענ, ווי דער גרויסער לייבע שטייט אינ איינ העמדל אונ האקט געזונטע, בעריאָזע שײַטלעך.

ווענ בא סימקענ איז דאָס קינד בעסער געוואָרנ, האָט די בריגאדע גענומענ לערנענ זיכ בא איר אינ צימער. אינ א פּאָר טעג ארום האָבנ זיי געטראָפנ סימקענ א פריילעכע, א ליכטיקע.

— מאָרגנ גיי איכ אינ טעכניקום. א נאָרמאלע טעמפּעראטור.

— יאטנ,—זאָגט מינדל,—מאכנ מיר, אויב אזוי, א ליאמע.

— מאסקים?

— מאסקים.

— אינ אָרגאניזיר־קאָמיסיע לייג איכ פאָר: מינדעלענ, דאָס הייסט, זיכ, אונ... אונ גענוג. נאָר איינ באדינג—א הונדערט־פּראָצענטיקער אָנטייל פונ די ברייטסטע מאסנ פונ דער בריגאדע אינ דער צוגרייטונג־קאמפּאניע.

— דוסט רופנ ליפּאקנ,—לייגט פאָר זעלצער.

— פארוואָס עפּעס ליפּאקנ?

— ערשטנס, ארבעט ער אָפּט מיט אונדז אינ בריגאדע, אונ צווייטנס, איז ער דער איינציקער טאטע בא אונדז אינ קורס.

— איכ לייג פאָר,—זאָגט מינדל,—מער זאָל קיינער פונ אונדזער קורס ניט כאסענע האָבנ ביזנ סאָפ פונ פינפיאָר, גענוג פאר אונדז. זאָלנ זיי קינדלענ—די סעמילעטשיקעס.

— בא דיר האָט זיכ שוינ אָפּגעבונדנ ס׳צינגל.—זעלצער האָט געעפנט דעמ ביכל.

— ער קנעלט שוינ,—בורטשעט מינדל,—א מינוט וועט ער דיר ניט לאָזנ זיצנ. אײַ, גאָלעס בריגאדירא.

הײַנט האָט די בריגאדע באשטימט: פונ זעקס ביז נײַנ לערנענ אונ דערנאָכ ליאמעווענ.

מינדל לייענט: יעדער קערפּער פארלירט אינ וואָג אזויפיל, וויפל עס וועגט... לעמאָשל, אויב מע זאָל לייבענ ארײַנלייגנ אינ א מולטער וואסער, וועט ער אָנווערנ אינ וואָג דרײַ נאטוראליסטנ אונ ס׳וועט אפילע ניט קענטיק זײַנ אפּ אימ.

— לאכ ניט, זאָגט גינזבורג,—דער פיזיק האָט געזאָגט, אז ער איז א גיבער אפּ פיזיקע.

— אז ער איז א גיבער—ווייס איכ אָנ אימ. האלעווײַ אפּ דיר געזאָגט, נאָר...

— דו האָסט שוינ אָנגעהויבנ דײַנע כאָכמעס!—בייזערט זיכ זעלצער.

— כײַימקע, א געזונט צו דיר, מוטשע ניט דעמ פּראָלעטאריאט, א מאניפעסט! לאָז איינמאָל אויסריידנ דאָס הארצ. שא. מירנ גאָר לערנענ עפּעס א גרינגערס.

— ניינ, ביז אכט—פיזיק אונ דערנאָכ וועלנ מיר לייענענ ליטעראטור.

— מעטאל! בא אימ וועסטו זיכ אײַנבעטנ.

— גענוג!—טוט מינדל א פּאטש אינ ביכל, אכט אזייגער, אונ ער האָט צוגעמאכט בא אלעמענ די ביכלעכ.

זעלצער מישט אוּפ פערעצנ אונ גיט גינזבורגנ לייענענ.

— די שטרײַמעלעכ מיט די כסידימלעכ זײַנענ מיר שוינ אינ די ביינער ארײַנ,—זאָגט מינדל,—אומעטום רעדט מענ וועגנ פּראָלעטארישער ליטעראטור אונ מיר וויסנ קאדאָכעס. מע האָט געדארפט ריידנ וועגנ דעמ.

ס׳איז ארײַנ ליפּאק.

— איר קנעלט?

— יאָ, מיר קנעלנ. דו, כאָסידל, קענסט שוינ די שטרײַמל?

— נו,—זאָגט ליפּאק,—כ׳האָב געמיינט: לערער—איז ווער ווייסט וואָס, ערשט גאָרנישט. וואָס פאר א געזעלשאפטלעכע ארבעט פירט דער טעכניקומ? מער ניט אפּנ פּאפּיר. ווי איז אנ ערעכ, ווענ אנ אייגענער ארבעטער פונ פאבריק טוט מיכ א פרעג: ליפּאק, דו גייסט

דאָכ ווערנ א לערער, איז דערציילט מיר, אשטייגער, וועגנ א פראָלעטארישנ שרײַבער, וועל איכ אימ ענטפערנ—איכ ווייס ניט? איז קאקאָי טשאָרט האָט מענ דיכ געשיקט לערנענ זיכ.

— באסטא, שלעפט ארויס מינדל בא גינזבורגנ דעמ ביכל, א בונט! באָבינקע, ווײַזט מיר בעסער די טארטקע! אונ ער האָט זיכ געזעצט אפ דעמ ערד רײַבנ בולבע.

— כעוורע,—זאָגט ליפאק,— איכ וועל אײַכ ווײַזנ אנ אופגאבע. בא אונדזער בריגאדע גייט זי ניט ארויס.

— דערלאנג.

מינדל שרײַט פונ דיל: די איקסעלעכ וואַרפט ארויס. אײַ האָב איכ האָלט צו קלײַבנ זיי די ווערימלעכ, פליוס־מינוס—וואָנ! פליוס־מינוס אראָפ פונ פלייצע?

— פאראנ!—טוט ליפאק א געשריי. ס'שטימט מיטנ ענטפער.

מינדל האָט זיכ אופגעהויבנ פונ דער ערד.

— נו, בולבע איז אָנגעריבנ, איצטער איז דער איקער אָנווענדנ דעמ ראציאָנאליזא־טערישנ מעטאָד, די העכסטע טעכניק אונ א ריכטיקע צעטיילונג פונ דער ארבעט. איז דו, ווײַזט ער מיטנ פינגער, מאכ טיי. איר ביידע פרעגלט די לאטקעס, דו—שנײַד ברויט, אונ איר, באבינקע, האָט אײַער נאָרמע געמאכט—זיצט, אונ איכ זיצ—אויכ. ער, האָט זיכ א זעצ געטאָנ אפנ בענקל—אָט דאָס איז די יעדינאָנאטשאליע פאָ־מינדלינסקאָמו!

נאָר מינדל איז ניט אײַנגעזעסנ. ער האָט זיכ ארויסגעדרייט צווישנ אלעמענ. דעמ—אראָפ־גענומענ פונ דער ארבעט, דעמ—אריבערגעוואָרפנ אפ אנ אנדער ארבעט אונ אלצ אליינ געטאָנ.

— פראָדוקציע, פראָדוקציע,—האָט ער געטײַנעט,—דעריקער—קוואליטעט אונ טעמפנ.

זעלצערנ האָט ער אינגאנצנ אויסגעשלאָסנ פונ דער פאבריק־קיכ — גיי, בריגאדיר, דו טויגסט, ווי קאלטער פײַער.

ווענ אלצ איז פארטיק געוואָרנ, האָט ער אויסגעקערט זעלצערס היטל אונ אָנגעטאָנ, ווי א קאָלפאק. געפירט מיטנ האנטעכ, ווי א קעלנער אונ האָט פונ האנט, ווי פונ א צעטל גע־לייענט די מעניו. די פראזנ פליִענ אימ פונ מויל:—טיי שטארקע—90 גראד, טיי שוואכע—40 גראד, ליקער־טיי מיט 3 לעפעלעכ צוקער. לאטקעס ניט דערפרעגלטע, לאטקעס גע־פרעגלטע, לאטקעס צוגעברענטע אונ לאטקעס פארברענטע. אונ דיר, לייבע, דערפאר וואָס דו האָסט געלייזט די אופגאבע, איז אויסער דער ריי—א לאטקע פונ מינדעלס פראָדוקציע, ער האָט אזוי פלינק ארײַנגעכאפט די לאטקע צו זיכ אינ מויל אונ לייבע איז נעבליבנ מיטנ ליידיקנ גאָפל.

— האָב קיינ פאריבל ניט, לייבע, ס'איז דיר דאָכ סײַווי אפ א הונדערטל צאָנ.

— ני, בריגאדע, עסט מיט אפעטיט אונ האָט אינ זינענ מינדעלנ.

דער ערשטער האָט זיכ אופגעשטעלט פונ טיש לייבע, ער איז צוגעגאנגענ צומ קאמאָד אונ גענומענ דעמ הארמאָנ.

— דעמ הארמאָנ דערלויב איכ. דער בריגאדיר פונ דער ערשטער ליאמע פונ „פראָלע־טארסקן“ קורס. בעט דיכ שפילנ אפנ הארמאָנ. בריגאדע, שלינג אראָפ די ביסנס.

דער גרויסער לייבע האָט זיכ געזעצט אפ א טאבורעט אינמיטנ צימער. אלע האָבנ זיכ צושטעלט. צעזעצט ארומ אימ. ער האָט אָנגעצויגנ דעמ רימענ אפנ פלייצע, אָנגעבייגנ דעמ קאָפ. דער הארמאָנ האָט אימ א ברומ געטאָנ אינ אויער.

מינדעל האָט דאָס איבערגעזעצט אינ יִדיש:—„ער וועט געבנ שטימע“.

א וויילע האָט לייבע געווארט, קיינער האָט אימ ניט געשטערט ווארטנ, דערנאָכ האָט ער א וואָרפ געטאָנ מיטנ גאנצנ הארמאָנ, א ברומ געטאָנ אפ אלע זײַנע שטימעס, אונ אוועק שפילנ. דער גאנצער צימער איז פול געוואָרנ מיטנ הארמאָנ. עס גיט א וואָרפ דער הארמאָנ א כוואליע, אונ קערט זיכ אומ מיט קלײנינקע כוואליעלעכ צוריק צו די ברעגנ... די אלע, וועלכע שטייענ אינ מיטנ שווײַגנ, הערנ, וואָס טוט זיכ דאָרט אינעווייניק אינ דעמ גרויסנ הארצ פונ הארמאָנ, ווי עס זינגענ ארויס צענדליקער העלדזער פונ דער אָפענער ברייטער הארצ פונ הארמאָנ, וועלכע וויגט זיכ אונ פיבערט אפ לייבעס גרויסער ברוסט.

מער ווי אלצ דאָ שוויַגט לייבעס פּאָנים. בא אים איז שטיַפער צוגעשלאָסנ די ליפּנ, אפנ שטערנ איז פארגליווערט א שארפער קנייטש, ווי א שניט.

אפנ טיַיך איז נאכט.

— אפנ טיַיך טרעפנ ווינטנ—טוט א רויש דער הארמאָנ. דער רעגנ האָט געשמיט די נאקעטע ברוסט, בליצנ האָבנ געשניטנ דעם היטל, אונ אינ די מוסקלענ איז איַינגעוואקסנ גווורע, אזויפיל גווורע—ווו טוט מענ זיך אהינ? אינ בארזשע זיַינענ פאראנ געפאקלעוועטע בערד אונ יונגע ווי ער, שריַיט מענ פונ ברעג:—לייבקע, וואָס שוויַיגסטו, דערלאנג די הארמאָשקע. עכ, האָט זי געשפּילט אונ געריסנ די פּליטאָוושטשיקעס פונ דער ערד.

דער הארמאָנ האָט זיך צוגעשלאָסנ. שטום. לייבע האָט געענדיקט. א וויַילע איז מענ שטיל געבליבנ, ווי די קאלטע גלעזער טיי אפנ טיש. דערנאָך האָט מינדעל דער ערשטער ארופגעכאפּט זיך אפ די פיס.

— איַי ברודער, א קיילע! איַי אנ אינסטרומענט! סימקע!—האָט ער זיך צעשריִענ. איך וויל טאנצנ. ווי דו זעסט מיך א פעדטעכניקומעצ. מינדעל וועט טאנצנ. עכ, וועט א שוי־סטער טאנצנ! ער האָט גענומענ ווארפנ די בענקלעך אינ די ווינקלעך שמיַיסנ די כעווריע צום וואנט.

— לאָזט, לאָזט, מינדעל וועט שוינ היַינט טאנצנ. איינמאָל פאר אלעמאָל, הארמאָנ, דערלאנג! אונ ער האָט זיך א לאָז געטאָנ צו סימקענ.

סימקע האָט צום ערשט געטאנצט, ווי אפצוקלוימערשט, נאָר אז מינדעל האָט זי דריַי מאָל פארדרייט אינ א קאלווּוראָט, האָט זי צונויפגעקליבנ מיטנ קעמל די האָר אונ האָט זיך געלאָזנ איבערנ צימער, ווי מיט גליטשערס איבערנ איַיז. מינדעל האָט זיך געזעצט, געהויבנ, געצויגנ זיך ווי א גומענער, געפאטשט מיט די פיס אָנ דיל. סימקע איז צעהיצט. פונ די אויגנ שיטנ זיך פיַיערלעך נאָך גיכער! נאָך פלינקער! עס דרייט זיך דער צימער. בא ליפאקנ טאנצנ די אקסלענ צום טאקט. גינזבורג זיצט אפ דער ערד, פאטשט מיט די הענט אינ די כאלאוועס. עס קיצלענ אים די קנעכלעך. לייבע קוקט אינ מיטנ צימער. דער קארגער שמייכל פארשווינדט בא אים ניט אפ א רעגע פונ פּאָנעם, דער הארמאָנ שפּילט גרינג פונ זיך אליינ. צום סאָפ איז מינדלענ איַינגעפאלנ ענדיקנ דעם טאנצ מיט אנ אקראָבאטישנ קונצ. דער הארמאָנ האָט זיך צעלאכט אפ אלע ציינער.

מינדעל איז שוינ געשטאנענ אפ די פיס. אונ גינזבורג איז נאָך געזעסנ אפנ דיל אונ נאָך שטארקער געפאטשט אינ די כאליאוועס.

זעלצער איז די גאנצע ציַיט געשטאנענ באם אויוועלע. ער האָט קיינ הארמאָנ ניט אונ קאָנ ניט טאנצנ, ער האָט נאָר פארנ סאמע אוועקגיינ אינ ארמיי אָנגעוואָרפנ געהילצ פאר א ניַיער שול בא זיך אינ שטעטל. ער האָט ארויסגענומענ דעם זייגער אונ געמאָלדנ:— איינס אזייגער, אונדזער בריגאדע גיט מאָרגנ אָפּ פּיזיק.

לעכאטכילע האָט אים מינדעל אָנגעקוקט, געוואָלט זאָגנ: מעשוגענער, דו ביסט באם זינענ? נאָר געזאָגט האָט ער לייבענ:—ארכימעד, פארפאק דיַינ הארמאָנ.

סימקע האָט פלינק צוגענומענ פונ טיש.

באלד איז זי שוינ געלעגנ א קליינינקע אינ דער הילצערנער בעט. זי האָט נאָך געפילט אינ צימער די בריגאדע. א בריגאדע האָט צעבראָכנ איר שווערנ אומעט, איר אומעט פונ צוויי יאָר האָדעווענ א קינד מיט אזוינע מאטערניש. די שווערקיַיט האָט אינ איר געפלאצט, ווי א דויערנדיקער פראָסט. ווילט זיך איר שיטנ פריילעכע ווערטער, שיטנ אונ שיטנ, ווי וויַיסינקע שנייעלעך. נאָר ס'איז שפּעט, מענ דארפ גיכער, גיכער שלאָפנ: די בריגאדע גיט מאָרגנ אָפּ פּיזיק.

(סאָפ קומט).

ה. קאמענעצקי.

# א באלאדע מיט א לירישן אָפּנייג.

אי. כאריקב

א ווינטערדיקע פאָרשטאָט. הויפן. דעכער.
א רו א ווייַסע ריזלט פון די סטרעכעס.
ס'איז איצטער נאכט. דער שניי איז טונקל־העל
און ווי א בלויע אויסגעמאכטע פעל
איז גלאט און שטייַפּ דער הימל אָנגעצויגנ
אריבער אלעמענס און מייַנע אויגנ.
און ס'איז די פאָרשטאָט ביזן האלדז אריינ
אינ שניי.
אינ פראָסט.
אינ פינקלענדיקער שייַנ.

---

איז דורכ א שאָ, א צווייטע און א דריטע.
אינ גאס און געסל שטארקט זיכ דער געוויטער,
עס פרירט דער מוילעד ציטעריק און בלאס,
דער לעצטער דורכגייער פארלאָזט די גאס,
און בא א שטילנ, בא א הויכנ טויער
בלייַבט איבער אפ דער וואכ א רויטארמייער.
ער האָט די ביקס ארומגענומענ הארט,
דעם פעלצ ארופגערוקט אריבער קארק
און שטייט און היט. ס'איז אָנגעשטרענגט זייַנ בליק.
ער היט דעם פלאצ, ווו ס'בויט זיכ די פאבריק.
און אפ די קאָרפּוסנ—בריגאדעס ווימלענ,
אפ לאנגע דראָטנ—בייזע ווינטנ גרימפּלענ.
מיט ליכט עלעקטרישער איז אלצ באאָטעמט:
די הייכ, דער פלאצ און אָט די אלע דראָטנ.
און זיי—די בריגאדירנ די געטרייַע—
זיי האָבנ פעסט באלאגערט די געבייַענ.
אינ ארבעט—אייַנגעשלאָסנ יעדער גליד,
אינ שלאָגלערייַ—דער פלינקער אָטעם גליט,
און ס'בושעוועט אינ אָפּגעלאָזטנ גלי
די ניטגעצוימטע שלאָגלערישע מי.
גייט דורכ א שאָ, א צווייטע און א דריטע

אין יעדן ווינקל שטארקט זיך דער געוויטער
און ס׳ווערט די הייך ביז אלע אירע טיפן
מיט ווינט און מיט זאווייע דורכגעשליפן.
ס׳ווערט יעדער שלאָגלער ביזן לעצטן אָדער
מיט קעלט פארהארטעוועטער אָנגעלאָדן
און ס׳האָט דער פראָסט אין שנייִקן ארום
די ארבעט אויסגעלאָשן קאלט און שטום.
און שוין—עס רוען צענדליקער בריגאדעס
אף אלע קאָרפוסן און עסטאקאדעס.
די גלעזער גלאָזן ניט און אלע בלעכער
פארלאָזן אומרויִק די לאנגע דעכער.
— וואָס טוט מען?—האָט א מייִסטער זיך געשטעלט
און שטיין געבליבן אין דער וויסטער קעלט.
האָט דער ווינט מיטאמאָל
אופגעהייבן דעם קאָל,
אָנגעהויבן צו ברומען,
נאָך מער ווייען געקומען.
זייִנען עטלעכע שלאָגלער אראָפ פון די טרעפ,
אייִנגעקוטעט אין ווארעמע קאָלנערס די קעפ
און געלאָזן זיך גיין
מיטן פראָסטיקן פלייִ.
צו פארשנייטע באראקעס מיט אייִליקע טריט
זייִנען אונטערגעקומען די שלאָגלער באדריט.
איז א ליארעם אין אלע באראקעס אוועק
און צעטרייסלט די רו ווי מיט צענדליקער העק.
האָבן ווייִבער און קינדער און מאמעס און ברידער
אופגעריסן פון שלאָף די צעווארעמטע גלידער
און פון אייוונס אין טעפ אין טשוהונענע קיילים
האָט מען שיטן גענומען די גלייִענדע קוילן.
איז געוואָרן א ראש,
איז אוועק א מישמאש.
האָבן אלע גענומען די פלאמיקע טעפ,
האָבן אלע פאריסן די ניכטערע קעפ,
די באראקעס פארהאקט און אוועק אָט אזוי
אין געוויטער, אין שניי.
ס׳איז נאָר איבערגעבליבן א פייִערל וואך
אונטער איינעם א שטילן פארווייעטן דאך.
און אף יענער זייִט שוועל, איבער יעטווידער שויב,
האָט געדרייט און געווייט אזא שנייִקער שטויב.
ס׳איז דער הימל געהאנגען אומענדלעך און טיף,
און דער גרייִזגרויער פירער פון פארטקאָלעקטיוו
האָט דעם שלאָפלאָזן קאָפ
אָנגעבויגן אראָפ.
ער האָט שטיל און פארמאטערט א פאָרטראָג געגרייט.
און א הילצענעם קנעפל אין העמד אייִנגענייט.

און דערבײַ האָט זיך אָנגעלייגט שלאָפּלאָז און שווער
איבער הרודעס פּאַפּירן דער הויפּט־אינזשענער.
אינדערשטיל. אַזוי מיד. בא א שאַכטל קאָנסערווּן
האָט ער אונטערגעטריבן מיט קאַווע די נערווּן.
מיטאַמאָל—אין זאַווייע, אין בלענדיקן שניי—
האָט דער אוילעם פאַרבײַ דורכגעטראָגן אַזוי
די פאַריסענע קעפּ
און די פלאַמיקע טעפּ.
האָבן ביידע זיך האַסטיק געגעבן א הייב,
האָבן ביידע געגעבן א קוק דורכן שויב
און אַרויס אינדערנאַכט אפן שנייִקן פליינ
און אַזוי מיטן אוילעם געלאָזן זיך גיין.
האָט דער ווינט נאָכאַמאָל
אופגעהויבן דעם קאָל
און געגעבן א ווייע,
אָנגעהויבן צו דרייען.
און אַזוי איז דער אוילעם צום אָרט אָנגעקומען.
האָבן אַלע די קאָרפּוסן ווידער פאַרנומען,
אפּדאָסנײַ זיך צעשפּרייט איבער אַלע געפּײַען
און דעם פראָסט אין די נעגל געלאָשן מיט פײַער.
האָט זיך נאָכדעם אין לײַבער די קעלט אײַנגעשטילט,
האָבן אַלע די וואָרצלען פון לעבן דערפילט
און ס'האָט זיך באַלד
אין ברען,
אין שלאָגלערײַ
די אַרבעט אָנגעהויבן אפּדאָסנײַ.
און שוין—עס ווימלען הילכיק די בריגאַדעס
אפּ אַלע קאָרפּוסן און עסטאַקאַדעס.
די גלעזער גלאָזן און אפּ אַלע דעכער
געטרײַ און פלײַסיק מיִען זיך די בלעכער.
און ס'גייט די נאַכט.
עס בלענדט דער שניי
און בלענדט,
און ס'גליט די מי
אין פלינקן יאָג
פון הענט.

— — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — —

אָט אַזוי האָבן שלאָגלער געטרײַ און פאַרביסן
אין א פאָרשטאָט געשטורעמט א דורכרײַס א וויסטן.
און אַזוי טאָג און נאַכט—אין באַנײַטע פאַבריקן,
אין זאַוואָדן, אין שאַכטעס, בא הרעבליעס און בריקן—
שטייען בלעכער און גלעזער, מוליאַרעס און גרעבער
און מע שטורעמט פאַראַקשנט די הויכן פון לעבן.
און אין דולע זאַווייעס

און אין ווינטן, אין שנייען,
אין געקאָוועטע קעלטן אין הארטע, אין הארבע
גליט און ווערט ניט געקילט אונדזער מוטיקע ארבעט.
זאָלן וועלפישע נעכט פאר די אויגן זיך שפרייטן,
זאָלן בושעווען קעלטן אפ לענגען און ברייטן—
ס'וועלן שלאָגלער געטרײַע זיך מערן און מערן
און די מוטיקע מי וועט ניט אָפגעקילט ווערן
אין קיין איינציקן קאנט
פון צעוואָרפענעם לאנד,
ווײַל פון אלץ אין דער וועלט איז געוואָרן אונדז ליבער
אונדזער פרוכטבארע מי וואָס לעבט אלעמען איבער.
זאָלן בלענדיקע שנייען
אין די אייגן אונדז ווייען—
סײַווי־סײַ
אזוי פרײַ
נעמען אונדזערע אויטעס אלץ מער זיך באוועגן
איבער אונדזערע ברישע וועגן און שטעגן.
זאָל נאָך דורכגיין אין בויונג, אין מי א יאָר צענדליק
און דאָס לאנד וועט א העל טאָן אינגאנצן געענדערט.
ס'וועט די רײַכקײַט א פלייץ טאָן אפ יעטווידער מײַל
'אָלן דורכלויפן נאָר א יאָר צען און דערווײַל—
פריד צו אײַך, אונדזער פרוכטבארע מי, אונדזער ליבע,
ווײַל נאָר דאָס איז גערעכט, וואָס לעבט אלעמען איבער.

---

פּײַוול סיטאָ

# יודקע גראַק.

(פונעם בוך „אָט דאָס זײַנען מיר“).

.1

אפן ראָג לענינער גאַס הענגט אפ אַן אָפּגעבראָכענער וואנט א פיר־קאַנטיק שילדל מיט קרום־אָנגעשריבענע ייִדישע אויסיעס:

קאָמסאָמאָלישער קלוב „אופגאַנג“.

דער לאַנגער ווײַז־פינגער, וואָס איז אויסגעמאָלט אונטערן וואָרט „אופגאנג“ פירט אפ רעכטס. און פארקערעוועדיק אפ רעכטס פירט דערזעלבער ווײַז־פינגער אפן דריטן שטאָק פון א פירקאַנטיק מויערל מיט אויסגעזעצטע שויבן. דער קלוב באַשטייט פון איין גרויסן צימער. דער באַלעבאָס זײַנער איז ערשט ניט לאַנג אַנטלאָפן צוזאַמען מיט די פּאָליאַקן און די איינציקע מאַטאָנע, וואָס ס'איז פארבליבן פאר די קינפטיקע יאָרשים, איז באַשטאַנען פון א גרויסער הילצערנער איקאָנע פון דער הייליקער גאָטס־מוטער, א שלעכטע קאָפּיע פון אייוואַזאָווסקעס „שטורעם“, טאַראַס שעוטשענקעס א פּאָרטרעט און א בײַכיקער דעמבאָווער ליידיקער קאַסטן... דעם דיכטערס פּאָרטרעט האָבן די נײַע אײַנוווינער געלאָזט הענגען און נאָך צוגעטשעפּעט צו אים א רויטע סטענגע און די איבעריקע דרײַ דערמאָנטע זאַכן האָבן בלויז געקלעקט אפ איין נאַכט אויסהייצן די קײַלעכדיקע קאַפריזנע „רומינקע“ און טאַקע באַלד נאָך דעם, ווי דאָס אייביק אָנגעדראָדלט אײוועלע האָט אײַנגעשלונגען און זיך דאָס לעצטע ברעטל פון דער הייליקער גאָטס־מוטער, אזוי האָבן גלײַך די נײַער אײַנוווינער פארגעסן, אז דאָ האָט אפילע עמיצער פאר זיי געוווינט...

דער קלוב איז געווען אָפן טאָג און נאַכט. ער איז טאָמיד געווען פול מיט גרויע שינעלן, לעדערנע קורטקעס, אָפּגעריבענע קאַצוויייקעס, לעכערדיקע באַשליקן... יאַטן, וואָס האָבן זיך נאָרוואָס אומגעקערט פון די פראָנטן, באָכערים פון די פּאָרשטעט, כעוורע פון די יוגנט אינטערנאַטן—זיי זײַנען עס געווען די באַלעבאַטים פונעם הויז. דאָ האָבן זיי געגעסן, געשלאָפן. אײַנגעאָרדנט דיסקוסיעס מיט ציִאָניסטן, וואָס פלעגן זיך טאָמיד פארענדיקן מיט הייסע געשלעגן. אדאַנק דעם קלוב, האָבן שטענדיק אפ דער גאַס געהילכט קאָמיוגישע געזאַנגען און אפ די נאָענטע טעלעגראַף־סלופּן איז געהאַנגען א יוגנטלעכער ברויז און צאַפּל...

פון די ערשטע וואָכן, ווען דער לערער ייִסראָעל איז אריבערגעפאָרן אין דער שטאָט, איז ער באַלד געוואָרן אן אָפטער אַרײַנגייער אין דעם קלוב. ער האָט ליב געהאַט די יוגנט און די יוגנט אים. ער איז געווען דער סאַמע פלאַמיקסטער אָנטיילנעמער אין די וויכוחים, און זיך געשלאָגן מיט די ציִאָניסטן. פאַקטיש איז ער געווען דער אָביעקט פון די געשלעגן. אז ער פלעגט ארופגיין אפ דער בינע, וואָס איז באַשטאַנען פון א האַלבן טוץ צונויפגערוקטע בענק און אָנהייבן ריידן, זײַנען אין א פּאָר מינוט ארום געפלויגן אין זײַן נאָז

צעטלעך. און אָפּטמאָל שטיינדלעך אײַנגעוויקלט אין פּאַפּירלעך. דער לערער ייִסראָעל האָט צעוויקלט א פּאַפּירל און ארויסגענומען פון דאָרט א שטיינדל.

— עמיצער וויל שטערן אונדזער דיסקוסיע, — האָט ער א זאָג געטאָן.

— זאָל ער אראָפּגיין פון דער בינע!

— זאָל ער אופהערן האקן א טשײַניק! — זײַנען פון די ווינקלעך געפלויגן פאַרדומפּענע אויסגעשרייען.

דער רעדנער האָט זיך ניט צוגעהערט.

— מיר דערלויבן ניט באַליידיקן א ייִדישע רעוואָליוציאָנערע אָרגאַניזאַציע! — האָט עמיצער נאָכאמאָל אויסגעשריִען.

— שרײַט אביסל העכער, עפּשער וועט אײַך אײַער מאמע ראָכל פון קייווער דער־הערן... — האָט דער לערער א שמייכל געטאָן אין די פולע ליפּן.

— די מוטער ראָכל האָט אײַך אין דרערד, כאוואַר!

— מיר האָבן אײַער מוטער ראָכל צוזאמען מיט אײַך אויך אין דרערד, כאוואַר!

א לאַנגער דראָנג אין א גרויסער שעוועליורע, אין ברילן, איז ארופגעשפּרונגען אפ דער בינע און אָנגעהויבן אויסשרײַען אינמיטן לערער ייִסראָעלס רייד:

— הערט אים ניט וואָס ער פלאַפּלט!

דער לערער האָט איידל דעם באָכער אראָפּגעשטופּט פון דער בינע.

— טעראָר! — האָט דער דראָנג אויסגעשריִען — רויטער טעראָר!

איינער א יונג, יודקע גראַק, איז אים פאַר דער פראַזע פאַרפאָרן אין צורע. און דאָ האָט זיך עס אָנגעהויבן. געענדיקט האָט זיך עס דערמיט, וואָס באַם לאַנגן דראָנג זײַנען פאַרבליבן ליגן אפ דער צעבלוטיקטער נאָז בלויז די האַלאָבלעס פון די ברילן און די גלעזלעך זײַנען געבליבן ליגן צווישן די אומגעוואַלגערטע בענק.

* * *

פרילינג האָט דער קלוב דורכגעפירט אין שטאָט א „שאַבעסניק" פון בוימער פאַר־פלאַנצן. אלע יאַטן האָבן זיך צעלאָזט איבער די גאַסן מיט יונגע בלימעלעך אונטער די פאַכוועס און מיט לאָפּעטעס אפ די פלייצעס. לערער ייִסראָעל איז געשטאַנען אין מיטן פון פושקינער גאַס. די פרילינגדיקע זון האָט זיך געגליטשט איבער דעכער און אָפּגעקערט דעם שניי אין די רינעס, דער לערער האָט אויסגעטאָן דעם מאַנטל און טיפער אָנגע־הויבן רוקן דעם זאַסטופּ אין דער ערד. נעבן אים האָט געגראָבן יודקע גראַק. א באָכער פון „אופגאַנג", א באָכער מיט דרײַ קעפּ העכער פאַרן לערער, מיט א לענגלעכן פּאָנים, גלײַכער דינער נאָז, קימאַט קינדערשע ליפּן, און איינציקע קלײַנדלעך צעשאָטן אפ די באַקן. לערער ייִסראָעל האָט אָפּגעווישט מיטן טיכעלע דעם שווייס פונעם שטערן, דערנאָך אָפּירגעטאָן מיט דעם איבערן רעכטן אויג, וואָס טרערט בא אים אביסל.

— אוי גוט! — האָט ער א זשמורע געטאָן מיט די גרויע אויגלעך אפ דער זון — ערשט אין א פּאָר יאָר ארום וועסטו זען יודקע, וואָס הייסט גוט!

דער באָכער האָט אים ניט געענטפערט. ער האָט טיף גערוקט די לאָפּעטע אין דער ערד, קעדיי בעסער באַזעצן דעם יונג בוימל, דער ווינט זאָל דאָס ניט אומוואַרפן. ער איז ארומגעגאַנגען ארום די פאַרפלאַנצטע בוימלעך מיט אזא מאָדנער טרײַשאַפט און ליבע, ווי א מאמע גייט ארום נאָך איר קינד, וואָס הייבט ערשט זיך אָן שטעלן אפ די פיסלעך.

דעם לערער איז עס געפעלן געוואָרן.

— ווײַזט זיך ארויס, אז דײַנע הענט קאָנען ניט נאָר זעצן אין צורע. נאָר אויך פלאַנצן בוימלעך?...

— מײַנע הענט קאָנען נאָך עפּעס, האָט יודקע אָפּגעענטפערט מיט א שמייכל.

— א שטייגער?
— גלעטן א שיינ מיידל, אויב זי לאָזט זיכ נאָר...
לערער ייִסראָעל האָט אראָפּגעלאָזט די אויגנ.
— כאַווער שראַגע, — האָט יודקע פּלוצים א זאָג געטאָנ, קעדיי צו פּאַרווישנ די ניט־געלונגענע כאָכמע, — פּאַרוואָס האָט איר עפּעס ניט מיטגענומענ אײַערע עלטערע ייִנגלעכ?
דער לערער האָט זיכ פּאַרלאָרנ. פּאַרוואָס האָט ער זיי טאַקע ניט מיטגענומענ? ס'וואָלט בעפּייִרעש געווענ פּאַר זיי א שטיקל פּאַרווײַלונג, נאָר גיי לאָז זיי נאָר ארויס אפּ די צענטראַלע גאַסנ!
— מענ קאָנ זיכ אפּ זיי ניט פּאַרלאָזנ, — האָט ער אָפּגעענטפּערט דעם באָכער.
— וואָס הייסט?
— אָט דאָס הייסט! איר האָט צו טאָנ מיט גאַסנ־קינדער.
— אגעוו, ווו געפינט זיכ אײַער קינדער־הויז?
— טאַקע ניט ווײַט פונ קלוב!
— מע וואָלט זיכ געדאַרפט אמאָל ארײַנכאַפּנ צו אײַכ.
— סע וואָלט ניט געשאַט.
די יונגע פּרילינגדיקע זונ איז אומגעשפּרונגענ אפּ די גלאַנציקע זאַסטופּנ.ביידע האָבנ זיי געגראָבנ קימאַט אינ איינ טאַקט, ריטמיש.
סע וואָלט ניט געשאַט — האָט דער לערער פּאָרגעזעצט, — מײַנסט עפּשער, אז עפּעס וועט דיר אָפּקומענ, ווענ דו הייבסט אָנ פירנ מיט די עלטערע קינדער א שטיקל ארבעט?...
— איכ האָב אבסאָליוט ניט קיינ דערציִערישע פייִקײַטנ, איכ קענ זיי נאָר אויסלערנענ זיכ שלאָגנ...
— אונ פּאַרוואָס ניט אויסלערנענ ארײַנקוקנ אינ א ביכל?
— הע... קיינ וואָספּיטאַטעל גלוסט זיכ עפּעס ניט זײַנ...
— טאָ זײַ א כאַווער!
יודקענ איז געפעלנ געוואָרנ דעם לערער ייִסראָעלס ענטפער.
— מיט וואָס קענ זיכ דאָס אויסדריקנ מײַנ כאַווערשאַפט?
— דערמיט, וואָס דו וועסט זיי איבערלייענענ א צײַטונג, אָדער א בלעטל פּאָליט־איוורע!
— דאָס איז שוינ פּאַר מיר ניט קיינ שווערע נאַגרוזקע.
— מער פּאָדער איכ דערווײַל פונ דיר ניט.
— גוט. מאַסקים. ווענ־זשע זאָל איכ קומענ?
— אפילע מאָרגנ.
— ס'מעסטאָ וו קאַריער, הייסט עס?
די לאָפּעטעס האָבנ געפינקלט אנטקעגנ דער זונ. זיי האָבנ געאַרבעט פליסיק. די יונגע פּאַרפלאַנצטע בוימלעכ האָבנ זיכ געשאָקלט פונעם לינדנ ווינטל אונ קוקנדיק אפּ זיי האָבנ ביידע באַגלײַכ געהאַט האַנאָע אונ אזוי־אָ פּאַרפלאַנצנדיק יונגע שלאַנקע בוימלעכ אינמיטנ דער שטאָט, האָט דער לערער ייִסראָעל געפונענ אָנ דער בירזשע אונ אָנ דעם „נאַראָבראַזו" א נײַעמ דערציִער פּאַרנ קינדער־הויז — א הייכנ באָכער מיט א לענגלעכנ פּאָנעם, גלײַכער, דינער נאָז, קימאַט קינדערשע ליפּנ, איינציקע קלײַנדלעכ צעשאָטנ אפּ די באַקנ — א נײַעמ דערציִער אינ א אָפּגעריבענער קאַצוווייקע, דעם קאָמיוגיסט יודקע גראַק.

.2

דעם 15־טנ אַפּרעל איז אינ שטאָט פּאָרגעקומענ די סאַמע אינטערעסאַנטסטע פוטבאָל־באַגעגעניש פּאַר די לעצטע יאָרנ. עס האָבנ געשפּילט: די נאַציִאָנאַלע קאָמאַנדע פונ טערקײַ אונ פ.ס.ס.ר. אונטער רוישיקע אַפּלאָדיסמענטנ זײַנענ אינ איינ גלײַכער שורע ארויסגעלאָפנ

די טערקישע פוטבאָליסטן אונ נאָך זײ, אויך אינ א גלײַכער שורע, די רוסישע. דער מאטש האָט זיך אָנגעהויבן. פונ די ערשטע מינוטן איז שוינ קלאָר געוואָרן, אז די איבערוועגנדיקע האנט אינ דער שפיל וועט האָבן טערקײַ, א זעלטענע פאסאָווקע, אויסערגעוויינלעכע געניטקײַט פונ קענען אײַנהאלטן די גאנצע צײַט דעם גאָל־פוטבאָל, וווּנדערבארע שפיל אונ קלאסישע פארטיידיקונג פונעם טערקישן גאָלקיפער. אפ דער זעקסטער מינוט זעצן שוינ די טערקן א שטראפירטן גאָל אינ די טויערן פונ פ.ס.ס.ר. נאָר דער גאָל גייט דורך העכער די טויערן, דער לינקער „ראנד" פונ פ.ס.ס.ר. פירט אָבער פלינק צו דעם גאָל צו די טערקישע טויערן, נאָר דער ארויסגעלאָפענער זעלטענער קיפער קלאפט אָפּ באצײַטנס דעם גאָל. אפ דער 16־טער מינוט רײַסן זיך די טערקן ווידער דורך צו די טויערן פונ פ.ס.ס.ר. אונ זעצן שטארק אינ די טויערן. דער ארויסגעשפרונגענער סאָוועטישער גאָלקיפער באווײַזט אָבער ניט פארכאפּן דעם גאָל אונ דער אונטערגעשפרונגענער טערקישער לינקער אינסאָד זעצט מיטן קאָפּ ארײַן דעם ערשטן גאָל אינ די טויערן פונ פ.ס.ס.ר. דער זיג איז אפ דער זײַט פונ טערקײַ, 1:0.

אינ א פאָר מינוט ארום, אדאנק דער גלענצנדער פאסאָווקע פונ די סאָוועטישע, פירט אונדזער צענטער־פאָרווערטס צו דעם באָל צו די טערקישע טויערן אונ גלײַכט אויס דעם כעשבן פונ דער שפיל.

— בערל,—האָט דער טערקישער געניטער ארביטער, פײַוול סיטאָ, פלוצים אויסגעשריִען, שטראָף! דו האָסט אָנגעכאפּט דעם מיאטש מיט דער האנט...

— דו טויגסט אזוי פאר אנ ארביטער, ווי איך פאר אנ אקושערקע—האָט אים דער סאָוועטישער צענטער פאָרווערטס בערל זיאבקאָ אָפּגעענטפערט, אונ די שפיל איז ווײַטער פאָרגעזעצט געוואָרן.

די טערקן האָבן זיך שטארק צעהיצט, גענומען באלאגערן די טויערן פונ פ.ס.ס.ר. אפ דער 40־טער מינוט געלינגט דעם טערקישן לינקן אינסייד פארלעשן מיט דער קאָפּ א „ליכט" אונ איבערגעבן דעם גאָל מיט דער קאָפּ דעם רעכטן „ראָנד" אונ יענער זעצט ארײַן א צווייטן גאָל אינ די סאָוועטישע טויערן. דער ערשטער כאווטיים האָט זיך פארענדיקט 2:1 מיט צוויי אויסגעזעצטע טאפּליעס אונ מיט א צעבראָכענער ליוסטרע לעטוּוועס טערקײַ, מאכמעס דער מאטש איז פאָרגעקומענ ניט אפן סטאדיאָן נאָר אינעם ענגן זאל פונעם ייִדישן קינדערהיים, אונ דערבײַ האָט מען געשפּילט ניט מיט קיינ עמעסן פוטבאָל, נאָר מיט א צענויפגעדרייטער נאסער שמאטע צענויפגעבונדן מיט שטריקלעך. דער טערקישער ארביטער פײַוול סיטאָ האָט ווידעראמאָל א פײַפ געטאָן אונ ס'האָט זיך אָנגעהויבן דער צווייטער כאווטיים.

— פאס!

— פאס!

— שוט!

די נאסע שמאטע איז יעדעווײַל געפלויגן אינ דער לופטן אונ געבאקן הייסע לאטקעלעך אפ דער נאסער סטעליע, אינ דער מינוט איז ארײַן דער לערער ייִסראָעל מיט יודקען גראק. די שפילער זײַנען די רעגע געבליבן פארשטיינערט אפ איינ אָרט, פונטק ווי אינ פינאל פונ גאָגאָלס „רעוויזאָר". לערער ייִסראָעלס פולע ליפּן האָבן אויסגעשנורעוועט א שמייכל. יודקע גראק האָט דעם שמייכל אײַנגעהאלטן אינ די קליינע בלויע אויגעלעך.

— טרל... האָט דער לערער ייִסראָעל אומדערווארט א פײַפ געטאָן אונ אופגעהויבן א האנט אינדערהייך—די שפיל איז פארענדיקט! אָט האָב איך אײַך געבראכט א קאָלעגע. א זעלטענער פוטבאָליסט, נאָר אויסער פוטבאָל קען ער, דאכט זיך, נאָך עפּעס. רעדט זיך מיט אים אליינ צונויפ. אונ ער איז ארויס, דער לערער.

— די שפילער האָבן טייקעפּ געפרוווּט פאָרזעצן דעם צווייטן כאווטיים, נאָר יודקע גראק האָט ארויסגעכאפּט בא זײ די נאסע שמאטע.

— אפ הײַנטיקס מאָל וועט זײַנ גענוג. זעצט זיכ אוועק אפ א ווײַלע. איכ דארפ זיכ מיט אײַכ דורכשמועסנ וועגנ עפּעס.

אנ אנדערש מאָל וואָלט אימ גאָר קײנער ניט געפאָלגט. נאָר איצט איז אלעמענ אָנגעפאלנ א נײַגיר צו וויסנ, ווער איז דער הײכער דראָנג, אונ וואָס דרײט ער זײ א קעפּקע.

— איז הײסט עס אזוי,—איז דער נײַער דערציִער טײקעפּ צוגעטראָטנ צו דער ארבעט... יאָ, פארגעסנ. מיכ רופט מענ יודקע. פּאָשעט יודקע אונ פארטיק.

— א טשודאק,—האָט עמיצער אויסגעשאָסנ א געלעכטער.

— איז הײסט עס אזוי,—האָט יודקע באלד פאָרגעזעצט אונ געזשמורעט מיט די לעפּלעכ. ווער ווײס פונ אײַכ וואָס הײסט אזוינס פּראָלעטאריאט?

די יאטנ האָבנ אימ פארווונדערט אָנגעקוקט.

— נו, איז הײסט עס, ווײסט קײנער ניט?

— איכ ווײס, האָט זיכ דער סאָוועטישער צענטער פּאָרוועטס בערל ראפּטום אופגעהויבנ פונעמ בענקל.

— האק ברודערקע!

— וואָס ביסטו אונדז געקומענ פארגעבנ קלאָצ־קאשעס, הא?

— זײַ ניט קײנ בוזאטיאָר, כאווערל!... איז הײסט עס אזוי—יודקע האָט דערפילט, אז עס ווערגט אימ אינ האלדז. די ווערטער פארהאלטנ זיכ,—איז הײסט עס אזוי. ווער וועט מיר זאָגנ וואָס הײסט אזוינס דיקטאטור?

— דיקטאטור, שמור,—האָט בערל איבערגעשלאָגנ—כעוורע, קומט פאָרזעצנ די שפּיל.

יודקע האָט אינ דעמ באָכערל מיט די אשיקע אויגנ אונ שפּיציקער אָדלערישער נאָז דערפילט א גרויסנ סוינע, ער האָט זיכ אָבער דאָס לעצטע מאָל געפּרווט.

— איז הײסט עס אזוי, וואָס איז אזוינס פאָרגעקומענ אינ דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע?

— איכ וועל זאָגנ!—איז דאָס ײִנגל פּײַוול סיטאָ ארויסגעשפּרונגענ אפנ בענקל.

— דאיאָש!

— אינ דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע—האָט דער טערקישער ארביטער אָפּגעהאקט—האָבנ די באָלשעוויקעס געגעבנ מיקאָלאשקענ מיט א קני אינ הינטנ אונ ער איז געפלויגנ מיט זײַנ קרוינ צו בעניעס מאמענ...

— איז הײסט עס אזוי,—האָט יודקע א שמײכל געטאָנ,—אינ אלגעמײנ איז עס ריכטיק, אָבער מע דארפ זיכ אויסדריקנ אביסל אײדעלער.

דער שמועס האָט זיכ אָבער ניט געקלעפּט. פארוואָס האָט זיכ דער שמועס ניט געקלעפּט האָט עס דאנ יודקע אויכ ניט גוט פארשטאנענ. צי עפּשער דערפאר, וואָס ער האָט זײ צעשטערט אזא מינ אינטערעסאנטנ מאטש? אונ עפּשער דערפאר, וואָס ער האָט ניט געפונענ דעמ נויטיקנ צוגאנג? יודקע האָט א פיר געטאָנ מיט דער האנט איבער דער אָפּגעשוירענער קאָפּ אונ ראפּטום זיכ אופגעשטעלט פונעמ אָרט.

— ווײסט איר וואָס? קימט, כ׳וועל אײַכ אויסלערנענ א נײַע שפּיל. ווער שפּילט עס אינ פוטבאָל מיט א שמאטע אונ דערצו נאָכ אינ א צימער? עכ, טשודאקעס זײַנט איר, ניט קײנ פוטבאָליסטנ!...

אונ ארויסגײענדיק אינ הויפ, האָט ער באלד בערלענ ארויסגערופנ אפ א פּארמעסט ווער וועט וועמענ איבעריאָגנ. דער נײַער דערציִוגענער האָט טײקעפּ געלאָזט זײַנע לאנגע פיס אינ גאנג. א יונגע זונ האָט געשווומענ איבער זײַנ קאָפּ. יאטנ האָבנ נאָכגעקוקט די לאנגע פיס, וואָס האָבנ געשלײפט אפנ טראָטואר אונ געלאכט. ערשט איצט איז ער זײ געפעלנ געוואָרנ.

.3

זדראָוו סיטאָ:

דײַנ לֿעצטער בריוו צווינגט מיכ זיכ דערווײַטערנ אפ צענ יאָר צוריק. ס׳איז ניט גאָר אינטערעסאַנט. באַזונדערס איצט, פײַוול! וואָס שרײַבסטו, א ראָמאַנ? א פּאָוועסט? א כראָניק? צוליב וואָס האָסטו זיכ איצט גענומענ פאר אזא מינ טעמאטיק, א? איכ בינ ניט קיינ קריטיקער, נאָר צי הייסט עס ניט, אז דו אנטלויפסט פונ דער צײַט? דאָס, וואָס דו האָסט מיכ גענומענ פאר א העלד פונ דײַנ בוכ, פרייט עס מיכ, עמעס, ניט שטארק. וואָס פארא העלד בינ איכ מ׳שטיינס געזאָגט פונ א ראָמאַנ? אָט וורואָנסקי, ראסקאָלניקאָוו, צי אָבלאָמאָוו, דאָס זײַנענ העלדנ פאר ראָמאַנענ! אונ וואָס בינ איכ? נו, וואָס קענסטו פונ מיר מאכנ אינ דײַנ ראָמאַנ? וואָס קענסטו אזוינס צוטראכטנ. נאָר מיר דוכט, אז איכ האָק שוינ א ביסל א טשײַניק... יאָ, זיכ דערמאָנט. פּעכע ארײַנ אינ דײַנ ראָמאַנ אזא נאָמענ ווי קערזאָנ. מער קאָנ איכ דיר גאָרניט מיטהעלפֿנ צו דײַנ פּאבולע.

ווענג זיכ?

קיינ איבעריקע נײַס ניטאָ. ווער ט׳עס געזאָגט פונ די דיכטער:

Цека играет человеком!

עמעס, מיט מיר שפּילט נאָכ דערווײַל ניט דער צעקא, נאָר דער היגער פּארטקאָם ווארפט שוינ מיכ אינ אלע זײַטנ, זיכ ערשט אומגעקערט פונ דאָרפ אונ איצט שיקט מענ מיכ שוינ קיינ דאָנבאס. אונ כ׳וועל דיר זאָגנ דעמ עמעס, ס׳איז אפילע שטארק פריילעכ אויכ. באגעגסט זיכ מיט נײַע כאוויירים, זעסט נײַע בינינאָנים... וואָס זיצסטו אפ איינ אָרט? אדיע, זײַ געזונט!

דײַנ יודקע גראַק.

אווגוסט 1931 י.

זדראָוו יודקע!

איכ שרײַב דיר איצט פונ זשיטאָמיר. איכ זיצ דאָ אונ שוויצ אפ מײַנ בוכ. ווענג זשיטאָמיר איז מיר שווער צו זאָגנ, וואָס דאָס איז: א שטאָט צי א שטעטל. מיר דאכט, אז ניט דאָס אונ ניט יענצ. איכ בינ ניט קיינ פאלענטאָלאָג, נאָר גייענדיק איינמאָל איבער דמיטריעווער גאס, האָט זיכ מיר אויסגעדוכט, אז באלד וועט אונטער א געשניצטנ פּידאַשעק ארויסגייִנ דער דירעקטער פונ דער היגער גימנאזיע. א ברייטער פארשויג אינ א שווארצנ ראָק מיט אָנ א שיר מעדאלנ אפ דער שווערער ברוסט. אינ לֿעבנ האָב איכ אזא מינ בריִע קיינמאָל ניט געזענ, נאָר מיר דוכט, אז אזוי האָט ער מיסטאָמע אמאָל אויסגעזענ.

וואָס שרײַב איכ? פרעג מיכ בעכיירעמ! כ׳ווייס אליינ ניט, וואָס דאָס וועט זײַנ. אז מע וויל וועט עס זײַנ א ראָמאַנ. אונ עפּשער טאקע א פּאָוועסט? אונ עפּשער גאָר א כראָניקע?... איכ האָב דאָ אָנ א שיר העלדנ אונ הארגע מיכ, צי איכ ווייס זיי ווו אהינטאָנ. כאסענע מאכנ אלע? זײַנענ זיי דאָכ אָבער דרײַצניאָריקע קינדער. סײַדנ געטנ דעמ לֿערער ייִסראָעל מיט זײַנ ווײַב? נאָר צוליב וואָס דארפ איכ אומזיסט אונ אומנישט געטנ א יונגע פּאָר פאָלק? איכ וואָלט א פּאָר העלדנ באגראָבנ, זײַנענ זיי אָבער אלע ווילֿע לֿעבנלוסטיקע יאטלעכ אונ ווילנ זיכ בעשומויפנ ניט אויסציִענ בא מיר אפ די זײַטלעכ... ס׳חאָט זיכ בא מיר אזוי צעפלאָנטערט דער סיוזשעט, אז איכ האָב מוירע, אז ס׳זאָל זיכ בא מיר ניט באקומענ ווי בא דיקענסנ. דו ווייסט, וואָס דער ענגלישער כאָכעמ האָט אמאָל אָפּגעטאָנ? אינ איינעמ פונ זײַנע ראָמאַנענ האָט ער, דאכט זיכ, אינ די ערשטע קאפּיטלענ באגראָבנ אונ אינ די ווײַטערדיקע קאפּיטלענ האָט דערזעלבער פארשטאָרבענער העלד ווידער אָנגעהויבנ לֿעבנ.

א קאשע אפ א מײַסע! בא אזא ראָמאניסט, ווי פײַוול סיטאָ, מיינסטו, קאָן זיך עס ניט באקומענ? נאָך וויאזוי!

ווו איך גיי און שטיי האלט איך די גאנצע צייט דעם קנופ פונעם ראָמאנ אינ קאָפּ, נאָר ער צעפלאָנטערט זיך די גאנצע צײַט, דער קנופ. יאָלקי פאלקי!...

מיך וואונדערט יודקע, ווי קומענ דיך אינ געדאנק אזוינע נארישקײַטנ, אז דערמיט, וואָס איך שרײַב איצט וועגנ פארוואָרלאָזטע, צי הייסט עס ניט, אז איך אנטלייפ פונ דער צײַט. בא דיר איז, ווײַזט אויס, א שמאָלער באגריפ וועגנ ליטעראטור. די טעמאטיק שפילט טאקע א גרויסע ראָל, אָבער באָלשעוויסטישע וועלט־אָנשויונג שפילט ניט קיינ קלענערע ראָל.

דעריקער איז טאקע אָט די באָלשעוויסטישע וועלט־אָנשויונג. און מיר איז זי איצט ניט פרעמד. און צוליב וואָס דארפ איך, א קינד, וועמענ עס האָט אויסגעהאָדעוועט די רעוואָ־ליוציע, אנטלויפנ פונ דער צײַט?...

טײַערער יודקע! אומזיסט זאָרגסטו זיך וועגנ דײַנ גורל אינ מײַנ ראָמאנ, זאָרג זיך ניט, יודקע! איך וועל דיך ניט צווינגענ נעריק אלטעטשקעס אפ די טרעפ, איך וועל דיך ניט הייסנ שפילנ אינ רולעטקע, איך וועל דיך ניט אוועקלייגנ אפ גאנצע 150 זײַטלעך אינ בעט טראכטנ... ניינ, דו וועסט בא מיר אינ ראָמאנ טאָנ זייער א קליינע, נאָר וויכטיקע ארבעט. דו וועסט לערנענ מיט די קינדער פּאָליט־איוורע. און וויל יאָ, וויל ניט—סײַוויי ליגסטו בא מיר איצט אפ די קיילנ. אז טאָמער וועט מיר אײַנפאלנ א מעשוגאעס, פארליבנ דיך אינ א מיידל, איז הער איך דיך אויך ווי דעם קאָטער!... ווײַל ווי קענ מענ עס אזא טײַערנ באָכער, ווי דו, ניט צונויפפּאָרענ מיט א מיידל? אלנפאלס, מירנ זענ. נאָר איידער וואָס וועג, וויים איך טאקע ניט וווהינ זיך ווײַטער צו קערנ. נאָר פארפאלנ! טשעכאָוו האָט, דאכט זיך, געזאָגט, אז טאָמער הענגט בא דיר אינ א דערציילונג א טשוויאָק, איז זאָל זיך דײַנ העלד אופהענגענ אפ אים. נאָר כ׳האָב זיך שוינ צופיל פארעדט... זײַ געזונט!

גריס אונדזערע יאטנ, קינדער פונ קינדערהויז נומ. 40 טאָמער טרעפסטו זיי. קערזאָנענ ל׳איך אויסנוצנ. שרײַב אָפטער בריוולעך, א קרענק דיר אינ די קישקעס ארײַנ!

דײַנ פײַוול סיטאָ.

אוגוסט 1931 י

.4

— אָטעמ אײַנ, אָטעמ אויס!

— אָטעמ אײַנ, אָטעמ אויס!

יודקע גראק איז ארומגעגאנגענ איבערנ זאל א האלב נאקעטער און אינ קורצע טרו־סיקעס. ערשט איצט האָבנ זיך געוואָרפנ אינ די אויגנ זײַנע לאנגע שלאנקע פיס. כעוורע זײַנענ געשטאנענ אויסגעשטעלט אינ פיר שורעס און נאָך יעדנ שיינעמ באפעל געמאכט א צוזיצ און זיך אופגעהויבנ.

— אָטעמ אײַנ, אָטעמ אויס!

„אָט דער לימוד—האָט יודקע א טראכט געטאָנ,—וועט שפעטער זײַנ א גוטער טראמ־פלינ צומ לימעד פונ פּאָליט־איוורע".

— אכטלעך!

יאטנ האָבנ זיך אויסגעצויגנ און אומישנע מערער ארויסגעפערעט די ברוסטנ קעדיי ווײַזנ, אז זיי זײַנענ ניט ערגער פאר מושטרירטע סאָלדאטנ. יורקע האָט אויסגעצויגנ א שטריק. איינ עק ציגעבונדנ צו א בענקל און דעמ צווייטנ געהאלטנ אינ האנט. א לאנגע שורע יינגלעך און מיידלעך האָבנ זיך א לאָז געטאָנ איבערשפרינגענ די שטריק, ביילקע איז זיך פאנאנדערגעלאָפנ, א מאכ געטאָנ מיט די הענט, נאָך א פאָר סאנטימעטער פאר דער שטריק זיך פלוצימ אָפּגעשטעלט.

— יודקע, איך קענ ניט שפרינגענ, בא מיר איז א צו שמאָל קליידל.

— טוט מען אויס דאָס קליידל—האָט בערל א זאָג געטאָן און זיך אָפּגעקערט מיט א דריבנעם געלעכטערל צו די ייִנגלעך.

ביילקעס רונדער פּאָנעם האָט ראַפּטום באַקומען אַלע קאָלירן פון א רעגנבויגן. זי איז האַסטיק ארויסגעלאָפן פ׳ן זאַל. יודקע האָט אַפּירגעטאָן מיט דער האַנט איבערן קאָפּ און פלוצים א קוק געטאָן אין פענצטער. א טראַמוואַי איז מיט ראַש דורכגעפלויגן די גאַס. א פויער איז פאַרבײַגעלאָפן מיט א ברייטער האַרבע. דעם פויער האָט דורכגעקרייצט דעם וועג אַן אויטאָ. דאָס פערד האָט זיך דערשראָקן, און זיך א הייב געטאָן אף די פאָדערשטע פיס און צעריסן די פּאַסטראָמקעס, יודקע האָט זיך צעלאַכט.

„א פאַסקודנער באָכערל״, האָט ער א טראַכט געטאָן וועגן בערלען. באַם ענדע לימעד איז דער לערער ייִסראָעל אַרײַן אין זאַל. ער האָט געהאַלטן אַן אײַזערנעם קווערטל אין דער האַנט. ער האָט געהאַלטן דאָס קווערטל הייך, ווי א קליין קינד האַלט א פענדל, אַז אַלע זאָלן עס אָנזען.

— כעוורע!—האָט ער פלוצים אויסגעשריִען און עס אָנגעהייבן דרייען אין דער לופטן. דער גלאַנץ פונעם בלעך האָט געוואָרפן בונטע שטיקלעך שײַן אף די ווענט.

— כעוורע טרעפט פון וואָס כ׳האָב עס געמאַכט!

די קינדער האָבן אים פאַרוווּנדערט אָנגעקוקט.

— א לייריקע פושקע פון קאָנדעסירטער מילך טאָר אויך ניט פאַרפאַלן גיין!—האָט ער זיגרײַך אויסגעשריִען. און דערבײַ פאָרגעזעצט דרייען דאָס קווערטל אין דער לופטן. ער האָט געשײַנט פון זײַן נײַער דערפינדונג.—ווער וויל מיר העלפן מאַכן קווערטלעך?...

כעוורע האָבן געשוויגן.

— קיינער ניט?—האָט ער א פינטל געטאָן מיט די גראָווע אויגלעך—און דאָס קווערטל די רעגע אופגעהערט דרייען... איז געפעלט אײַך, הייסט עס, ניט מײַן ארבעט? ער האָט עס אַרײַנגעלייגט אין קעשענע און זיך אויסגעדרייט צום אוועקגיין, איז באַלד בערל צוגעלאָפן, ארויסגעשלעפּט באַ אים דאָס קווערטל פון קעשענע און עס א וואָרף געטאָן ווי א פילקע אינדערהייך:

— אויך מיר אַן ארבעט! אָט קומט כעוורע, לאָמיר אים באַווײַזן, וואָס הייסט מאַכן קווערטלעך. מיר האָט דער לערער ניט באַדאַרפט. ער האָט באַלד די גאַנצע איניציאַטיוו אָפּגעגעבן דעם דערצויגענעם. אין ענגן ארבעט־צימערל האָבן אין א פאָר מינוט אַרום אָנגעהויבן קלאַפּן צענדליקער העמערלעך, צענדליקער שערן האָבן געשניטן דעם בלעך ווי פּאַפּיר. אין ווינקעלע האָט געזשומעט א פּרימוס. אין ענגן ארבעט־צימערל איז באַלד געוואָרן א ראַש פונעם געקלאַפּ פון די העמערלעך, פונעם כראָמטשען פון די שערלעך... דער פּרימוס האָט געזשומעט אין אוניסאָן. די ארבעט האָט פאַרכאַפּט. בערל איז אַרומגעגאַנגען מיט שטאָלץ איבערן צימער. מײַסע מײַסטער. פון דער קעשענע האָט באַ אים ארויסגעטאַרטשעט אַן אָפּצווּענגל.

— א פײַנער דיפּלאָמאַט—האָט יודקע גראַק געפּלאָכטן א שמייכעלע אף זײַנע קינדערשע ליפּן, א פײַנער דיפּלאָמאַט—אָט דער לערער ייִסראָעל, דער רויעך זאָל אים ניט נעמען!

---

אין א פאָר טעג אַרום איז פאָרגעקומען דער ערשטער געלונגענער לימעד פון פּאָליט־איוורע. אפן טיש איז געלעגן א דין ביכל אָפּגעדרוקט אף געלע צײַטונג־פּאַפּיר. יודקע האָט געבלעטערט דאָס ביכל און געפירט מיט א האַנט איבער דער אָפּגעשאָרענער קאָפּ.

איז הייסט עס אַזוי...

הײַנטיקס מאָל האָט אים בערל ניט איבערגעשלאָגן.

---

ז. ווערעמיקינ.

# לידער פונ לאגער.

צעשפרייט איבער ערד זיכ א בלוילעכער אָוונט.
האָט ער אונדז איינגעוויגט ווייסינקע, מידע.
אונדזערע ביקסנ—אינ אייזנ פארקאָוועט
אָוונטיק דרימלענ איצט אינ פיראמידנ.

שטייענ פאלאטקעס—אָפגעקילט—ווייכע
אינ לייכטנ פלאטער דער לייוונט פונ דעכער,
האָגלענ מיט שטערנדלעכ הימלשע הייכנ
שטעכנ דעם לייוונט מיט זילבערנע שטעכער.

שעפנ מיר רו פונ די זאפטיקע הייכנ
שלאָפ אזוי טיפ אונ געדיכט אונדז באפלעכט איצט
היטנ די רו אונדז מיט מוטערשער ווייכקייט
דעזשורנע, דנעוואלנע—וואכזאמע וועכטער.

אינ מיטנ נאכט אינ שטילער איכ כאפ זיכ ווענ אופ,
איז אזוי ליב מיר דאָס ברידערשע שנאָרכנ,
נאָר זאָל א סיגנאל איצט א שאלטאָנ מיט רופ—
גרייט זיינענ אלע
אפ סוינע זיכ ווארפנ.

סאָסנעס, בעריאָזקעס צעשטעלטע אינ רייענ
וויגנ די צווייגלעכ אינ גרינעמ געדרימל.
ביז עס צערינענ די זילבערנע רויכנ
ביז אופטריט פונ טאָג אפנ שוועל פונעמ הימל.

אונ באמ צוריק־מארש פונ נאכטיקנ טונקל
אונטערנ אָנגריפ פונ טייגיקער ווייסקייט.
שפרינגס אופ צערודערט פונ ווינקל צו ווינקל
הילכיק אונ הייס:
Падымайсь!... Падымайся!...

עס ליגט נאָכ א מידקייט אפ אונדזערע גלידער
שווער איז אצינדער מיט שלאָפ זיכ צעשיידנ
נאָר יעטווידער איינער פונ אונדז איז א גיבער.
שליידערט מענ אָפ אימ מיט גוואלד פונ די אויגנ.

נאָר אייניקע רעגעס—מיר שטייען שוין אלע
מיר שטייען שוין—„סמירנע"
אין גלײַכע קאָלאָנעס
ווערט שוין די מידקײַט אינגאנצן פארפאלן
מיט מונטערקײַט פרישער מיר גיסן זיך אָן איצט.

דרײַסיק־פערציק ווערסטיקע
געלאָדענע
פאָכאָדן
זײַנען מיר געוואָרן
פארהארטעוועט און פעסט
און די יונגע פלייצעס
וועלן איבערטראָגן
אי די גרעסטע היצן
אי די הארבסטע פרעסט.

אונטער האָגל בלײַענעם
ווי אונטער האָגל אײַזיקן
און זאָלן רעגנס דורכנעצן
ביז דעם לעצטן פאָדעם.
איבער אלע שטערונגען
וועלן מיר זיי דורכטראָגן
די דרײַסיק־פערציק־ווערסטיקע
געלאָדענע פאָכאָדן.

## טיך

דורך שמאָלן שניט פון מײַן פארזשמורעט אויג
צום הארץ פון ציל־ברעט
האָב איך מײַן בליק געווענדעט.
איך האָב דעם אָטעם טיף פארטײַעט,
ניט געפינטלט מיטן ברעם...
רויק—אָנגעשטרענגט
פון ביקס א צי דאָס צינגל
האָט עס פלוצלונג אויסגעקנאלט
מיט פלינקן ברען.
ס'האָבן קוילן זיך
שווער געלייגט
אין עפל שווארציקן
פון מײַן מישען.
ניט פארפירט האָט מיך מײַן אויג
ניט גענארט.
אזוי וואָלט זיך מײַן קויל געלייגט
אין סוינעס הארץ...

מ. שטורמאנ.

# ליד וועגנ מײַנ ביקס.

איכ רײניק ביקס מײַנע געטרײַע ז׳ אויס
סע זאָל דער גאנצער ברוד
דער גאנצער שטויב ארויס.

דעם פריקלאד, די שפּיז, די דולע
איכ וואש אויס
מיט געווער־בוימל, מיט בוימל קלאָרנ.
די געשיכטע דאָ פונ יעדער ביקס איז גרויס
די געשיכטע דאָ פונ ביקסנ־יאָרנ.

א שטאמפּ אפ ביקס מײַנער
דערציילט דיר קלאָר,
געבוירנ איז מײַנ ביקס
אינ נײַנצנ הונדערט זיבעצנטנ יאָר.
אפנ געווער־זאוואָד,
אפ א זאוואָד אינ טולע.
ביקס מײַנ ביקס
געווענ ביסט שוינ מיסטאמ גענוג
אינ הענט אינ דולע.

פײַנט אונדזערע
האָבנ מיט דיר עפּשער געשאָסנ
קאָמוניסטנ, ארבעטער, רויטארמייער אונ מאטראָסנ.

אונ געווענ ביסטו אפ געווער
אינ הענט אינ שטאָלענע, אינ הענט אינ שטאָלצע
אינ שטארקע הענט פונ יאטנ—קאָמסאָמאָלצעס.

אונ ס׳האָבנ די העלדנ פונ מײַנ קלאס—באָלשעוויקעס
מיט דיר אונדזערע סאָנעמ
אומגעבראכט פארניכטעט,
פאר אלצ, פאר אלצ
האָט אונדז דאָס ערשטע לענינ־לאנד פארפליכטעט.

דיכ היטנ, אָפּהיטנ, פארהיטנ
פאר א שטורעמ מארש,
פאר אונדזער בלוטיק רוישנ,
פאר א באשיצונגס־מארש
א ראשיקנ, א גרויסנ.

מ. ליפשיץ

# אויסוואקסנ אונ ווערנ גרויס

(אויסצוגנ פונ א פאָעמע).

.1

ביז דער פײַער וועט אינ אונדז צעבליענ!
האָט דער פלאַמ אסאכ פארברענט.
כאָרעווע, צעשטויבטע ווענט,
קוימענס עלנטע, ווי טליעס;
ניט קיינ פענצטער—בלינדע אויגנ.
ניט קיינ סטעליעס—קופעס אש.
אונ אפ די ברידער־קוואָרימ פרישע
זינ אסאב פונ ארבעט־קלאס.
ווי די קוואָרימ—די מאיאָנטקעס.
הרודעט הויכ פונ גרויענ מעל.
ס'האָט דאָ א גרויסער שטורעמ קאָנטיק
ערשט באגריסט ניט לאנג די ערד.
נאָר אפ גאסנ שפאנענ, שפאנט אומ
ניט דער כורבנ, ניט די וויי —
באָכערימ אינ גרויע מאנטלענ
זײַנענ געקומענ פונ ארמיי.

.2

ווי די וועלפלעכ פונ די גריבער,
פונ די שטילע וויג־לאנד קאנטנ
האָט מענ אונדז אינ שטאָט געבראכט;
אונדזער געגנט טיפ אינ וועלדער,
ווייניק מענטשנ,—מערער בוימער.
איז דער רויש אונדז אומבאקאנט.
פרילינג פלאנצט מענ בוימלעכ איבער,—
שלאָגט דער ווּקס פונ זיי ארויס —
וועלנ מיר אינ היימ, אינ נײַער,
אויסוואקסנ אונ ווערנ גרויס.

.3

אביסל צוקער, גרויפּן, פעטס,
א שטיקל ברויט, א ברעקל פּוטער;
נישקאָס,
ס'וועט אונדז ניט כאַפּן דער ניט־גוטער,
מיר וועלן אויסוואַקסן געזונט און פעטס.
די אויוונס קאַלטע ניט געהייצט,
א שטילער פּרי אין שנייען גרינט אויף,
די קינדהייַטס טעג אפילו ווינטער
זייַנען פּילפּאַרביק און הייס.
פאַרזאַמלונגען, און רייד, און טומל,
און שפּיל; און טענץ און שטיפערייַען.
פון אונדזער קינדערשער קאָמונע
וועט אויסוואַקסן א דאָר א נייַער.
טעג אין שול, באַנאַכט ביז שפּעט,
סעקציעס, קאָמיסיעס, רונגען.
און איך בין אין דער היים דער יונגער,
דער פאָרזיצער פון קאָמיטעט.

.4

אין זאַל האָט מען געשניטן ברויט,
האָבן געכאַפּט די קינדער ברעקלעך,
אין די קעשענעס פון רעקלעך
האָט מען אין קאַלטער קיך געלייגט
די ניט דערבאַקענע קאַרטאָפל;
אין שפּיל־צימער האָט מען געטאַנצט,
אין שול־צימער איז מען געפראָרן;
אָ, גוטער פרייַנט פון קינדער־יאָרן —
האָסטו עס דאַן מיט בלאָווע פינגער,
וואָס האָט פון שוך ארויסגעשטאַרצט
זיך שטיל אין שטוב אַרייַנגעשאַרט?...

.5

דו געדענקסט א ווינטער־נאַכט,
פון באַלקנס שווערע טראָפּנס גיסן;
מיר וועקן דיך און דייַנע האָר,
זייַנען ווייַסער פון דעם קישן; —
אי האָבן כוואַליע עס געלאַכט.
דערנאָך זייַנען געקומען פרייַנט,
געוואָלט דיך צונעמען
אפ ווייַסן ברויט און גאַנצע זאַכן

האָסטו גענומען לאכן...
— וואָס פעלט אונדז דאָ?
ס'איז דאָך אונדז גוט.

.6

וועט דאָך קלינגען ווי א ווונדער
ווי פאסט אױף זיך פרייד מיט הונגער,
ווי מיט כורבן פאסט זיך יאָנטעוו.
נאָר א קאשע אפ א מײַסע
פארגיט דען ווער, צי שטעלט דען ווער,
און יענע צײַט איז ווי א מײַסע.

ווילדע סאָנים, שטארקע זאטע,
צינדן, ברענען, ס'ברויזט דאָס לאנד,
רײַסט דער פײַנט ווי פוילע שמאטע
און צעזייט ווי שלעכטן זאמד.

מיד און שוואַך—אָבער אן טרויער,
כורבן, פוסטקײַט, נאָר אָן לײַד.
בא מעדינע קינדער בלויע
וואקסן שמייכלענדיק און ברייט.

.7

א טאָג ווערט אלט—קומט אָן א נײַער,
נײַ און אלט און ווידער יונג,
קינדערהיים הייסט אין שפיל, אין פרײַען
לערנען זיך געפאר און שווונג.
פוס צו פוס און האנט צו האנט,
מיר דארפן וואקסן גיך געשווינד;
אונדזער מוטער איז דאָס לאנד
און אונדזער לאנד אליין א קינד.
א יונגע ביסל יאָרן מײַנע
און מיר הויבן עס אָן א וועלט,
א ניט געזעענע, א נײַע,
ווינטער... קעלט... אין אויוון פײַער
ניט עס ברענט, עס רויכערט.
שיך, א מאנטל אָפגעטראָגן, ריסן...
לאנד מײַנס, ווי כ'וואָלט וועלן וויסן
מיט וואָס וועט אונדז די יוגנט גריסן,
דיך און מיך.

.8

אלע זומער גיסן רעגנס,
אלע ווינטער שיטן שנייען,
אלע קליינע קינדער מעגן
טאנצן, שפילן זיך און פרייען.
נאָר בא וואָלגע־זון און זון־גלי
גייען קינדער אויס פון הונגער,
ניט די מילן דאַרטן מאָלן,
ניט די בעקערייען באקן;
אייפעלעך ווערן געשוואָלן
אין די גאסן טויטע טאטעס.
גרעסטער פייַנט אין צאָרן ברענט,
דעם וואָלגע־קאנט איז ער באפאלן.
מיר גיבן אָפּ א טאָג דעם ברויט,
און טויט דעם הונגער ביזן טויט!
— ווער איז פאר דעם, הויבט אוף די הענט!
— אלע...

.9

אונדזער לאנד מיט ברויט, ווי קליינע
און מיט ליבע ווייס ווי מעל,
מיר זיינען לייבלעך איר און טייער.
זי וויל מיר זאָלן וואקסן העל.
מיר ווענלן זיך א הויב טאָג טאקע
און מיט יוגנט גיכער אָנטאָן
מיר זיינען קיינעם ניט מעקאנע.
אבי די וועגן זיינען גראמע,
אבי דעם גרויסן ווזקס דערקאָנט מען
אין וווקס מיט אלעמען צוזאמען.

עליע שעכטמאַנ.

# א סרייפע.

(פונעם ראָמאַנ „פּאַראַקערטע מעזשעס“).

פונ פאַרנאַכט אָנ, ווענ יוליע האָט אוועקגעפירט דעם פערד אינ קאָליעזשע אַרײַנ, איז יוליק מיט א קאָפּווייטעק אַרופגעקראָכנ אַפ די „ווישקעס“ [1] אונ זיכ אויסגעוואָרפנ אינ היי אַרײַנ. ער איז געלעגנ, יולַיק, מיט פאַרמאַכטע אויגנ. דער קאָפּ האָט אים געברענט. איבער די שלייפנ זײַנעג געפאַלנ שאַרפע מעסערלעכ. איבערנ גאַנצנ לײַב איז געגאַנגענ א שפּיל פונ שאַרפע נאָדלענ. ער האָט ניט געקענט יוליק, עפענענ די אויגנ, ווײַל די אויגנ זײַנענ אים פאַרלאָפנ געוואָרנ... אַרום האַלבער נאַכט, ווענ די צווייטע הענער האָבנ זיכ איבערגערופנ אַפנ כוטער, איז יוליק אַנשלאָפנ געוואָרנ, אונ אומרויִק איז געווענ דער שלאָפ זײַנער, אונ אינ שלאָפ האָט ער ווידער געזענ.

... א פאַרטאָג. א האַרבסטיקער פאַרטאָג. זײַנ טאַטע ליגט אינמיטנ וועג, וואָס פירט פונעם ווינטמיל אינ כוטער אַרײַנ. זיינ טאַטע ליגט א צענעריקטער, אונ דיכעט אזוי פּאַ־וואָליע, אַז ס׳איז שווער צו וויסנ, צו מע וועט אים א לעבעדיקנ כאָטש פאַרפירנ אַהיים...

אונ יוליק פּילט אינ שלאָפ, ווי זײַנ טאַטע ראַנגלט זיכ מיט פראַנקענ זיגערט. אָבער פראַנקאָ איז געזינטער, אונ זײַנ טאַטע ליגט שוינ אַפ דער נאַסער ערד אונ פראַנקאָ שלאָגט אים אונטערנ האַרצנ...

יוליק האָט זיכ א לאָז געטאָנ אַפ פראַנקענ... אונ ער האָט זיכ אופגעכאַפּט. ער האָט זיכ אופגעכאַפּט נאָכ אַסאַכ פריִער, איידער ס׳האָט זיכ אָנגעהויבנ צעגיסנ א וואַסערדיקער פאַרטאָג. זײַנע גרויסע אויגנ זיינענ אים נאָכ געווענ פאַרזאָרנ, אונ די פאַרזאָרענע אויגנ האָבנ געקוקט דורכנ צעריסענעם דאַכ אינ פאַרטאָגיקנ הימל. ער האָט געקוקט אינעם באַגי־נענדיקנ הימל אונ ער האָט געזענ פראַנקענ זיגערט אַרומגיינ מיטנ ברייטנ שפּאַנ. אונ מיט די פאַרזשמורעטע אויגעלעכ איבער די פעלדער... ער האָט געקוקט, יוליק, אינעם קאַלטנ בלויִלעכנ דרויסנ, אונ געזענ זיכ זיצנ אַפ דער שטוב־טיר ווי טאַדעושנ אַפנ געפלאָכטענעם פּלויט. ערשט נעכטנ פאַרנאַכט זײַנענ זיי ביידע אזוי געזעסנ, אונ יוליק האָט אים פּלוצים א פרעג געטאָנ:

— טאַדעוש, ווי מיינסטו, פראַנקאָ האָט ניט קיינ כיילעק אינ מײַנ טאַטנס טויט? איכ זאָג דיר, טאַדעוש, אַז פראַנקאָ האָט געהאַרגעט מײַנ טאַטנ...

טאַדעוש—פראַנקאָ זיגערטס געוועזענער „נאַמיט“ האָט אופגעהויבנ דעם קאָפּ מיט אזא אימפּעט, ווי ער וואָלט אָנגעטראָטנ אַפ א שטיק אָנגעגליט אײַזנ. טאַדעושעס אויגנ האָבנ זיכ באַגעגנט מיט יוליקס. א פּאָר מאַטעווע אונ א פּאָר גרויע אויגנ האָבנ לאַנג זיכ אָנגע־קוקט. די גרויע אויגנ האָבנ געקוקט אינ די מאַטעווע עפּעס אזוי מאָנענדיק, ווי זיי וואָלטנ געבעטנ:

— כ׳ווייס, אַז דו ווייסט... פאַרוואָס זאָלסטו ניט דערציילנ?

---

[1] אַפנ שטאַל־בוידעם.

— איך מעג דאָך עס אויך וויסן...

טאַדעוש האָט גאָרניט געענטפערט, ער האָט באַשלאָסן, טאַדעוש, ביז ער וועט גרינט־לעך ניט אויספאָרשן, קיינעם ניט דערציילן. ער איז אַרויסגעגאַנגען פון הויף און זיך אַוועקגעלאָזט מיט די פעלדער אָפּזוכן לייבקען, און נאָכאַמאָל זיך מיט אים דורכריידן. יוליק איז געבליבן אַזוי זיצן אויף דער שוועל פון שטוב־טיר. נאָך טאַדעושעס אַוועקגיין איז בא יוליקן דער כשאד געוואָרן נאָך גרעסער. אַלע אייוורים האָבן זיך אָנגעגאָסן מיט סינע אויף פראַנקען. עס האָט אים אָנגעהויבן בריען די פּיאַטעס און שטעכן אין די שפּיץ־פינגער·

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

יוליק איז געלעגן מיט פאַרזאָטענע אייגן און דורכן צעריסענעם דאַך געקוקט אין הימל אַריין. ער האָט, יוליק, געפילט, אַז ס'איז פראַנקעס אַרבעט... ער האָט זיך אַ פּאָר מאָל אויפגעהויבן און זיך צוריק אַוועקגעלייגט. ער האָט שוין מער ניט געקאָנט איינלייגן. אינ־ווייניק האָט אים געברענט. ער האָט געזען פאַר זיך פראַנקעס צעדראַפּעט האַרץ... און זיין טאַטן ליגן אויפן וועג... און יוליק האָט מער ניט געקענט איינלייגן אויף די „ווישקעס".

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

דער פאַרטאָג איז שוין געווען אין כוטער אַ ליכטיקער. דער גאַנצער כוטער איז גע־לאָפן מיט עמער. מיט נאַסע רעדנעס. פון די סטאַוווקעס און פון „סובאָוואַליע" איז מען געקומען צורייטן אויף פערד.

ס'האָט געברענט פראַנקאָס שטאַל.

די הינט האָבן פאַרדרייט די וויידלען צווישן די פיס און האָבן זיך צעוואָיעט. פראַנ־קאָס כודאָבע איז אַרומגעלאָפן איבערן שטאַל מיט אַ רעוועריי. די כודאָבע ־האָט זיך געוואָלט אַרויס פון שטאַל. די פערד זיינען אַרומגעלאָפן איבער דער סטאַניע, זיי האָבן זיך צעפּור־זשעט און געהירזשעט. די סטאַניע האָט זיך אויך אָנגעכאַפּט אין פייער, האָבן זיך די פערד אַ לאָז־געטאָן איבער דער סטאַניע, ווי פאַרסאַמטע. אָבער אין דרויסן האָבן זיי ניט געוואָלט אַרויסגיין. און דער פייער איז מיט יעדער רעגע געוואָרן גרעסער. פראַנקאָ איז אַרומגע־לאָפן איבערן הויף און געשריען:

— ראַטעוועט דעם סקאָט!

די פויערים, וואָס האָבן געדעקט די איבעריקע דעכער מיט נאַסע רעדנעס, האָבן זיך געלאָזט העלפן אַרויסטרייבן די כודאָבע. מ'האָט גענומען טורטשען דער כודאָבע אין די אויערן אַריין, מ'האָט זיי אַריינגעשריען אין די אויערן „פּאָזשאַר", און די כודאָבע האָט גענומען אַרויסלויפן פונעם שטאַל. פינף פערד זיינען אַרויסגעלאָפן פון סטאַניע, נאָר די קאַטשאַנקע מיטן לאָשעקל, וואָס איז געשטאַנען בא פראַנקען אָפּגעצוימט באַזונדער, האָט פון דער סטאַניע ניט געוואָלט אַרויסגיין. ס'האָט ניט געהאָלפן דאָס מורטשען און דאָס שרייען איר אין אויער אַריין. דעם לאָשעקל האָט מען יאָ אַרויסגעטריבן איז ער באַלד צוריק אַריינגעשפּרונגען, און דערווייל האָט מען שוין געמוזט אַרויסגיין פון שטאַל, און לאָזן די שקאַפּע מיטן לאָשעקל, דאָרטן, ווייל די שטאַלן זיינען שוין געווען פאַרכלינעט מיט פייער.

די שטאַל האָט געברענט. ווי אַ קרומע ליכט האָט די שטאַל געברענט. ווייל דער ווינט האָט געטריבן דעם פייער אין פעלד אַריין. פראַנקאָ איז עטלעכע מאָל אַרומגעלאָפן די סטאַניע און נאָר געטראַכט אַרויסראַטעווען כאָטש דעם לאָשיקל, אָבער ס'איז געווען אומ־זיסט. איז ער געבליבן שטיין אויפן בערגל, און ער האָט געקוקט ווי דער פייער גייט אין פעלד אַריין.

אַריע יוזעפינער האָט אונטערן שטוב אָנגעטאָן די געקעסטלטע באַסטאָנענע הויזן, ווייל אין זיי איז געלעגן דאָס גאַנצע געלט. פראַדל איז דורכן פענצטער אַרויסגעקראָכן אין סאָד אַריין אַ נאַקעטע.

— אַריע, ווו ביסטו?

— אָט־דאָ בין איך—איז איר אַריע געלאָפן אַנטקעגן,—ווו איז דער „קניפּל".

— נא דיר אים... האלט צו, כ׳וועל אפ זיכ עפעס ארופכאפנ...

— כאפ, כאפ, נאָר וויַיז אהער דיַינ האלדז וועל איכ אפ אים אָנטאָנ דאָס „קניפל".

— מע האָט אונטערגעצונדנ, הא, אריע?

— אונטערגעצונדנ, אונטערגעצונדנ, נאָר דריי זיכ ניט, האלט די גאנצע צייַט דאָס האנ אינ בוזעמ... זאָלסט ניט פארגעסנ! דאָס הארצ זאָגט מיר, פראדל, אז ס׳האָט זיכ אָנגעהויבנ.. ס׳וואָלט געווענ גלייַכער, אז איכ זאָל איצט אָפּפאָרנ אפ א פאָר וואָכנ...

— אכ. מיכ וועסטו איבערלאָזנ? איינע אליינ? כ׳וועל ניט בלייַבנ, איכ דארפ ניט, איכ...

— שא, זע נאָר, איכ פאָר נאָכ ניט,—אונ זיי זייַנענביידע אריַינ אינ הויפ.

פראנקאָ זיגערט איז אלצ געשטאנענ אכנ בערגל אונ האָט געקוקט, ווי די שטאל וואָרנט זיכ מיט פייַער. דער דאכ האָט שוינ אָפּגעברענט. ס׳איז שוינ קיינ סימענ פונ אים ניט געבליבנ. סע ברענענ שוינ די קראָקוועס. ס׳הויבנ זיכ שוינ אָנ וואלגערנ די ווענט.. האָט ער נאָכאמאָל, פראנקאָ, באטראכט דעמ ווינט אונ געזענ: דער ווינט גייט אָנ א זייַט. דער פייַער גייט ניט אינ הויפ אריַינ. האָט ער אָנגעקלאפּט די ליולקע אונ פארויכערט. ער האָט פארויכערט, פארקנייטשט איינ האלבנ פּאָנעמ אונ איז ארויס אינ פעלד אריינ.

איבער די פעלדער איז ארומגעלאָפנ די כודאָבע מיט פאריסענע ווידלענ. דער פייַער האָט זיכ געקאטשעט איבער דער ערד. זיכ ארומגעטראָגנ איבער דער ערד. די פערד האָבנ געבריקעוועט. ארומגעלאָפנ אינ א קרייַז. אריעס אָגער האָט פאריסנ דעמ ווידל, אָנגע־בויגנ דעמ קאָפּ אונ אוועק איבערנ פעלד, אז א וואָלקנ האָט זיכ נאָכ אימ אופגעהויבנ.

פראנקאָ איז קימאט ווי אריַינגעלאָפנ אינ הויפ אריַינ. ער האָט אָפּגעזוכט אריענ אונ אימ א צי געטאָנ פארנ ארבל. ביידע האָבנ זיכ אָנגעשפּארט אינעמ פלויט. אריע האָט זיכ אָנגעבויגנ צו פראנקענ אונ גענומענ קלוימערשט צורויכערנ בא אימ א ציגאר.

— איצט איז געקומענ די צייַט—האָט פראנקאָ אָנגעהויבנ, ווענ אריעס קאָפּ איז שוינ געלעגנ אפ זיינ אקסל,—מע קאָנ פונ אימ פּאָטער ווערנ... ווי טיינט איר?

— פונ וועמענ? האָט אריע אופגעהויבנ דעמ קאָפּ אונ א קנייטש געטאָנ דעמ פליאכע־וואטנ שטערנ.

— פונ טאדעושנ... פארשטאנענ?

— מ־מ־מ—איז אריע אריבער אפ דער צווייטער זייַט,—אָבער פונוואנענ ווייסט איר אז ס׳איז ער?...

פראנקאָ איז אויכ אריבער פונ יענער זייַט פלויט:

— וואָס איז די נאפּקעמינע? איר ווייסט שוינ וואָס איר האָט צו טאָנ?

— כ׳ווייס.

— איז קומט אינ די רעדלעכ אריַינ!..

* * *

ווענ דער פייַער האָט זיכ ארומגעדרייט איבער די רוימענ, ווענ א רויטע כמאַרע האָט שוינ באדעקט דעמ סטאווקער הימל, איז נאָכ טאדעוש געשלאָפנ בא אורעמלענ אינ קלוניע. אָבער די הינט האָבנ אזוי אָנגעהויבנ פונ אלע זייַטנ וואָיענ, אז טאדעוש איז א דערשראָ־קענער אונ א פארשלאָפענער ארויסגעלאָפנ אינדרויסנ אונ דערזענ:

איבערנ וואלד, פונ איינ דעמבנ־קרוינ צומ צווייטנ האָבנ ווי וועוועריקעס געטאנצט לאנגע סטענגעס פייַער. דער גאנצער הימל האָט געברענט אונ ס׳האָט געדאכט, אז די סרייפע איז טאקע אפנ הימל, אז ערגעצ דאָרטנ האָט זיכ אָנגעכאפּט אונ סע סארפעט, נאָר א שטיק פייַער איז אהער, אפ דער ערד ארָאפּגעפאלנ, אונ סע ברענט פונ אויבנ, אונ סע ברענט פונ אונטנ...

— אווראָמע,—איז טאדעוש אריַינגעלאָפנ צוריק אינ קלוניע,—סע ברענט! אינ כוטער ברענט! אונ מיר דאכט, אז סע ברענט בא פראנקענ...

אווראָם סטאַווקיער האָט אַפּגיכ אונטערגעגאַרטלט די הויזנ און איז אַרויסגעלאָפנ אינ דרויסנ. דער דרויסנ האָט אימ אויכ באַגעגנט מיט אַ העלער ליכט. אַנ אויסגעבויגענער פּײַער האָט זיכ געקאַטשעט איבערנ וואַלד. אווראָם סטאַווקיער האָט איבערגעדרייט דעמ קאַשקעט אינ דער אַנדער זײַט און האָט אויסגעשפּיגנ:

— אַ, כאָליערע... ווער האָט עס אונטערגעלאָזט דעמ רויטנ האָנ?!

טאַדעוש האָט ניט געענטפערט. ער האָט געקוקט, ווי דער פּײַער כוואַליעט איבערנ כוטער. ווי דער פּײַער שטעקט אַלעמאָל אַ רויטנ קאָפּ אינ אָנהויב דאָרפ אַרײַנ. טאַדעושנ איז פּלוצימ דורכגעלאָפנ אַ געדאַנק, „סע דאַרפ זײַנ אַליקס אַרבעט"... האָט ער אַ שלעפּ געטאָנ אווראָמענ פאַרנ שטריקל.

— אווראָמע, לאָמיר לויפנ?

זיי זײַנענ ביידע געלאָפנ, זיי זײַנענ געלאָפנ איבער די פעלדער. איבער די כוואַסעס. אַפּ די פעלדער איז געווענ ליכטיק. די סרייפּע האָט זיך געשפּילט איבער דער ראַכוועס, די סרייפּע האָט זיכ געפּאַשעט אַפּ די פעלדער. אווראָמ סטאַווקעס איז געלאָפנ אַ פאַרסאָפּעטער און האָט געהאַקעט:

— אײַ, אײַ... די הענטלעכ מיט די פּיסלעכ דאַרפ מענ זיי אויסקאָרטשעווענ, זיי קענענ דאָכ אומגליקלעכ מאַכנ... די קליינע בײַסטרוקעס...

טאַדעוש איז דער ערשטער אַרײַנגעלאָפנ אינ הויפ אַרײַנ. ער האָט זיכ געלאָזט זוכנ יוליקנ. זײַנע אויגנ האָבנ איבערגעטאַנצט דעמ גאַנצנ הויפ און יוליקנ האָבנ זיי ניט באַגעגנט. ער האָט, טאַדעוש, דערזענ, ווי אַליע מיט לייבקענ זײַנענ אַרײַנגעלאָפנ אינ הויפ צעשראָקענע, האָט ער, טאַדעוש, זיכ געלאָזט צו זיי. אָבער דאָ איז אימ פראַנקאָ פאַרלאָפנ דעמ וועג מיט אַ גוואַלד:

— פאַרוואָס האָסטו מיכ אונטערגעצונדנ? וואָס האָסטו געהאַט צו מיר?

טאַדעוש איז געבליבנ שטיינ. ער האָט אַ קוק געטאָנ אַפּ פראַנקאָנ, דערנאָכ איז ער אונטערגעגאַנגענ צו פראַנקענ אַזוי נאָענט, אַז פראַנקאָס באָרד האָט זיכ אָנגעריבט אינ זײַנ פּאָנעמ.

— ס'וועט ניט גיינ, האָט טאַדעוש אַרײַנגעזאָגט פראַנקאָנ גלײַכ אינ פּאָנעמ אַרײַנ, פאַרשפּאָרסט שרײַענ... ס'וועט דיר...

— זעט נאָר, מענטשנ גוטע,—האָט זיכ פראַנקאָ אויסגעדרייט צומ אוילעמ—ער מאַכט אַנ אָנשטעל, ווי ער ווייס פונ גאָרניט... און ער האָט אָנגעכאַפּט טאַדעושנ פאַרנ לאַץ און אימ גענומענ טרייסלענ,—זאָג נאָר, וואָס האָסטו געהאַט צו מיר?

— זאָל ער זאָגנ!—האָט אַריע אַזעפּינע אונטערגעכאַפּט פראַנקאָס קאָל און אימ געוואָלט צעוויקלענ ווײַטער,—צינדנ גאָר? דעמ קאָפּ דאַרפ מענ אימ אַראָפּנעמענ...—אָבער קיינ סאַכ קוילעס האָבנ אימ ניט אונטערגעהאַלטנ. אינ הויפ און פונ יענער זײַט הויפ איז געוואָרנ אַ גרויסע סומאַטאָכע...

אווראָמ סטאַווקער איז געבליבנ שטיינ, ווי צעמישט. דער פּײַער האָט זיכ געבראָכנ איבער די קעפּ. דער ווינט האָט אַ יאָג געטאָנ דאָס פּײַער אינ הויפ אַרײַנ, און אַ פונק האָט געטראָפנ אווראָמענ אינ אויג אַרײַנ. אינ הויפ איז געוואָרנ אַ בלאָטע מיט אַ גליטש. דאָס רעדל אַרומ פראַנקאָנ איז געוואָרנ גרעסער. מ'האָט אַרומגערינגלט טאַדעושנ. פראַנקאָס קאָל האָט זיכ אַלעמאָל פאַרשטאַרקט.

— ער האָט מיכ אונטערגעצונדנ!

אווראָם סטאַוועקער איז אַרופּגעשפּרונגענ אַפּנ וואָגנ, מיט וועלכנ מע האָט געפירט וואַסער, ער האָט אַ דריי געטאָנ דעמ קאַשקעט אינ דער אַנדער זײַט, און האָט צעשפּרייט די הענט אינדערלופטנ:

— מענטשנ גוטע! גלויבט אימ ניט, פּו אַנקאָנ...—אָבער זײַנ קאָל איז דערטרונקענ געוואָרנ אינעמ געפּילדער. לייבקע האָט זיכ אויכ געוואָלט דורכשפּאַרנ דורכנ אוילעמ. ער

האָט זיכ געשפארט צו טאדעושנ, אָבער מע האָט אימ אָפּגעשטויסנ, איז ער צוגעלאָפנ צומ וואָגנ, ווו אווראָמ איז געשטאנענ.

— קאמניעזאמאָוועצעס,—האָט אווראָמ געפאָכעט מיט די הענט—ער האָט גענעכטיקט מיט מיר אינ קלוניע... מיט מיר געשלאָפנ...

ס'איז געווענ אומזיסט. ס'איז דורכגעלאָפנ א קלאנג, אז פראנקאָ שלאָגט טאדעושנ אונ די קאמניעזאמאָוועצעס האָבנ שוינ ניט באדארפט אווראָמ סטאווקערס רעדער. דער הויף האָט זיכ צעטיילט אפ צווייענ. ס'איז שוינ געגאנגענ א געשלעג. די ווײַבער האָבנ געקוויטשעט. פראדל איז ארופגעקראָכנ אפנ פלויט, געהאלטנ די האנט אינ בוזעמ אונ געקוויטשעט ניט מיט איר קאָל:

— אריע, גוואלד אריע. דו גייסט אינ די נײַע הויזנ... זיי וועלנ דיכ הארגענענ...

אריע האָט עס אפילע ניט געוואָלט הערנ. ער האָט דערזענ אווראָמענ שטיינ אפנ וואָגנ, האָט זיכ אינ אימ אָנגעכאפּט די רעציכע „הא, א, דער האָליש איז שוינ אויכ דאָ... אומעטומ איז זײַנ אײַסעק“... איז ער צוגעלאָפנ, א שלעפ געטאָנ דעמ וואָגנ אהינ אונ צוריק. אווראָמ איז געשטאנענ אָנגעשפארט מיט איינ פוס אפ דער דראבינע, האָט ער זיכ א וואקל געטאָנ אינ ביידע זײַטנ אונ איז ארופגעפאלנ אפ לייבקענ, וואָס איז געשטאנענ נעבנ וואָגנ.

— איר זײַט ארעפּגעפאלנ, רעב אווראָמ,—איז אריע צוגעלאָפנ צו אימ אונ אימ געוואָלט העלפנ זיכ אופהויבנ,—צו וואָס זאָל א ייִד זיכ מישנ אהינ, ווו ער דארפ ניט?

ווענ ער וואָלט ניט געווענ שלעפנ דעמ וואָגנ,—האָט לייבקע זיכ אופגעהייבנ פונ דער ערד א צערייצטער אונ אָפּגעווישט די בלאָטע פונעמ פּאָנעמ,—וואָלט רעב אווראָמ ניט געווענ ארעפּפאלנ...

— אוועק, דו מאמזער,—האָט אריע מיט דער רעכטער האנט א שטופ געטאָנ לייבקענ פונ זיכ אונ לייבקע האָט נאָכ אמאָל א פאל געטאָנ אפ דער ערד,—דו מישט זיכ אויכ?

— איכ מיש זיכ אהינ ווו מע דארפ ניט?—האָט אווראָמ פונ קאעס זיכ א ריס געטאָנ די גרויסע באָרד. ער האָט א שפּײַ געטאָנ אינ ביידע הענט. א רײַב געטאָנ איינ האנט אינ דער אנדערער, זיכ אביסעלע אונטערגעהויבנ אפ די שפּיצ פינגער אונ דערלאנגט אריענ מיט יענעמ קולאק אונטערנ אויער—אָט דאָס איז אויכ שלעפנ וועגענער! אָט דאָס איז אויכ פאר לייבקענ... אונ דאָס איז אויכ דערפאר, וואָס איר מישט זיכ יאָ...

דער געשלעג איבערנ הויפ האָט זיכ צעוויקלט. איבערנ גאנצנ דאָרפ האָט זיכ פארשפרייט די ידיע „בא פראנקאָנ שלאָגט מענ זיכ... מע שלאָגט טאדעושנ“. איז מענ געלאָפנ גרויס אונ קליינ. יאנקע דער מילנער מיט מיכײַלאָ טאדאָסקעס האָבנ ארעפּגעכאפט די אָרטשיקעס פונ די וועגענער, זיכ ארופגעכאפט אפ די פערד, אונ זײַנענ געלאָפנ העלפנ פראנקאָנ.

די שטאל האָט דערווײַלע געפלאקערט, וויכטיעס פײַער האָבנ געלעקט די רוימענ. די קוילעס אונ דער געשלעג האָט זיכ פארשטארקט. בלוט איז שוינ גערונענ איבער די קעפּ. בא אווראָמ סטאווקער אונ בא לייבקענ האָבנ זיכ צעקאָכט די בלוטנ, אונ ווענ זיי האָבנ געזענ, אז אריע ווארפט זיכ שוינ מער ניט שלאָגנ, האָבנ זיי געכאפּט צו דרענגלעכ אונ האָבנ זיכ א וואָרפ געטאָנ העלפנ טאדעושנ...

די נאכט איז דערווײַל ניט געשטאנענ. דער פארטאָג האָט זיכ דערשלאָגנ צומ כוטער. אונ ווענ ס'איז ערשט ליכטיקער געוואָרנ, האָט אליע געפונענ יוליקנ ליגנ אונטער דער קלוניע אונ ניט ווײַט פונ אימ האָט זיכ געוואלגערט א פעקעלע שוועבעלעכ...

# ליפע העלער.

* *
*

פארטאָג.
עס איז שטיל.
עס קוקט ערשט ארויס דער באגינען,
פון מיזרעך, פון ווײַטן די זון קריכט ארויס אזוי רויט...
און דאָ, —
שטייט א הינטל און בילט
און א ווינט לויפט ארום אָן א זינען,
און אנדריי טרײַבט דעם פערדל און גייט נאָכן אקער געגוויגט.

ס'איז שטיל.
נאָר דער ווינט לויפט ארום,
כאפט א האָר פון זײַן באָרד און פארטראָגט,
גייט און אקערט אנדריי אזא מידער...
טוט דער הינטל א ביל
און בלײַבט שטום,
ווי דער טאָג
און לויפט נאָכן טאָג און בילט ווידער.

ס'איז הייס.
ס'ברענט די זון,
ליגט א שטילע און ווארעמט זיך ערד,
גייט דער פערדל א מאָגערער דארער...
ווישט דעם שווייס
אָפ אנדריי און ער ברומט:
— אך, ווי הייס,
— אך, ווי שווער,
האלט כאָטש אָנגיין אין הייכן א כמארע.

ס'איז שטיל,
נאָר דער ווינט לויפט ארום,
כאפט א האָר פון זײַן באָרד און פארטראָגט,
גייט און אקערט אנדריי אזא אלטער און מידער...
— — — — — — — — — — —

גייט דער טראַקטער און שפּילט,
גייט דער טראַקטער און ברומט,
גייט דער טראַקטער אין טאָג,
גייען יונגען צוזאַמען געברידערט!

לויפט דער טראַקטער
און ער יאָגט
און פאַרטויבט די ראַכוועס...
ס'האָט צעפלאַקערט
זיך דער טאָג —
— שטילקייטן, ווער דאַרף עס?...

רייסט דער טראַקטער
שטיקער ערד
און פאַרוואַרפט אַהינטער.
ער איז שטאַרקער
פון די פערד,
שטאַרקער און געזינטער.

פרעסט דער טראַקטער,
לאַבנס ערד,
— פעלדער קאָלעקטיווע.
פודלט זיך אין הייך
א רויך —
ס'איז דעם טאָגס א גריווע.

טראָגט די זון
דעם טאָג אַראָפּ
אונטער אירע פאַכוועס...
טראַקטער ברומט
טראַקטער יאָגט
און פאַרטויבט די ראַכוועס...

האָבן יונגען
זיך געפרייט,
אַף די פעלדער ברייטע,
און געזונגען,
און געזייט — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — —
— פעלדער שוין פאַרזייטע.

גייט דער טראַקטער און שפּילט,
גייט דער טראַקטער און ברומט,
גייט דער טראַקטער פון טאָג,
גייען יונגען און זינגען דאָ לידער!

— דאָ איז פריילעך,
דאָ איז פרײַ, —
פעלדער קאָלעקטיווע.
אי, אי, אי, —
און אי, אי, אי, —
מיט אזא מין ליבע.

— אונדז איז פריילעך
אונדז איז גוט,
קאשערט אָפ די ארבל.
יאטנ, מיידלעך, —
אָפגערוט, —
ווידער צו דער ארבעט.

י. קוליט.

# װעגן דער באַדײַטונג פון כ׳ סטאַלינס בריװ פאַרן װעלט-באָלשעװיזם.

די רעװאָלוציאָנערע טעאָריע, „זי, און נאָר זי, קען געבן דער באַװעגונג זיכערקײַט, דעם קױעך פון אָריענטירונג און פאַרשטאַנד פון דער אינערלעכער פאַרבינדונג פון די אַרומיקע געשעענישן, מאַכמעס זי, און נאָר זי, קען העלפן דער פּראַקטיק פאַרשטײן ניט בלױז דאָס, װי און װוהין עס באַװעגן זיך די קלאַסן אין דער קעגנװאַרט, נאָר אױך דאָס, װי און װוהין דאַרפן זײ זיך באַװעגן אין דער נאָענטסטער צוקונפט“ (י. סטאַלין „צו די פראַגעס פון לעניניזם“).

יעטװידע אַרױסטרעטונג פון כ׳ סטאַלין גיט דער באָלשעװיסטישער באַװעגונג זיכערקײַט און קױעך פון אָריענטירונג. כ׳ סטאַלין שטײט אױף דער װאַך פון דער לענינישער טעאָריע, װאָס זאָל ניט זײַן אָפּגעריסן פון דער רעװאָלוציאָנערער פּראַקטיק. כ׳ סטאַלין שטײט אױף דער װאַך פון דער רעװאָלוציאָנערער פּראַקטיק, װאָס איז ניט בלינד, װײַל זי איז באַלױכטן פון דער רעװאָלוציאָנערער טעאָריע. דער בריװ פון כ׳ סטאַלין צו דער רעדאַקציע פון זשורנאַל „פּראָלעטאַרסקאַיאַ רעװאָליוציאַ“ באַשטעטיקט דאָס מיטן גאַנצן קױעך.

עס איז ניט שװער צו געפינען די לאָגישע פאַרבינדונג־פעדים צװישן דער אַרױסטרעטונג פון כ׳ סטאַלין אױף דער קאָנפערענץ פון די אַגראַרניקעס־מאַרקסיסטן און זײַן לעצטער אַרױסטרעטונג מיטן בריװ.

די רעדע פון כ׳ סטאַלין דעם 27־טן דעקאַבער 1929 י. האָט דריקער אױסגעדריקט דעם נײַעם קערפּונקט פון אונדזער פּאַרטײ־פּאָליטיק אין דאָרף, א קערפּונקט פון אַלװעלט־לעך־היסטאָרישן באַדײַט; האָט פאָרמולירט די נײַע פּאַרטײ־פּאָליטיק בענוגײע צום באַלעגוף; האָט צעשמעטערט די פּרוּװן אָפּצולײקענען די קאָלװירטן אַלס אונטערנעמונגען פון סאָציאַליסטישן טיפּ; האָט פאָרמולירט אונדזערע אױפגאַבעס אין פאַרװאַנדלען די אינדיװידואַליסטישע פּסיכאָלאָגיע פון פּױער־קאָלװירטלער אין א פּסיכאָלאָגיע פון א װירקלעכן מיטגליד פון דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט (דאָס װערט אַצינד פאַרװירקלעכט מיטן פּאַרטײ־לאָזונג פון אָרגאַניזאַציאָנעל־װירטשאַפטלעך פאַרפעסטיקן די קאָלװירט־בױונג), אָבער ניט נאָר דאָס.

די רעדע פון כ׳ סטאַלין אױף דער קאָנפערענץ פון די אַגראַרניקעס־מאַרקסיסטן האָט אױך פאַרניכטנדיק צעקריטיקירט די בורזשואַזע און קלײנבירגערלעכע טעאָריעס אין דער אַגראַר־פראַגע, האָט פעסטגעשטעלט דעם אָפּשטײן פון דער טעאָריע פון דער פּראַקטיק אױפן אַגראַר־פראָנט, און ניט נאָר אױפן אַגראַר־פראָנט, און גערופן צו ליקװידירן דעם דאָזיקן אָפּשטײן.

אַזױ אַרום האָט כ׳ סטאַלינס רעדע אין 1929 י. געהאַט און האָט א היסטאָרישע באַדײַטונג פאַר אונדזער גאַנצן טעאָרעטישן פראָנט. אין סײַדער פון ליקװידירן דעם

אָפּשטײַן פון טעאָרעטישן פראָנט, אונטערוואַרפן איר אונטער די אינטערעסן פון דער סאָציאַליסטישער בויונג,—און דערגרייכן דאָס קען מען בלויז אין קאַמף פאַרן מאַרקסיזם־לעניניזם,—איז אויפגעדעקט און באַקעמפט געוואָרן די רובין־שול אין דער פּאָליטעקאָנאָמיע, די דעבאָרין־שול פון מענשעוויזירנדיקן אידעאַליזם אין דער פילאָסאָפיע, די פּערעווערזעוו־שול אין ליטעראַטור א.א.וו. אַנדערש האָט עס אויך ניט געקענט זײַן, ווײַל אײַנרײַס צווישן דער טעאָריע און פּראַקטיק איז איינע פון די גרונט־יעסוידעס פון דידאַזיקע אַנטי־מאַרקסיסטישע סיסטעמען. אין קאָנקרעטן קאַמף פאַר דעם, אַז די טעאָריע זאָל געשאַפן ווערן אין קעסיידערדיקער פאַרבינדונג מיט דער רעוואָליוציאָנערער פּראַקטיק פון דער סאָציאַליסטישער בויונג און לעטויוועס איר האָבן דידאָזיקע סיסטעמען געמוזט אויפגעדעקט און באַקעמפט ווערן.

פונקט אַזוי ווי די רעדע פון כ׳ סטאַלין אין 1929 י. איז געווען געווענדט צום אַגראַר־פראָנט און האָט אָבער געהאַט אַ שײַכעס צו אונדזער גאַנצן טעאָרעטישן פראָנט, פונקט אַזוי איז דער בריוו פון כ׳ סטאַלין אין „פּראָלעטאַרסקאַיאַ רעוואָליוציאַ", געווענדט קוידעמקאָל צום היסטאָרישן פראָנט, באַשטימט אָבער די וויכטיקסטע אויפגאַבעס פאַר אונדזער גאַנצן טעאָרעטישן פראָנט. פונקט אַזוי, ווי כ׳ סטאַלין האָט אויף דער קאָנפערענץ פון די אַגראַרניקעס־מאַרקסיסטן פאָרמולירט דעם נײַעם קער פון דער פּאַרטיי־פּאָליטיק און דאָרף אויפן גרונט פון פאַרניכטנדיקער קריטיק פון די בורזשואַזע און קליינבירגערלעכע טעאָריעס,—פונקט אַזוי האָט כ׳ סטאַלין אין זײַן בריוו פאָרמולירט אונדזערע אויפגאַבעס אויפן געביט פון דער געשיכטע פון באָלשעוויזם אויפן גרונט פון פאַרניכטנדיקער קריטיק פון טראָצקיזם, טראָצקיסטישע קאָנטראַבאַנדע און ליבעראַלער באַציִונג צו דעם אַלעם.

דער בריוו פון כ׳ סטאַלין שטעלט מיט זיך אַזוי אַרום פאָר אַ נײַעם, העכערן עטאַפּ אין קאַמף קעגן די אַנטימאַרקסיסטישע און אַנטילענינישע פאַרקריפּלונגען אויפן היסטאָרישן און בכלל טעאָרעטישן פראָנט; אַ פאַקט און פאַקטאָר פון ווײַטערדיקער באָלשעוויזאַציע פון אונדזער פּאַרטיי־געשיכטע און פון דער גאַנצער רעוואָליוציאָנערער טעאָריע.

אויב די רעדע פון כ׳ סטאַלין אין 1929־טן יאָר האָט, זײַענדיק אַליין אַ מוסטער פון לענינישער פאַרבינדונג פון דער פּראַקטיק מיט דער רעוואָליוציאָנערער טעאָריע, פאַרפליכטעט צו ליקווידירן דעם אָפּשטײַן פון אידעאָלאָגישן פראָנט,—פאַרפליכטעט דער לעצטער בריוו פון כ׳ סטאַלין, זײַענדיק אַן אײַדעס פון דער גרויסער באַדײַטונג פון דער רעוואָליוציאָנערער טעאָריע פאַרן טאָגטעגלעכן קלאַסנקאַמף פון פּראָלעטאַריאַט און פון זײַן פּאַרטיי, צו פאַרשטאַרקן די קלאַסן־וואַכזאַמקײַט אויף אַלע געביטן פון טעאָרעטישן פראָנט.

די ווירקזאַמקײַט און באַדײַטונג פון כ׳ סטאַלינס בריוו גייט ווײַט אַרויס פון די ראַמען פון אַל.ק.פּ.(ב) און סאָוועטנפאַרבאַנד. כ׳ סטאַלינס בריוו האָט אַ קאָלאָסאַלע באַדײַטונג פאַר דער טעאָריע און פּראַקטיק פון דער צווישנפעלקערלעכער אַרבעטער־באַוועגונג אין קאַמף פאַרן וועלט־באָלשעוויזם, פאַרן קאָמינטערן. וועגן דעם זאָגן אײַדעס די רעזאָליוציע פון צענטראַל־קאָמיטעט פון דער פּוילישער קאָמפּאַרטיי איבער דער פראַגע פון קאַמף מיט די רעשטלעך פון ליוקסעמבורגיאַניזם, די רעזאָליוציע און ווענדונגען פון דער דײַטשישער קאָמפּאַרטיי אין שײַכעס מיט כ׳ סטאַלינס בריוו, די אַקציעס, וואָס עס האָבן דורכגעפירט און פירן דורך אַלע אַנדערע ברידערלעכע קאָמפּאַרטייען; דער פאַקט, וואָס די אינטערנאַציאָנאַלע לענין־ליוקסעמבורג־ליבקנעכט־קאַמפּאַניע איז דורכגעגאַנגען אונטערן צייכן פון פאַרשאַרפטן קלאַסנקאַמף און פון פאַרווירקלעכן די אָנווײַזונגען פון כ׳ סטאַלינס בריוו. כ׳ סטאַלינס בריוו איז אַסאַך ברייטער און וואָגיקער פון אַ צײַטווײַליקער אַקציע, לאָזט זיך ניט אויסשעפּן אין די ראַמען פון אַן איינמאָליקער קאַמפּאַניע. כ׳ סטאַלינס בריוו איז אַ נײַער, העכערער עטאַפּ פונעם קאַמף פאַרן לענינין אין דער גאַנצער צווישנפעלקערלעכער אַרבעטער־באַוועגונג. פאַרוואָס?

קוידעמקאָל דערפאַר, ווײַל די געשיכטע פונ רוסישנ באָלשעוויזמ איז דאָכ ניט אָפּגעריסנ אונ איזאָלירט פונ דער געשיכטע פונ וועלט־באָלשעוויזמ; דער רוסישער באָלשעוויזמ האָט זיכ דאָכ אַנטוויקלט אונ פאַרהאַרטעוועט אינ קאַמפּ, ווי קעגנ נאַציאָנאַלנ, אַזוי קעגנ אינטערנאַציאָנאַלנ אָפּאָרטוניזמ אונ מענשעוויזמ. קענ, הייסט עס, כ׳ סטאַלינס בריוו, וואָס באַקעמפט די פאַרקריפּלונגענ פונ דער געשיכטע פונ אונדזער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי, ניט ניט האָבנ אַנ אינטערנאַציאָנאַלע באַדײַטונג.

צווייטנס, כ׳ סטאַלינ פאַרשאַרפט אינ זײַנ בריוו די פראַגע פונ אומבאַראַכמאָנעסדיקנ קאַמפּ קעגנ טראָצקיזמ, ווי קעגנ א פאָרגעשריטענעמ אָטריאַד פונ דער קאָנטער־רעוואָליוציאָנערער בורזשואַזיע. איז דאָכ דער טראָצקיזמ א פאָרגעשריטענער אָטריאַד פונ דער צווישנפעלקערלעכער קאָנטער־רעוואָליוציע, בעמיילע הייסט עס שוינ, אַז אויכ פונ דעמדאָזיקנ שטאַנדפּונקט האָט כ׳ סטאַלינס בריוו די וויכטיקסטע אונ אַקטועלסטע באַדײַטונג פאַר דער אַלוועלטלעכער אַרבעטער־באַוועגונג.

דריטנס, כ׳ סטאַלינ אינ זײַנ בריוו מאָביליזירט צו באָלשעוויסטישער וואַכזאַמקײַט, צומ קאַמפּ קעגנ טראָצקיסטישער קאָנטראַבאַנדע אונ קעגנ פוילנ ליבעראַליזמ. איז פאַרשטענדלעכ, אַז די פאַרשטאַרקונג פונ דער באָלשעוויסטישער וואַכזאַמקײַט, וואָס דאָס איז ניט קיינ אַנדער זאַכ, ווי א פאַרשטאַרקונג פונ אונדזער קאַמפּ אָפּ צוויי פראָנטנ, איז שײַכ אונ אַקטועל פאַר אַלע סעקציעס פונ קאָמינטערנ.

פערטנס, ניט געקוקט אָפּ דעמ, וואָס כ׳ סטאַלינ באַהאַנדלט ניט אינ זײַנ בריוו דירעקטע פראַגעס, וועלכע דירנ אָנ די געשיכטע פונ דער יוגנט־באַוועגונג, האָט אָבער דער בריוו א באַזונדערס גרויסע באַדײַטונג פאַר דער געשיכטע פונ דער אינטערנאַציאָנאַלער קאָמוניסטישער יוגנט־באַוועגונג. עס איז קיינ סאָד ניט, אַז דאַפקע אָפּנ געשיכטע־פראָנט פונ דער קאָמוניסטישער יוגנט־באַוועגונג האָבנ זיכ אַרײַנגעגאַנוועט, פונ איינ זײַט, א ריי טראָצקיסטישע פאַרקריפּלונגענ (הויפּטזעכלעכ לויט דער ליניע פונ דורכפירנ די „טעאָריע״ פונ אַוואַנגאַרדיזמ) אונ, פונ דער צווייטער זײַט, אַסאַכ מאָמענטנ, וועלכע פאַרטושירנ, קריטיקירנ ניט (אונ אַזוי אַרומ—קאַנאָניזירנ אונ אידעאַליזירנ) די פעלערנ פונ קאַרל ליבקנעכט אונ ראָזע ליוקסעמבורג (אינ דעמ פאַל איז זייער סימפּטאָמאַטיש דער איניעג מיטנ מיטגליד פונ אויספירקאָמ פונ קאָמוניסטישנ יוגנט־אינטערנאַציאָנאַל, כ׳ אָשי, וואָס אַפילע נאָכנ בריוו פונ כ׳ סטאַלינ, האָט ער אָפּ אַנ אַנטיפּאַרטײיִשנ אופנ געפרוווט „רעדאַגירנ״ א דאָקומענט פונ קאָמיוג־אינטערנאַציאָנאַל: ער האָט ניט מער אונ ניט ווייניקער, ווי אויסגעשטראָכנ יענע ערטער פונעמ דאָקומענט, וועלכע גיבנ א לענינישע קריטיק פונ ליבקנעכטס אונ ליוקסעמבורגס פעלערנ...). די ווענדונג פונ קאָמוניסטישנ יוגנט־אינטערנאַציאָנאַל אינ צוזאַמענהאַנג מיט דער יאַנוואַר־קאַמפּאַניע פונ די דרײַ „ל״ אונ די טעטיקײַט פונ די סעקציעס פונ „קימ״ פאַר דורכפירנ דידאָזיקע קאַמפּאַניע, באַווײַזנ קלאָר אונ דײַטלעכ, אַז כ׳ סטאַלינס בריוו האָט פאַרורזאַכט א פאַרשטאַרקונג פונ דער לענינ־יסטישער וואַכזאַמקײַט אויכ אינ די רייענ פונ דער אינטערנאַציאָנאַלער יוגנט־באַוועגונג, אָפּנ געביט פונ איר געשיכטע בפּראַט.

פינפטנס, אָפּ וויפל כ׳ סטאַלינ באַרירט אינ זײַנ בריוו א ריי קנופּ־פראַגעס פונ קאַמפּ פונ באָלשעוויזמ קעגנ אינטערנאַציאָנאַלנ צענטריזמ פאַר אונ נאָכ דער מילכאָמע, פונ קאַמפּ קעגנ די וואַקלונגענ אונ פעלערנ פונ דער מײַרעוו־אייראָפּייִשער לינקער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, פונ קאַמפּ קעגנ ליוקסעמבורגיאַניזמ,—אָפּ אַזויפיל איז קלאָר, אַז כ׳ סטאַלינס בריוו האָט דעמ גרעסטנ שײַכעס אונ אַנ אַנטשיידנדיקע באַדײַטונג פאַר דער געשיכטע, פאַר דער טעאָריע אונ פּראַקטיק פונ אונדזערע ברידערלעכע קאָמפּאַרטייענ, פונ די דײַטשישע אונ פּוילישע אינ דער ערשטער ריי.

אפ אזא אופנ: דער בריוו פונ כ׳ סטאלינ קעגנ ליטערארישע דיסקוסיעס מיט טראָצקיסטישע קאָנטראבאנדיסטנ, האָט א היסטאָרישע באדײַטונג ניט בלויז פאר דער אל.ק.פ.(ב), נאָר אויכ פארנ גאנצנ קאָמינטערנ.

אײניקע מאָמענטנ, וואָס דרינגענ ארויס פונ כ׳ סטאלינס בריוו פאר דער אינטערנאציאָנאלער ארבעטער־באוועגונג, וועלנ מיר אויכ בארירנ.

* * *

„אײניקע באָלשעוויקעס—שרײַבט כ׳ סטאלינ אינ זײַנ בריוו—מײנענ, אז טראָצקיזמ איז א פראקציע פונ קאָמוניזמ, עמעס, א פראקציע, וואָס טאָעסט, וואָס מאכט ניט ווײניק נארישקײַטנ, אָפטמאָל אפילע אנטיסאָוועטישע, נאָר דאָכ א פראקציע פונ קאָמוניזמ. פונדאנענ—א באשטימטער ליבעראליזמ אינ באציִונג צו טראָצקיסטנ אונ טראָצקיסטיש־דענקנדיקע מענטשנ".

באקעמפנ דידאָזיקע ליבעראלע, דורכ אונ דורכ טאָעסדיקע אונ שעדלעכע באציִונג צומ טראָצקיזמ, ווי צו א פראקציע פונ קאָמוניזמ,—אזא איז די אויפגאבע פונ קאָמינטערנ. די געשיכטע פונ דערדאָזיקער אויפגאבע הייבט זיכ ניט אָנ מיט כ׳ סטאלינס בריוו. אזוי האלטנ וואָלט געהײסנ אָפלײקענענ דעמ גאנצנ ביזאהעריקנ אומופהערלעכנ קאמפ פונ באָלשעוויזמ אפ צוויי פראָנטנ; וואָלט געהײסנ אָביעקטיוו גיסנ־וואסער אפ דער מיל פונ טראָצקיסטישער קאָנטראבאנדע (פרווונ דאָכ פארשיידענע „טעאָרעטיקער", „היסטאָריקער", „ליטעראטור־פאָליטיקער", אידעאליזאטערנ פונ „בונד" פאקטיש בארעכטיקנ אונ פארשמירנ זײערע פעלערנ „ארגומענטירנדיק" דערמיט, וואָס זיי זײַנענ זײערע פעלער באגאנגענ ביזנ בריוו פונ כ׳ סטאלינ אונ ערשט „אפנ גרונט פונ כ׳ סטאלינס בריוו" א.א.וו. א.א.וו....). די אומגעהויערע באדײַטונג פונ כ׳ סטאלינס בריוו באשטײט אָבער אינ דעמ, וואָס די באָלשעוויסטישע וואכזאמקײַט באמ פארווירקלעכנ דידאָזיקע אויפגאבע ווערט אויפגעהויבנ אפ א נײַער, העכערער שטופע; וואָס עס ווערט געכאפט באמ האנט אונ דעמאסקירט דער ליבעראל, דער שאָלעמאכער, וועלכער האָט נאָכ די שעדלעכע פאָרשטעלונג, אָדער מאכט זיכ, אז ער האָט די פאָרשטעלונג וועגנ טראָצקיזמ, ווי וועגנ א „פראקציע פונ קאָמוניזמ". אויכ אינ אײנצלנע רינגענ פונ דער צווישנפעלקערלעכער ארבעטער־באוועגונג זײַנענ אזוינע איליוזיעס בענויגײַע צומ טראָצקיזמ פאראנ. ווי דער סאָציאל־פאשיזמ, אזוי די בורזשואזיע סטארעט זיכ מיט אלע קויכעס—צוליב גאנצ פארשטענדלעכע סיבעס—שאפנ ארומ טראָצקי אונ טראָצקיזמ א „רעוואָליוציאָנערע ראָמאנטיק", א שעמ פונ א „לײַדנדיקנ". ניט אומזיסט פאָרט דער דײַטשישער בורזשואזער שרײַבער עמיל לידוויג קײנ קאָנסטאנטינאָפאָל צו טראָצקינ, שרײַבט וועגנ אימ אידעאליזירנדיקע ראָמאנענ, אונ דער בורזשואזער „בערלינער טאגעבלאט" דרוקט אויסצוגנ. ניט אומזיסט פויקט די סאָציאל־פאשיסטישע אונ פאשיסטישע פרעסע אינ אלע פויקנ וועגנ טראָצקינ, ווי וועגנ דעמ „פירער פונ אָקטיאבער", וועגנ דעמ „פירער פונ דער רויטער ארמיי". די סאָציאל־פאשיסטישע אונ פאשיסטישע פרעסע איז דאָ אויסנ צו שיסנ צוויי האָזנ מיטאמאָל. דער ערשטער האָז—מיט אזוינע מיטלענ שאפט מענ רעקלאמע אונ לײענער פאר די פאסקווילנ קעגנ סאָוועטנפארבאנד, וואָס עס דרוקט דער „יודושקע" אינ דערזעלבער סאָציאל־פאשיסטישער אונ פאשיסטישער פרעסע, אונ דער צווייטער האָז, דער מער וויכטיקער—דערמיט סטארעט מענ זיכ שוינ בעמײלע דורכ שטארקנ דעמ טראָצקיזמ שטארקנ דעמ קאָנטררעוואָליוציאָנערנ פראָנט קעגנ קאָמינטערנ, קעגנ סאָוועטנפארבאנד, כאָטש מיט יעטווידנ נײַעמ טראָט פונ זײַנ אנטוויקלונג דעמאסקירט זיכ דער טראָצקיזמ אלצ מער אונ מער אינ די אויגנ פונ דער אינטערנאציאָנאלער פראָלעטארישער געזעלשאפטלעכקײַט, דאָכ נעמט עס אינ אזוינע באדינגונגענ ניט אראָפ די נויטווענדיקײַט באקעמפנ אונ אויס־

וואָרצלענ יעטווידע אילויזיעס וועגנ דעמ, אז דער טראָצקיזמ שטעלט מיט זיכ, קלוימערשט, פאַר א פראקציע פונ קאָמוניזמ.

„טראָצקי איז געווענ א צענטריסט, אונ וואָס איז דערפונ ארויסגעקומענ? איצט איז זײַנ צענטריזמ אריבערגעוואקסנ אינ קאָנטר־רעוואָליוציאָנערישקײַט. טראָצקי, א צענטריסט אינ דער פארגאנגענהײַט, אונ איצט, פונקט ווי קאַוטסקי, דער געוועזענער צענטריסט איינער פונ די אוואנגארד־קעמפער פונ דער קאָנטר־רעוואָליוציאָנערער בורזשואזיע. דער צענטריסט טראָצקי האָט דעמדאָזיקנ גורל, ווי דער צענטריסט קאַוטסקי" (קאגאנאָוויטש, רעדע צומ 10־יאָריקנ יובילײ פונ אינסטיטוט פונ דער רויטער פראָפעסור).

פונ צענטריסטישנ אווגוסט־בלאָק, פלייצע אינ פלייצע מיט קאַוטסקי, מיט ארטיקלענ אפ די שפאלטנ פונ סאָציאַל־דעמאָקראטישנ „פאָרווערטס" קעגנ דער באָלשעוויסטישער פראגער (יאנווואר)־קאָנפערענצ, וואָס האָט ארויסגעיאָגט פונ דער פארטײ די מענשעוויקעס, אָטזאָוויסטנ, ליקווידאטאָרנ,—צומ קאָנטר־רעוואָליוציאָנערנ בלאָק מיטנ זעלבנ קאַוטסקי, דאנ אונ אבראמאָוויטש קעגנ קאָמינטערנ, קעגנ דער סאָציאַליסטישער בויונג אינ סאָוועטנפארבאנד: אזא איז די לאָגישע עוואָליוציע פונ טראָצקיזמ.

שוינ פארנ פארמילכאָמעדיקנ צענטריסטישנ טראָצקי איז געווענ כאראקטעריסטיש זײַנ מיטארבעט אינ דער בירגערלעכער פרעסע, אונ הײַנט איז ער דער אוואנגארד־קעמפער פונ דער קאָנטר־רעוואָליוציע, דער געשוואָרענער פענ־מעשאָרעס פונ דער אינטערנאציאָנאלער בורזשואזיע. אינ דער אמעריקאנישער, ענגלישער, דײַטשישער, שפאנישער אונ פוילישער פאשיסטישער פרעסע איז טראָצקי דער יעניקער, וואָס פילט אויס די סאָציאַלע באשטעלונג פונ דער בורזשואזיע ניט ערגער פאר בעסעדאָווסקי אונ קאַוטסקי. אינעמ פאקט, וואָס טראָצקי האָט זיכ מיט גרויס רעקלאמע אונ פאָמפע געדרוקט אפ די שפאלטנ פונ דער פוילישער פילסודסקי־פרעסע, פונ דער פרעסע פונ די לוצק־פײַניקונגענ אונ באראנאָוויטש־טליִעס,—האָבנ מיר א בוילעטע אונ קאָנצענטרירטע כאראקטעריסטיק פונעמ סאכאקל, צו וועלכנ עס האָט זיכ דערקײַקלט טראָצקי אונ דער טראָצקיזמ. די בריוועלעכ אינ דערעדאקציע, וואָס טראָצקי האָט פארעפנטלעכט אינעמ בורזשואזנ „בערלינער טאגעבלאט", וועלנ דאָ ניט העלפנ אונ קײנעמ ניט איבערצײַגנ. טראָצקי פרווט זיכ אינ דידאָזיקע בריוועלעכ „ריינוואשנ" דערמיט, וואָס... ער האָט זיכ ניט געדרוקט אינ דער פילסודסקי־פרעסע, נאָר דידאָזיקע פ־רעסע האָט אימ איבערגעדרוקט פונ... די „ערנסט־בורזשואזע" אונ „לינק־בורזשואזע" צײַטונגענ. לעכערלעכ. וויכטיק אונ אנטשיידנדיק איז דאָכ דאָ טאקע דער פאקט פונ איבערדרוקנ, וואָס דאָס כאראקטעריזירט די סאָציאַלע פונקציע פונ טראָצקיס „מעמוארנ", פאמפלעטנ אונ פאסקווילנ קעגנ קאָמינטערנ אונ קעגנ סאָוועטנפארבאנד.

ווו ס'איז נאָר נײטיק טרײַ דינענ דער קאָנטר־רעוואָליוציע,—דאָרטנ איז פאראנ, ווי א פלינקער קאָמיוואָיאזשאָר, דער „יודושקע". איז דער בורזשואזיע נײטיק קאָמפראָמיטירנ די דערפאָלגנ פונעמ פינפיאָר אונ פונ דער קאָלעקטיוויזאציע פונ דער לאנדווירטשאפט, איז נײטיק דיסקרעדיטירנ די שאָלעמ־פאָליטיק פונ דער סאָוועטנמאכט, איז נײטיק שטערנ דער פאנאנדערוויקלונג פונ דער שפאנישער רעוואָליוציע אָדער דארפ מענ שטעלנ .פלעקענער אינעמ ראָד פונ באָלשעוויסטיש דורכפ־רנ די טאקטיק פונ אײנהײַטלעכנ פראָנט אינ דײַטשלאנד, אָדער מיטהעלפנ דעמ סאָציאַל־פאשיזמ פראָפאגאנדירנ אונ בארעכטיקנ די טעאָריע פונ „קלענערנ בײז",—אומעטומ איז פאראנ טראָצקי מיט זײַנ קאָנטר־רעוואָליוציאָנערער פענ.

„מע דארפ קלאָר זאָגנ—שרײַבט טראָצקי איבער פראגעס פונ דער שפאנישער רעוואָליוציע—אזוי זאָגנ, אז עס זאָל פארשטיינ דער אוואנגארד פונ שפאנישנ אינ פונ צווישנפעלקערלעכנ פראָלעטאריאט: דער פראָלעטארישער רעוואָליוציע אינ שפאניע דראָט א געפאר מיצאד דער איצטיקער אָנפירונג פונ קאָמינטערנ" (ציטירט לויט כ' א. שטירנער, „באָלשעוויק" נומ. 19־20). הײסט עס: די געפאר, וואָס עס דראָט דער שפאנישער רעוואָליוציע איז... דער קאָמינטערנ.ווירקלעכ „קלאָר אונ דײַטלעכ געזאָגט"! ווי אזוי, פארוואָס? ווײַזט

זיך ארויס, אז דער אומגליק, לויט טראָצקין, איז אינעם לאָזונג, אינעם קאָמינטערנישן, פון
קאַמף פאַר אן ארבעטער־ און פויערים־רעגירונג. ניט מער און ניט ווייניקער! „גלויבט
ניט!—שרײַט אויס טראָצקי—דאָס איז אן איליוזיע, א שווינדל, און מאָרגן קען מען ארויס־
וואַרפן א שטריק אף אײַער האלדז... ווער עס פלאַפּלט מיט אײַך וועגן דעם (וועגן לאָזונג
פון רעוואָליוציאָנער־דעמאָקראַטישער דיקטאטור פון פראָלעטאריאט, הייסט עס.—י. ק.),
דער נאַרט אײַך אָפּ".—אָט אזוי פּילט אויס טראָצקי און דער טראָצקיזם זײַן קאָנטער־רעוואָ־
ליוציאָנערע שליכעס פון דעזאָרגאניזירן די שפּאנישע רעוואָליוציאָנערע באַוועגונג.

אָדער די לעצטע ארויסטרעטונג טראָצקיס אף דער ארענע פון קלאַסנקאַמף אין דײַטש־
לאַנד. אין א ספּעציעלער בראָשור האלט טראָצקי פולקאָם אונטער די סאָציאַל־פאשיסטישע
פּאָליטיק פון „קלענערן בייז"; די סאָציאַל־פאשיסטישע פּאָליטיק פון אונטערשטיצן די
בריונינג־רעגירונג, וועלכע איז די דורכפירערן פון דער פאשיסטישער דיקטאטור אין
דײַטשלאַנד. אין דערדאָזיקער בראָשור זײַנער רעדט טראָצקי וועגן דעם, אז מע דאַרף זיך
צופרידן ניט בלויז מיט נאָסקע און שיידעמאַן, נאָר אויך מיט בריונינג און היטלער.
נאָך אזוינע אויסגעשפּראָכן־קאָנטער־רעוואָליוציאָנערע טעזיסן פון טראָצקי איז שוין אף קיין
האָר קיין וווּנדער ניט, וואָס די דײַטשישע טראָצקיסטן האָבן געשלאָסן א פאָרמעלן בלאָק
און אײנהײַטלעכן פראָנט מיט דער זיידעוויץ־גרופּע פון סאָציאַל־פאשיזם, מיט דערדאָזיקער
גרופּע, וואָס איז צוליב איר „לינקער" פראזע נאָך געפערלעכער איידער דער „אָרטאָדאָק־
סאלער" סאָציאַל־פאשיזם. דידאָזיקע קאָנטער־רעוואָליוציאָנערע ארויסטרעטונגען טראָצקיס
מאכן אויך פארשטענדלעך, וואָס די דײַטשישע טראָצקיסטישע גרופּקעלע האלט אין איין
פאנאנדערפאלן אלס זעלבשטענדיקע גרופּקעלע און גיסט זיך אלץ מער, ניט נאָר
פאקטיש, נאָר אויך פאָרמעל, צוזאמען מיטן סאָציאַל־פאשיסטישן לאגער. אזא איז דער
לאָגישער אנטוויקלונג־וועג פונעם קאָנטער־רעוואָליוציאָנערן טראָצקיזם.

און דעריבער:

„דער טראָצקיזם איז א פאָרגעשריטענער אָטריאַד פון דער קאָנטער־רעוואָליוציאָנערער
בורזשואזיע, וואָס פירט א קאַמף קעגן קאָמוניזם, קעגן סאָוועטנמאכט, קעגן דער בויונג
פון סאָציאַליזם אין פ.ס.ס.ר... אָט פארוואָס ליבעראליזם אין באַצוג צום טראָצקיזם, מעג
ער זײַן א צעקלאַפּטער און פארמאסקירטער, איז א „גאָלאָוואָטיאַפּסטווע", וואָס גרענעצט
זיך מיט א פארברעכן, מיט פאראטן דעם ארבעטער־קלאַס" (סטאַלין, „וועגן אייניקע פראַ־
געס פון דער געשיכטע פון באָלשעוויזם").

דערדאָזיקער לענינישער עמעס, וואָס שליסט אײַן אין זיך סײַ די דעפיניציע פון
טראָצקיזם, סײַ די דעפיניציע פון ליבעראלער באַציִונג צום טראָצקיזם, גייט אריין, ווי
איינער פון די גרונט־מאָמענטן אין דער טעאָריע און פראַקטיק פון דער קאָמינ־
טערן־באַוועגונג אפן געגעבענעם עטאַפּ.

* * *

די טראָצקיסטישע קאָנטראבאנדיסטן, ווי עס באַווײַזט כ׳ סטאַלין, סטאַרען זיך דורכ־
פירן זייער קאָנטראבאנדע הויפּטזעכלעך לויט צוויי ליניעס. איינע פון דידאָזיקע ליניעס
איז דער פּרווו צו באַווײַזן, אז לענין האָט, קלוימערשט, אינעם פארמילכאָמעדיקן פעריאָד
ניט געשאַצט די געפאַר פון צענטריזם, וואָס זײַן בולעטסטער פאָרשטייער אין צווייטן
אינטערנאציאָנאל איז געווען קאַרל קאוטסקי. דער טיפּישער פאָרשטייער פון דעמאָזיקן
מין קאָנטראבאנדיסטן איז דער טרויעריק־באַרימטער סלוצקי.

עס איז אויך כאראקטעריסטיש, וואָס דידאָזיקע רעכילעס אף לענינען און די באָלשע־
וויקעס אין דער פראַגע פון באַציִונג צום צענטריזם אין פארמילכאָמעדיקן פעריאָד איז אן
אלטער אויסגעפּרוווטער מיטל פון די טראָצקיסטן. אזוי האָט נאָך אין 1924־טן יאָר דער

עמלטיקער טראָצקיסט ק. ראדעק געשריבן, אז לענין האָט, קלוימערשט, „ניט מיט־אמאָל פארשטאנען די סאָציִאַלע באדייַטונג און די געזעלשאפטלעכע מעקוירים פון ארבע־טער־פאראט און האָט ניט מיטאמאָל דערקענט אינעם קאוטסקי פון 1903 דעם קאוטסקי פון 1917“. שוין דערנסטמאָל, אין אפרעל 1924, האָט דידאָזיקע „טעאָריעלע“ באקומען דעם אנטשפרעכנדיקן ווידערשטאנד אפ די שפאלטן פון „פראַווּדאַ“ אינעם ארטיקל פון כ׳ גורינים.

די טראָצקיסטן און זייערע קאָנטראבאנדיסטן מאכן זיך ניט ווילנדיק דערפון, אז „דער לענינים איז געבוירן, אויסגעוואקסן און פארהארטעוועט געוואָרן אינעם זומ־ע־ראכמאָנעסדיקן קאמף קעגן אָפּאָרטוניזם פון אלע מינים, אייַנשליסנדיק דעם צענטריזם אפ מייַרעוו (קאוטסקי) און דעם צענטריזם בא אונדז (טראָצקי און אנדערע). דאָס קענען ניט אָפּלייקענען אפילע די אָפענע פייַנט פון באָלשעוויזם. דאָס איז אן „אקסיאָמע“ (י. סטאלין).

די סלוצקים, דידאָזיקע „האָפּנונגלאָזע ביוראָקראטן“ און „ארכיוו־מייַז“, פרוּוון זיך בא האלטן הינטערן קלוימערשטן דוּיכעק פון דאָקומענטן, וועלכע זאָלן באווייַזן לענינס אָפּשא־ונג פון דער צענטריסטישער געפאר אינעם פארמילכאָמעדיקן פעריִאָד. דערמיט זייַנען זיי אויסן שטעלן אונטער א פראגע־צייכן לענינס רעוואָליוציִאָנערישקייַט ביז דער מילכאָמע און „דערווייַזן“, אז לענין און די באָלשעוויקעס האָבן זיך „איבערבאוואָפנט“ ערשט נאָך דער מילכאָמע, און טאקע מיט דער הילף פון טראָצקין. דערמיט זייַנען זיי אָבער אויך אויסן, פארשמירנדיק און אָפּלייקענענדיק לענינס קאמף קעגן די צענטריסטן פאר דער מילכאָמע, בעמיילע שוין אויך באהאלטן פון דער געשיכטע לענינס קאמף קעגן פארמיל־אָמעדיקן רוסישן צענטריזם, נעמלעך—קעגן טראָצקי, דעמדאָזיקן פאָטער פון „אווגוסט־בלאָק“.

דער פאקט, וואָס שוין אין 1903־1905 יאָר האָבן די רוסישע באָלשעוויקעס (ווי עס אונטערשטרייַכט כ׳ סטאלין אין זייַן בריוו) באקומען צווישן די אָפּאָרטוניסטן פון צווייטן אינטערנאציִאָנאל א שעם פון „שפאלטער“ און „דעזאָרגאניזאטערן“, דער פאקט, וואָס שוין אין יענע יאָרן האָט קאוטסקי פאלש באלויכטן די לאגע פון רוסישן באָלשעוויזם און אפילע געייצעט דער „לייַפּציקער פאָלקסצייַטונג“ ניט פארשפרייטן די דייַטשישע איבערזעצונג פון דער רעזאָליוציע פון דריטן צוזאמענפאָר פון אונדזער פארטיי, דער פאקט, וואָס נאָך אין 1908 יאָר איז אפ דער צווישנפעלקערלעכער כאָציִאַליכטישער ביוראָ אין בריוסל אין דער פראגע פון צולאָזן די ענגלישע ארבעטער־פארטיי אינעם אינטערנאציִאָנאל גענוג בוילעט געקומען צום אויסדרוק דער קאמף פון באָלשעוויזם קעגן צענטריזם (די ארויס־טרעטונגען פון לענין קעגן קאוטסקי, וועלכער איז אונטערגעשטיצט געוואָרן פון וויקטאָר אדלער); די שטרייַטן צווישן די באָלשעוויקעס און צענטריסטן אפן שטוטגארטער קאָנגרעס פון צווייטן אינטערנאציִאָנאל (1907) אין די פראגעס פון מיליטאריזם און אנטימיליטאריזם אפ דער צווייטער סעסיע פון דער צווישנפעלקערלעכער סאָציִאַליסטישער ביוראָ (1910) אין די פראגעס וועגן דער שפאלטונג אין דער האָלענדישער סאָציִאַל־דעמאָקראטישער פארטיי, אפן צווישנפעלקערלעכן קאָנגרעס אין קאָפּענהאגען איבער די פראגעס פון קאָאָפּעראציע א.א.וו. א.א.וו.,—מאכן צו נישט יעטווידע פרוּוון פון די טראָצקיסטישע קאָנטראבאנדיסטן צו זייען ספייקעס בענויגייע דעם אנטיצענטריסטישן קאמף פון באָלשעוויזם אינעם פארמילכאָמעדיקן פעריִאָד.

ווער שמועסט שוין וועגן דעם, אז נאָך אין 1908־טן יאָר האָט לענין שוין דייַטלעך פאָרויסגעזען, אז

„דער אידייִשער קאמף פון רעוואָליוציִאָנערן מארקסיזם מיטן רעוויזיִאָניזם אין סאָף פון 19־טן יאָרהונדערט איז בלויז די האקדאָמע צו די גרויסע רעוואָליוציִאָנערע שלאכטן פון פראָלעטאריאט, וואָס גייט פאָרויס צום פולקאָמען ניצאָכן פון זייַן זאך אפצעלאָכעס אלע וואקלונגען און שוואכקייַטן פון שפיץ־בירגערטום“.

אונ ווי אינ זינענ האָבנדיק די הײַנטיקע קלוימערשטע ספּייקעס אונ פאקטיש באוווסט־זיניקע קאָנטראבאנדע פונ די סלוצקעס, האָט כ׳ סטאלינ נאָכ אינ 1928־טנ יאָר אפּנ נאָיאבער־פּלענום פונ צ.ק. געזאָגט, אז די פּאָליטיק פונ באָלשעוויזמ אינ צווייטנ אינטערנאציאָנאל איז באשטאנענ אינ „אנטשיידענעמ קאמפּ קעגנ די צענטריסטנ, אינ קאמפּ פאר א שפּאלטונג מיט די רעכטע (באזונדערס נאָכנ אָנהייב פונ דער אימפּעריאליסטישער מיל־כאָמע) אונ אינ אָרגאניזירנ א נײַעמ רעוואָליוציאָנערנ אינטערנאציאָנאל פונ ווירקלעכ לינקע, פונ ווירקלעכ פּראָלעטארישע עלעמענטנ“.

פאר מארקסיסטנ־דיאלעקטיקער איז עס אנ אקסיאָמע, אז

„די באָלשעוויקעס שטעלנ מיט זיכ פאָר די אײנציקע אינ דער וועלט רעוואָליוציאָנערע אָרגאניזאציע, וועלכע האָט צעגראָמירט ביזנ סאָפ די אָפּאָרטוניסטנ אונ צענטריסטנ אונ ארויסגעיאָגט זיי פונ פארטיי“ (י. סטאלינ, „וועגנ אייניקע פּראגעס פונ דער געשיכטע פונ באָלשעוויזמ“).

כ׳ סטאלינ צעקריטיקירט ענדגילטיק מיט זײַנ בריוו יענע טראָצקיסטישע קאָנטראבאנדיסטנ, וואָס פּרוּווּנ „כאפּנ“ לענינענ אינ א קלוימערשט שאָלעמאכערישער באציונג צומ צענטריזמ. אונ דאָס האָט אנ אקטועלע אונ אינטערנאציאָנאלע באדײַטונג. דאָס דארפ העלפנ דער ווירקלעכ־לענינישער באלויכטונג פונ דער געשיכטע פונ דער אינטערנאציאָנאלער ארבעטער־באוועגונג. דאָס דארפ העלפנ דערציִענ די מיליאָנענ קאדרענ פונ דער קאָמינטערנ־באוועגונג אינ גײַסט פונ לענינישנ קאמפּ אפּ צוויי פראָנטנ. דאָס דארפ העלפנ דעמ קאמפּ אינ די רייענ פונ קאָמינטערנ קעגנ די פּרוּווּנ אונ איבערבלײַבעניִשנ פונ אידעאליזירנ די פארמילכאָמעדיקע ווירקלעכקײַט פונ די צענטריסטנ אונ פונ אלע אנדערע אָפּאָרטוניסטנ פונ צווייטנ אינטערנאציאָנאל, אינ קאמפּ קעגנ וועמענ עס איז געבוירנ אונ פארפעסטיקט געוואָרנ דער קאָמוניסטישער אינ־טערנאציאָנאל.

* * *

כ׳ סטאלינ האָט אינ זײַנ בריוו געוויזנ א מוסטער פונ קריטישער אָפּשאצונג פונ דער היסטאָרישער ראָל פונ ראָזע ליוקסעמבורג אונ פונ די לינקע סאָציאל־דעמאָקראטנ ביכלאל. אונ פונ דעמדאָזיקנ שטאנדפּונקט האָט, ווי געזאָגט, כ׳ סטאלינס בריוו אנ ערשטראנגיקע באדײַטונג פאר דער אלוועלטלעכער קאָמוניסטישער באוועגונג.

„... אונ אפּנ הינטערשטנ הויפּ פונ דער ארבעטער באוועגונג... וועלנ, פארשטענדלעכ, הינער פונעמ מינ פאול לעווי, שיידעמאנ, קאוטסקי אונ דערדאָזיקער גאנצער כעווריִע זיכ באגײַסטערנ מיט די פעלערנ פונ דער גרויסער קאָמוניסטקע, יעדערנ—זײַניקעס“,—אזוי האָט, צווישנ אנדערס, געשריבנ וולאדימיר איליטש, אָפּשאצנדיק ראָזע ליוקסעמבורג, וואָס „ניט געקוקט אפּ אירע פעלערנ, איז זי געווענ אונ בלײַבט אנ אָדלער“.

„יעדערנ—זײַניקעס“. „אפּנ הינטערשטנ הויפּ פונ דער ארבעטער־באוועגונג“ לעקנ טאקע מיט די פינגער די פארעטער פונ ארבעטער־קלאס די פעלערנ פונ דער „גרויסער קאָמוניסטקע“ ראָזע ליוקסעמבורג. לענינ האָט עס פאָרויסגעזענ, דיזעלבע, וואָס זײַנענ נעכטנ געווענ דירעקטע מערדער פונ ראָזע ליוקסעמבורג—סטארענ זיכ הײַנט מיט אלע מיטלענ, ספּעקולירנדיק אפּ דער פּאָפּולערקײַט אונ באליבטקײַט פונ דער „רויטער ראָזע“ צווישנ די ברייטע ארבעטער־מאסנ, אויסנוצנ אונ שלאָגנ פּאָליטישנ קאפּיטאל פונ אירע פעלערנ. אָט האָט די סאָציאל־פאשיסטישע „לײַפּציקער פאָלקסצײַטונג“ אונטערגענומענ אירע לייענער די טאָעסדיקע אונ שעדלעכע ארויסזאָגונגענ ליוקסעמבורגס וועגנ דער באציונג צו דער פּראָלעטארישער דיקטאטור. אונ אָט פּרוּווּנ די בראנדלעריאנער, טראָצקיסטנ אונ אנדערע רענעגאטנ פונ קאָמוניזמ זיכ אויסנייענ פונ ראָזע ליוקסעמבורגס פעלערנ א פאָנ פונ

קאמפּ קעגן קאָמינטערן. נאָך מער: די רענעגאטישע גרופּע פון בראנדלער־טאלהיימער טראקטירן דעם ליוקסעמבורגיזאניזם, ווי די העכסטע פאָרם פון לעניניזם. „יעדערנס זײַניקעס״.

די סאָנים פון לעניניזם און קאָמינטערן, וויסנדיק זייער גוט, אז די פּאָן פון טראָצקיזם איז א קאָמפּראָמעטירטע און דיסקרעדיטירטע, פּרוּװן פאַרוואנדלען אלס זייער פּאָן דעם ליוקסעמבורגיאניזם. און ניט צופעליק:

„לענין און די באָלשעוויקעס פלעגן ניט שטענדיק שטיצן די לינקע אין דער דײַטשישער סאָציאַל־דעמאָקראטיע, דערונטער אויך ראָזע ליוקסעמבורג. פאַרוואָס? דערפאר טאקע, ווײַל ראָזע ליוקסעמבורג פלעגט זיך אין א ריי גרונט־פראגן... פאנאנדערגיין מיט די באָלשעוויקעס, דערנענטערן זיך צו די צענטריסטן. זי איז געווען נענטער צו די טראָצקיסטן, צו טראָצקין, וואָס איז דעמלט געווען אן עכטער צענטריסט און האָט אָרגאניזירט דעם צענטריסטישן אווגוסט־בלאָק אין 1912־1911״ (קאגאנאָוויטש, רעדע אפן 10־יאָריקן יובילײ פון אינסטיטוט פון רויטער פראָפעסור).

אָט דיראָזיקע קרויוועשאפט פון ליוקסעמבורגס פעלערן מיטן טראָצקיזם שאפן עס דעם באָדן פאר דעם, אז דער ליוקסעמבורגיאניזם האָט זיך פארוואנדלט אין א פאָן פון אונדזערע סאָנים. אין דער הינזיכט איז אויך כאראקטעריסטיש, וואָס כ׳ קאגאנאָוויטש האָט אין זײַן רעדע קריטיקירט דעם כ׳ קארל ראדעק, לעמײַ ער האָט „ניט פארבונדן זײַן פעלערהאפטע פאָזיציע, ווען ער איז געווען מיט ראָזע ליוקסעמבורג, מיט זײַן פעלערהאפטער פאָזיציע נאָכדעם, ווען ער איז געווען צוזאמען מיט טראָצקין״. נאָך מער כאראקטעריסטיש איז אין דער הינזיכט די פּראקטיק פון דער פּוילישער קאָמוניסטישער פארטײ. עס איז דאָך ניט צופעליק, וואָס די פּוילישע רעכטע אָפּאָרטוניסטן ווארסקי און קאָסטשעווא, וועלכע האָבן דורכגעפירט א ניט אויסגעהאלטענע, עקלעקטישע און אָפּאָרטוניסטישע קריטיק פון ליוקסעמבורגס יערושע, האָבן נאָכדעם אונטערגעהאלטן די בראנדלערישע גרופּע אין דער דײַטשישער קאָמפּארטײ און טראָצקין אין זײַן קאמפּ קעגן דער אל.ק.פ.(ב). פונקט אזוי איז אויך ניט צופעליק, וואָס די אולטרא־לינקע אין דער פּוילישער קאָמפּארטײ, גזשעכ, דאמסקי האָבן, פארטיידיקנדיק די ליוקסעמבורגיאַנישע פּאָזיציעס, לאָגיש זיך דערקײַקלט צום פארטרעטן דעם טראָצקיזם אין דער פּוילישער פּארטײ (זע די רעזאָליוציע פון צ.ק. פון דער קאָמפּארטײ אין פּוילן).

טאקע דערפאר איז פארן גאנצן קאָמינטערן אזוי אקטועל און נייטיק דער קאמפּ קעגן די אָפּאָרטוניסטישע טענדענצן צו זען בלויז די פארדינסטן פון ראָזע ליוקסעמבורג און אויסבאהאלטן אירע פעלערן; קעגן די טענדענצן, וואָס באשטרײַטן די נויטווענדיקײַט פון א קריטישער באציִונג צו ליוקסעמבורגס יערושע און וואָס קאנאָניזירן און אידעאליזירן איר. אָן דעמדאָזיקן קאמפּ אין די רייען פון קאָמינטערן קען ניט געמאָלט זײַן דער קאמפּ קעגן די רענעגאטן פון קאָמוניזם, וואָס האָבן פארוואנדלט דעם ליוקסעמבורגיזם אין א פאָן פון קאמפּ קעגן דער פּראָלעטארישער רעוואָליוציע און קאָמינטערן.

ראָזע ליוקסעמבורג איז ניט געשטאנען אפן שטאנדפּונקט פון קאָאליציע מיט דער בורזשואזיע, זי האָט געסטארעט זיך פירן דעם ארבעטער־קלאס אינעם רעוואָליוציאָנערן קאמפּ, פארבינדנדיק עס מיטן קאמפּ קעגן דער מילכאָמע־געפאר, מיטן קאמפּ קעגן אימפּעריאַליזם, מיטן קאמפּ פאר אלגעמיינע וואל־רעכט אין פּרײַסן. אָבער ראָזע ליוקסעמבורג האָט ניט אוועקגעשטעלט פארן ארבעטער־קלאס די פראגע פון דער פּראָלעטארישער דיקטאטור, ווי דאָס האָט געטאָן לענין. דער ליוקסעמבורגיאניזם לייקנט פאקטיש אָפּ די מארקסיסטיש־לענינישע טעאָריע פון דיקטאטור פון פּראָלעטאריאט, די טעאָריע פון איבערוואקסן פון דער בורזשואז־דעמאָקראטישער רעוואָליוציע אין א סאָציאַליסטישער.

צוזאמען מיט פארווּס האָט ראָזע ליוקסעמבורג, אין קעגנזאץ צו לענין, אָפּגעלייקנט מארקס לערע וועגן „אופשטאנד אלס קונסט״. ליוקסעמבורג האָט אָפּגעלייקנט די

ראָל פון אופשטאנדן אין די רעוואָליוציעס, האָט ניט אנערקענט די אופגאבע פון צו־גרייטן און אָנפירן מיטן אופשטאנד און געפרוווט דערוויַיזן, אז די סאָלדאטן, וועלכע וועלן געשיקט ווערן פון דער בורזשואזיע קעגן ארבעטער־קלאס, וועלן „פון זיך״ זיך צעלייגן, וועלן „אומפארמייַדלעך״ אין קויעך פון זייער סאָציאַלער אפשטאמונג, עס הייסט סטיכייִש צושטיין צום ארבעטער־קלאס.

ארויסגייענדיק פון דערדאָזיקער סטיכייִשקייַט־טעאָריע, ניט באנעמענדיק די מעכטיקע באדײַטונג פונעם אָרגאניזירנדיקן מאָמענט ביים אופשטאנדן און רעוואָליוציעס, האָט ראָזע ליוקסעמבורג שוין בעמיילע ניט דערשאצט, ווידעראמאָל אין קעגנזאץ צו לענין און צום באָלשעוויזם, די ראָל פון דער פארטיי. אָנשטאָט זען אין דער פארטיי און קעמפן פאר אזא פארטיי, וואָס זאָל זײַן דער אוואנגארד פון פראָלעטאריאט און וואָס זאָל זיך שטעלן בעראָש פון די מאסן אין קאמף קעגן דער עקזיסטירנדיקער אָרדענונג, און דורך א באוואָפנטן אופשטאנד שטירצן די אָרדענונג,—האָט ראָזע ליוקסעמבורג פראָפאגאנדירט די לערע וועגן דער פארטיי, ווי וועגן אן אָרגאניזאציע פון אגיטאטאָרן, וואָס קלערן אופ און בילדן אויס די מאסן, רופן זיי צום קאמף.

דידאָזיקע פעלערהאפטע אנטי־לענינישע האנאָכעס ליוקסעמבורגס אין דער פארטיי־פראגע פירן איר צו פעלערהאפטע פאָזיציעס אין דער אָרגאניזאציע־פראגע, פירן איר צום ניט פארשטיין די נויטווענדיקייַט פון איינרײַס און פון שפאלטונג מיט די אָפאָרטוניסטן. פונדאנען נעמט זיך, וואָס ראָזע ליוקסעמבורג, צוזאמען מיט די איבעריקע לינקע אין דער דייַטשישער סאָציאַל־דעמאָקראטיע, איז אין 1903, ביים דער שפאלטונג פון דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראטיע אף באָלשעוויקעס און מענשעוויקעס, ארויסגעטראָטן קעגן די באָלשעוויקעס און קעגן לענינען; פונדאנען נעמט זיך, וואָס ראָזע ליוקסעמבורג האָט אין 1912, נאָכ דער יאנוואר־קאָנפערענצ אין נאָמען פון דער פוילישער און ליטווישער סאָציאַל־דעמאָקראטיע געווענדעט זיך צו דער צווישנפעלקערלעכער סאָציאַליסטישער ביוראָ מיטן פאָרשלאג צו דערשלאָגן זיך די אופשטעלונג פון דער איינהייַט פון דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראטיע, ארויסטרעטנדיק קעגן דער „לענינישער גרופע״, וואָס „בלאָזט פאנאנדער די שפאלטונג״; פונדאנען נעמט זיך אויך, וואָס אפילע דעם „ספארטאק־בונד״ פירט זי אריַין אין די רייען פון צענטריסטישער אומאָפהענגיקער סאָציאַל־דעמאָקראטיע און אָביעקטיוו טאָרמאָזירט זי דערמיט די אייַליקע אידייִשע און אָרגאניזאציאָנעלע אויספאָרמירונג פון די רעוואָליוציאָנערע עלעמענטן.

וואָס שייַעך דער פויערים־פראגע געפינט זיך ר. ליוקסעמבורג קימאט אינגאנצן אין קלעם בא דער סאָציאַל־דעמאָקראטיע. זי הייבט ניט אָן פארשטיין און דערווידערט קעגן קאמף פאר די האָרעפאשנע שיכטן פון פויערטום, ווי איינע פון די פאָרהאנאָכעס פונעם דערפאָלגרייַכן זיג פון דער פראָלעטארישער רעוואָליוציע.

און וואָס שייַעך דער נאציאָנאלער־קאָלאָניאַלער פראגע,—ווי איז אין דערדאָזיקער פראגע געווען די פאָזיציע פון ליוקסעמבורג און פון די לינקע? כ׳ סטאַלין גיט אין זייַן בריוו אף דעם אן אויסשעפנדיקן ענטפער:

„זיי האָבן אנטוויקלט א האלב־מענשעוויסטישע טעאָריע פון אימפעריאַליזם, אָפגעוואָרפן דעם פרינציפּ פון זעלבסטבאשטימונג פון די נאציעס אין זייַן מארקסיסטישן באנעם (אזש ביזן אָפטיילן זיך און שאפן זעלבשטענדיקע מעלוכעס, אָפגעוואָרפן דעם טעזיס וועגן דער ערנסטער רעוואָליוציאָנערער באדײַטונג פון דער באפרייַונג־באוועגונג פון די קאָלאָניעס און אונטערדריקטע לענדער, דעם טעזיס וועגן דער מעגלעכקייַט פון אן איינהייַטלעכן פראָנט צווישן דער פראָלעטארישער רעוואָליוציע און דער נאציאָנאלער באפרייַונג־באוועגונג און אנטקעגנגעשטעלט דידאָזיקע האלב־מענשעוויסטישע קאשע, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר א דורכויסיקע ניטדערשאצונג פון דער נאציאָנאל־קאָלאָניאַלער פראגע—דער מארקסיסטישער סכעמע פון די באָלשעוויקעס. עס איז באקאַנט, אז דידאָזיקע האלב־

מענשעוויסטישע קאשע האָט נאָכדעם אונטערגעכאַפּט טראָצקי און אויסגענוצט איר אַלס געווער פון קאַמף קעגן לעניניזם".

און לעסאָפּ אין איר „טעאָריע פון אקומוליאציע (אָנזאמלונג) פון קאפּיטאל" שטעלט ראָזע ליוקסעמבורג ניט אוועק אין צענטער פון אָפּשאצונג פון אימפּעריאַלים דעם קאַפּיטאַליסטישן מאָנאָפּאָליזם, זי שאפט א האלב־מענשעוויסטישע טעאָריע פון אימפּעריאַליזם, זי פּראָפּאגאנדירט דעם אוטאָמאטישן קראַך און אומקום פון קאַפּיטאַליזם אין רעזולטאט פון אויסשעפּן די ניט־קאַפּיטאַליסטישע אָפּזאַץ־מערק, אין קעגנזאַץ צו דער מאַרקסיסטיש־לענינישער טעאָריע, וואָס גייט ארויס פון דער אנטוויקלונג פון די אינערלעכע קעגנזאַצן פון קאַפּיטאַליזם, וועלכע ברענגען און געפינען זייער אויסדריק אין דער סאָציאַליסטישער, פּראָלעטארישער רעוואָליוציע.

בא ראָזע ליוקסעמבורג איז אבסאָליוט אָפּוועזנד די לענינישע אידיי פון אריבערוואַקסן פון דער בורזשואַז־דעמאָקראַטישער רעוואָליוציע אין דער סאָציאַליסטישער רעוואָליוציע, זי שטייט אינגאנצן אפן שטאנדפּונקט פון דער טעאָריע פון „פּערמאַנענטער רעוואָליוציע". (א טעאָריע, געשאפן פון פּארווּס און פארייגנט פון טראָצקי), זי גלויבט ניט אין דער מעגלעכקייט פון אויפבויען דעם סאָציאַליזם אין רוסלאנד אָן דעם גיכן זיג פון מייַרעוו־אייראָפּייאישן פּראָלעטאריאַט, זי גלויבט ניט אין דער מעגלעכקייט פון אויפבויען דעם סאָציאַליזם אין איין לאנד. ליוקסעמבורגס צושליסן זיך צו דער טראָצקיסטישער טעאָריע פון „פּערמאנענטער רעוואָליוציע" איז א לאָגישער פּויעל־יוצא פון איר אנטי־לענינישן אָפּשאַצן און באַנעמען דעם אימפּעריאַליזם און די פּויערים־פראגע. ראָזע ליוקסעמבורג געהערט צו די „פּערמאנענטניקעס", וואָס וועגן זיי האָט כ׳ סטאַלין אין זײַן בראָשור „די אָקטיאבער־רעוואָליוציע און די טאקטיק פון די רוסישע קאָמוניסטן" אין דעקאבער 1924, געשריבן:

„ביז איצט האָט מען געוויינלעך אָפּגעמערקט איין זײַט פון דער טעאָריע פון „פּערמאנענטער רעוואָליוציע"—דאָס ניט גלויבן אין די רעוואָליוציאָנערע מעגלעכקייטן פון דער פּויערים־באַוועגונג. איצט איז נויטיק דידאָזיקע זײַט פארפולקאָמען מיט א צווייטער זײַט—דאָס ניט גלויבן אין די קויכעס און פייאיקייטן פון פּראָלעטאריאַט פון רוסלאנד".

און אין יאנואר 1926 האָט כ׳ סטאַלין וועגן דערזעלבער פראגע געשריבן:

„דאָס הייסט, פארשטענדלעך, ניט, אז דער לעניניזם איז געשטאנען אָדער שטייט קעגן דער אידיי פון פּערמאנענטער רעוואָליוציע אָן גענדזנפיסלעך, וואָס איז געמאָלדן געוואָרן פון מארקס אין די פערציקער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט. פארקערט, לענין איז געווען דער איינציקער מארקסיסט, וואָס האָט ריכטיק פארשטאנען און אנטוויקלט די אידיי פון פּערמאנענטער רעוואָליוציע. דער אונטערשייד פון לענינען און די „פּערמאנענטניקעס" באַשטייט אין דערדאָזיקער פראגע אין דעם, וואָס די „פּערמאנענטניקעס" האָבן פארקריפּלט מארקס אידיי וועגן דער פּערמאנענטער רעוואָליוציע, פארוואנדלענדיק איר אין א ניט־לעבעדיקער, ביכלדיקער נאָרמע, אין דער צײַט, ווען לענין האָט איר גענומען אין ריינעם אויסזען און געמאַכט איר פאר איינעם פון די יעסוידעס פון זײַן טעאָריע וועגן רעוואָליוציע, מע דארף געדענקען, אז די אידיי פון אריבערוואַקסן פון דער בורזשואַז־דעמאָקראַטישער רעוואָליוציע אין א רעוואָליוציע א סאָציאַליסטישער, וואָס איז געגעבן געוואָרן פון לענין נאָך אין 1905 יאָר, איז איינע פון די פאָרמען פאר פארקערפּערן מארקס טעאָריע וועגן דער פּערמאנענטער רעוואָליוציע"—(„צו די פראגעס פון לעניניזם")?

אזוי ארום: אפילע די קורצע אויסרעכענונג פון ליוקסעמבורגס גרונט־פעלערן צווינגט צו מאַכן דעם אויספיר, אז ראָזע ליוקסעמבורג האָט ניט געגעבן קיין מארקסיסטיש־לענינישן אנאליז פון דער עפּאָכע, אין וועלכער זי האָט געלעבט, געארבעט, געקעמפט און העלדיש געהאָלפן אין קאמף. בלויז רענעגאַטן פון קאָמוניזם קענען ריידן וועגן ליוקסעם־

בורגיאניזמ, ווי וועגנ דער העכסטער פאָרמ פונ לעניניזמ. פאקטיש פארפאָלגנ זיי דערמיט דיזעלבע צילנ, וואָס עס האָבנ פארפאָלגט די נאָסקעס און שײדעמאנס, בײס זיי האָבנ דערמאָרדעט ר. ליוקסעמבורג. די פאָרמענ האָבנ זיכ בלויז געביטנ. אינ די אינטערעסנ פונ דער קאָנטער־רעוואָליוציע האָט מענ דערמאָרדעט די „רויטע ראָזא", בײס זי איז געוואָרנ געפערלעכ. אינ די אינטערעסנ פונ דערזעלבער קאָנטער־רעוואָליוציע פרוווט מענ איצט אויסנוצנ ליוקסעמבורגס פעלערנ, בײס עס ווערט פארנ קאפיטאליזמ אלצ מער און מער דראָענדיקער דער וווּקס פונ דער רעוואָליוציאָנערער כוואַליע. די ליוקסעמבורגישע פאָנ אינ די הענט פונ די בראנדלערס, טאלהיימערס און זײדעוויצס טרעט דאָ אָביעקטיוו ארויס אלס קאָנטער־רעוואָליוציאָנערער קויעכ. און די רעשטלעכ, איבערבלײַבענישנ, אידעאליזאציעס פונ ליוקסעמבורגיאניזמ—אלס מאָמענטנ, וואָס גיסנ וואסער אפנ מיל פונ דעמראָזיקנ קאָנטער־רעוואָליוציאָנערנ קויעכ און וואָס טאָרמאָזירנ די דערפאָלגרײַכע אנטוויקלונג פונ דער קאָמוניסטישער באוועגונג.

זײַנענ דענ די ליקסעמבורגיאנישע פעלערנ פונ דער פוילישער קאָמפארטיי אינ דער נאציאָנאלער און פויערימ־פראגע ניט געווענ איינע פונ די גרונט־סיבעס, וואָס איר איז ניט געלונגענ צו אָרגאניזירנ א רעוואָליוציאָנערנ אופשטאנד אינ פוילנ אינ 1920 יאָר, בײס דער סאָוועטיש־פוילישער מילכאָמע?

זײַנענ דענ די ליוקסעמבורגיאנישע פעלערנ פונ דער דײַטשישער קאָמפארטיי אינ דער אָרגאניזאציאָנעלער פראגע, אינ די פראגעס פונ באוואָפנטנ אופשטאנד און דיקטאטור פונ פראָלעטאריאט, אינ די פראגעס פונ אָפשאצונג פונ צענטריזמ, רעפאָרמיזמ און אָפאָרטוניזמ ניט געווענ איינע פונ די גרונט־סיבעס, וואָס האָבנ פארורזאכט די מאפאָלעס פונ אירע ארויסטרעטונגענ אינ 1919 און 1923 יאָר?

האָט טאקע דעריבער כ׳ סטאלינס בריוו א היסטאָרישע באַדײַטונג פארנ גאנצנ וועלט־באָלשעוויזמ, ווײַל ער פארשארפט און הייבט אופ אפ א העכערער שטופע דעמ קאמפ קעגנ ליוקסעמבורגיאניזמ. די בילערײַ פונ די סאָציאַל־פאשיסטנ און רענעגאטנ פונ קאָמוניזמ, אז עס ווערט, קלוימערשט, פארמיעסט דער אָנדענק פונ ראָזא ליוקסעמבורג—איז בלויז א מאנעוור, און דערבײַ גענײט מיט ווײַסע פאָדימ. עס איז קלאָר, אז די באָלשעוויסטישע קריטיק פונ ליוקסעמבורגס יערושע האָט ניט געקאָנט ניט טרעפנ אינ פינטל און ניט געקאָנט ניט ארויסרופנ פארלאָרנקײַט אינ לאגער פונ סאָציאַל־פאשיזמ און די רענעגאטנ פונ קאָמוניזמ.

דער ניטלאנג פארעפנטלעכטער ארטיקל פונ כ׳ טעלמאנ „וועגנ אייניקע טעאָרעטישע און פראקטישע פעלערנ פונ דער קאָמוניסטישער פארטיי אינ דײַטשלאנד און די וועגנ פונ זייער ליקווידאציע", ווו ער שרײַבט וועגנ פעלערנ הויפטזעכלעכ לויט דער ליניע פונ קאמפ מיט דער סאָציאַל־דעמאָקראטיע און אָנווענדונג פונ דער פאָליטיק פונ אײנהײַטלעכנ פראָנט, לויט דער ליניע פונ אָנווענדנ דעמ לאָזונג פונ פאָלק־רעוואָליוציע און לויט דער ליניע פונ קאמפ מיטנ נאציאָנאל־סאָציאַליזמ; דער איניענ מיט כ׳ אָשי; די רעשטלעכ פונ ליוקסעמבורגיאניזמ אינ דער פראקטיק פונ דער פוילישער קאָמפארטיי, וואָס דריקנ זיכ אויס אינ ניטדערשאצנ מיצאד איינצלנע רינגענ דעמ טאָגטעגלעכנ קאמפ אינ דער נאציאָנאל־באפרײַונג־באוועגונג, ניט דערשאצנ די אָרגאניזאציאָנעלע אופגאבעס א.א.וו.; דער פאקט פונעמ אָפשטיינ פונ די ברידערלעכע קאָמפארטייענ פונ די טעמפנ פונ די רעוואָליוציאָנערע געשעענישנ,—רעדט סאָפקאָלסאָפ קלאָר און דײַטלעכ וועגנ דער נויטווענדיקײַט אײַליק און באָלשעוויסטיש צו באקעמפנ די רעשטלעכ און איבערבלײַבענישנ פונ ליוקסעמבורגיאניזמ.

דעריבער איז גערעכט דער צענטראל־קאָמיטעט פונ דער קאָמפארטיי אינ פוילנ, בײס ער שרײַבט אינ זײַנ רעזאָליוציע:

„די פארווירקלעכונג פון דער אופגאבע פון געגעבענעם מאָמענט: די דעראָבערונג פון דער מערהײַט פון פראָלעטאריאט, און אונטער זײַן העגעמאָניע די דעראָבערונג פון די גרונט־האָרעפּאשנע מאסן פון פויערטום און פון די אונטערדריקטע פעלקער, די אָרגאניזאַציע פון א דערפאָלגרײַכער סאָציאַליסטישער רעוואָליוציע אין פוילן פאָדערט א באָלשעוויסטישן באקעמפן די אידעאָלאָגישע ירושה פון ליוקסעמבורגיאניזם".

דאָס איז א שלאָג־אופגאבע ניט בלויז פאר דער פוילישער קאָמפּארטיי, נאָר אין גרונט פאר דער גאנצער צווישנפעלקערלעכער ארבעטער־באוועגונג. דער בריוו פון כ' סטאלין טרעט, אזוי ארום, ארויס ווי א פאקטאָר פון דער ווײַטערדיקער באָלשעוויזאציע פון די קאָמינטערנישע רייען, ווי א מעכטיקע טרײַבקראפט פאר די ברידערלעכע קאָמפּארטייען אין זייער אָנפירונג מיט די אָנוואקסנדיקע רעוואָליוציאָנערע געשעענישן.

---

א׳ בער

# קעגן בונדיסטישער פארקריפלונג פון דער פארטיי-געשיכטע.

.I

דער בריוו פונ כ׳ סטאלינ אינ דער רעדאקציע פונ זשורנאל „פראָלעטארסקאיא רעוואָליוציא״ האָט אינ די איצטיקע באדינגונגענ פונ פארשארפטנ קלאסנ־קאמפ א באזונדערס וויכטיקע באדײַטונג, ער מאָביליזירט די פארטיי אינ קאמפ קעגנ די אָנשוויונגענ, וואָס זײַנענ פרעמד אונ פײַנטלעכ אונדזער פארטיי אונ קעגנ דעמ צעפוילטנ ליבעראליזמ צו זיי.

דער בריוו פונ כ׳ סטאלינ פאָדערט אנטשיידנ פונ יעדנ באָלשעוויק א העכסט פרינציפּיעלע פארטייִשע באציִונג צו אלע טעאָרעטישע פראגעס, אונ פריִער פאר אלצ, צו דער געשיכטע פונ באָלשעוויזמ.

דער בריוו פונ כ׳ סטאלינ רײַסט אראָפּ די מאסקע פונ די טראָצקיסטישע קאָנטראבאנדיסטנ, וועלכע פרוּווּנ זיכ פארקריפלענ די געשיכטע פונ באָלשעוויזמ אונ ווילנ אָפּציִענ די פראָלעטארישע מאסנ אפּנ מײַרעוו פונ אונטער דער באָלשעוויסטישער אָנפירונג פונ קאָמינטערנ.

ס׳איז דעריבער א כויוו פונ יעדנ איינציקנ פארטיי־מיטגליד, פארשטארקנ די באָלשעוויסטישע וואכזאמקײַט אינ קאמפ קעגנ דעמ קאָנטררעוואָליוציאָנערנ טראָצקיזמ אונ זײַנ קאָנטראבאנדע אונ קעגנ יעטווידער פארקריפלונג פונעמ לענינიזמ סײַ אינ דער טעאָריע אונ סײַ אינ דער פראקטיק.

אינ קאמפ קעגנ די רעשטלעכ פונ דער אידעאָלאָגיע פונ די קליינבירגערלעכע פארטייענ אונ באזונדערס קעגנ דער אידעאליזאציע פונ „בונד״, האָט די ק.פּ.(ב)וו. באדײַטנדיקע דערפאָלגנ, דעריבער איז באזונדערס ניט דערלאָזבאר דער צעפוילטער ליבעראליזמ, וואָס איז ארויסגעוויזנ געוואָרנ באמ דורכלאָזנ דעמ ביכל „קורצער עטיוד פונ דער געשיכטע פונ ק.פּ.(ב)וו.״, אָנגעשריבנ דורכ די כ״כ: מײַזל אונ שאפּאָוואלאָוו, ארויסגעגעבנ אינ 1929־טנ י. שוינ ניט רײדנדיק וועגנ דעמ בארג אָנגעוואלגערטע פעלערנ אונ פארקריפלונגענ, וואָס זיי דערלאָזנ אינ געביט פונ דער פארטיי־געשיכטע אינ ווײַסרוסלאנד אינ אלגעמיינ, ווי מאָמענטנ פונ גרויסהערשערישנ שאָוויניזמ, אידעאליזאציע פונ דער פּאָלקיסטישער באוועגונג, פארעכענענ די נאציאָנאלע באוועגונג, ווי א דורכויס קאָנטררעוואָליוציאָנערע, ניט פארשטיינ די פּאָליטיק פונ דער פארטיי בענעגייע דעמ פויערטומ א.א.וו. נאָר באזונדערס בוילעט, אינ א גאנצ אָפענער פאָרמ, ווערט דאָרט אידעאליזירט דער „בונד״. דאָ וועלנ מיר זיכ אָפּשטעלנ וועגנ די בונדיסטישע פארקריפלונגענ פונ דער פארטיי־געשיכטע, וואָס זײַנענ דערלאָזנ געוואָרנ דורכ די כ״כ מײַזל אונ שאפּאָוואלאָוו.

מײַזל און שאפּאָוואלאָוו שרײַבן:

„דער „בונד“ האָט ניט געהאט קײן באַזע פאַר זײַן אנטוויקלונג אין די סאָוועטישע באַדינגונגען; ער האָט געקענט עקזיסטירן ווי א רעוואָלוציאָנערע אָרגאניזאציע (אונטערגעשטראָכן דורך מיר—א. ב.) אין די מעלוכעס, וואָס פירן א פּאָליטיק פון סאָציאַלער און נאציאָנאַלער אונטערדריקונג פון יידישן פּראָלעטאריאט, און אַף וויפל אָט די בײדע אומגעבונגען זײַנען אין אונדזערע באַדינגונגען פאַרשוונדן, האָט ער געמוזט אָפּשטעלן זײַן טעטיקײַט“ (ז. 125).

אין אָט דעם אײנעם זאַץ געפינען זיך אַזויפיל אנטילעניניש פאַרקריפּלונגען אין דער אָפּשאַצונג פון „בונד“, אז עס פאָדערט זיך א גענויער אנאליז, קעדײ אויפצודעקן יעדן אײנעם פעלער באַזונדער.

לאָמיר זיך פּרוּוון פאַנאַנדערקלײַבן אין דעם שעדלעכן אָפּאָרטוניסטישן פּלאָנטער, וואָס די אווטאָרן האָבן דאָ דערלאָזן.

ערשטנס, שאַצן זײ אָפּ דעם „בונד“ אַלס א רעוואָלוציאָנערע אָרגאניזאציע; צווײטנס,—וואָס עס דרינגט שוין דערפון ארויס—ווערט דורך זײ באַרעכטיקט די עקזיסטענץ פון סאָציאַל־פאשיסטישן „בונד“ אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער; דריטנס,—דערקלערן זײ, אז דער „בונד“ האָט אווטאָמאַטיש ד. ה., זעלבסטפאַרשטענדלעך אָפּגעשטעלט זײַן טעטיקײַט, ווײַל ער האָט אין דער סאָוועטישער אומגעבונג ניט געהאט קײן באַדינגונגען פאַר זײַן עקזיסטענץ, און, פערטנס, וואָס דרינגט ארויס פון דעם לעצטן: אַף וויפל עס איז פאַרשוווּנדן געוואָרן דער באָדן פון בונדיזם, איז ניטאָ קײן שום געפאַר פאַר רעצידיוון פון דער בונדישער אידעאָלאָגיע א.א.וו. ד. ה., אז מיר דאַרפן אָפּשוואַכן אונדזער וואַכזאַמקײַט קעגן דעם קלאַסן־סוינע, וועלכער נוצט אויס די בונדישע קאָנטר־רעוואָלוציאָנערע אידעאָלאָגיע אַלס פאָן אין קאַמף קעגן דער פּראָלעטארישער דיקטאַטור, קעגן אונדזער דערפאָלגרײַכער סאָציאַליסטישער בויונג.

פאַר יעדן איז באַוווּסט, וואָס פאַר א שאַרפן קאַמף לענין און אונדזער גאַנצע באָלשעוויסטישע פּארטײ האָט געפירט קעגן „בונד“ פאַר דער גאַנצער צײַט פון זײַן (דעם „בונדס“) עקזיסטענץ, ווי קעגן א סוינע פון ארבעטער־קלאַס, און „העלפער פון די ראַבאָנים און בורזשואַ“.

אָט ווי לענין האָט אָפּגעשאַצט דעם „בונד“.

„אונדזערע בונדאָווצעס און די ליקווידאַטאָרן זאַמלען צונויף אַף דער גאַנצער וועלט אַלע פעלערן און אַלע אָפּאָרטוניסטישע וואַקלונגען פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטן פון פאַרשײדענע לענדער און פאַרשײדענע נאציעס, אַרײַננעמענדיק אין זײער באַגאַזש אומבאַדינגט דאָס סאַמע ערגסטע פון דער אַלוועלטלעכער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע“ („נאָטיצן איבער דער נאציאָנאַלער פראַגע“).

מײַזל און שאפּאָוואלאָוו, זעט איר, זײַנען אָבער דערמיט ניט מאַסקים. זײ האַלטן, אז דער „בונד“ איז ניט קײן סוינע פון ארבעטער־קלאַס, נאָר א „רעוואָלוציאָנערע אָרגאניזאציע“. אין וואָס־זשע איז באַשטאַנען די רעוואָלוציאָנערישקײַט פון „בונד“? עפשער אין דעם, וואָס ער האָט געפירט א שטענדיקן קאַמף קעגן לעניניזם, אין זײַן אָרגאניזאציאָנעלער פאַרבינדונג מיט די ליקווידאַטערן, אין זײַן קלײנבירגערלעכקײַט, עקיזם, אין זײַן קעסײדערדיקער פּשאָרעסדיקײַט מיט דער בורזשואַזיע, אין זײַן „צעטײלן די ארבעטער פון פאַרשײדענע נאציאָנאַליטעטן ביז געשלעג, ביז שטרײַק־ברעכערײַ“ (סטאַלין), אין זײַן קאַמף קעגן דער אָקטיאַבער־רעוואָלוציע? עפשער דערמיט איז דער „בונד“ געווען רעוואָלוציאָנער?

עס איז קלאָר, אז גערעכט איז געווען לענין און ניט מײַזל און שאפּאָוואלאָוו, וועלכע פאַרקריפּלען די געשיכטע פון דער רעוואָלוציאָנערער ארבעטער־באַוועגונג.

צי איז דאָס א צופעליקײַט בא די אווטערנ, עס האָט זיכ ארויסגעכאפּט בא זיי א וואָרט, אָדער א זאצ, אָדער דאָס איז א באוווּסטזיניקע פארקריפלונג? ניינ, קיינ צופעליקײַט איז דאָס ניט, דאָס באשטעטיקנ זיי מיט א גאנצע ריי געדאנקענ וועגנ דער אנטוויקלונג פונ „בונד", וועלכע געפינענ זיכ אינ א גאנצע ריי ערטער פונעמ דאָזיקנ ביכל. מײַזל אונ שאפּאָוואלאָוו שטעלנ פאָר דעמ „בונד" אלס רעוואָליוציאָנערע אָרגאניזאציע, דערמיט אידעאליזירנ זיי די פארגאנגענהײַט פונ „בונד" אונ בארעכטיקנ זײַנ עקזיסטענצ איצט אינ די קאפּיטאליסטישע לענדער.

די כ"כ לעניג, סטאלינ, די פּארטיי האָבנ געקעמפט מיט דער גאנצער באָלשעוויסטישער ענערגיע קעגנ דער זעלבסשטענדיקער עקזיסטענצ פונ „בונד", קעגנ זײַנ פּראָגראם פונ נאציאָנאל־קולטורעלער אווטאָנאָמיע, באווײַזנדיק די שעדלעכקײַט פונ אָפּרײַסנ די יידישע ארבעטער פונ דער אלגעמיינער רעוואָליוציאָנערער באוועגונג. מײַזל אונ שאפּאָוואלאָוו גע־פינענ אָבער א זכוס פארנ „בונד" אונ פאר זײַנע אידעאָלאָגנ, אונ קעדיי דורכפירנ דאָס־דאָזיקע שטיקל ארבעט, זײַנענ זיי גרייט אפילע צו פארקריפּלענ די געשיכטע אונ צו טרײַבנ רעכילעס קעגנ די יידישע ארבעטער־מאסנ. זיי האלטנ, אז ניט דער „בונד" אונ זײַנע אידעאָלאָגנ זײַנענ געווענ שולדיק אינ אראָפּפירנ פונ וועג דעמ טייל יידישע ארבעטער, וואָס זײַנענ געגאנגענ נאָכנ „בונד", נאָר שולדיק זײַנענ געווענ די ארבעטער־מאסנ גופע.

אָט וואָס זיי שרײַבנ:

„אינ וואָס זײַנענ באשטאנענ די סאָציאַלע סיבעס פונ דער אָפּגעזונדערטער טאַק־טיק פונ „בונד"? אינ גרונט איז דאָס די „האנטווערקערישע באזע" זײַנע, דער פּראָ־לעטאריאט ניט קיינ גרויס מאשינאָווער, נאָר פונ דער קליינהאנטווערקערישער קוסטארישער פּראָדוקציע, דאווקע דאָס האָט, אינ גרונט, געבוירנ אינ די קעפּ פונ די אידעאָלאָגנ פונ „בונד" דעמ געדאנק וועגנ דער „ספּעציפישקײַט פונ די יידישע אינטערעסנ" (ז. 21).

פאלש! דאָס איז א געמיינער פּרווו צו אידעאליזירנ דעמ „בונד" וועלכער האָט, שלעפּנ־דיק זיכ אינ עק פונ דער בורזשואזיע, זיכ געסטארעט באוווּסטזיניק אָפּציִענ די יידישע ארבעטער פונ דער רעוואָליוציאָנערער ארבעטער־באוועגונג, אונ געפירט זיי קעגנ די אינ־טערעסנ פונ פּראָלעטאריאט אונ פונ דער רעוואָליוציע.

אָט, ווי דער כ' סטאלינ כאראקטעריזירט די אנטוויקלונג פונ „בונד":

„נאָכ ביזנ 1897־טנ יאָר האָבנ די ס.־ד. גרופּנ, וואָס האָבנ געארבעט צווישנ די יידישע ארבעטער, געשטעלט פאר זיכ א ציל צו שאפנ א ספּעציעלע יידישע ארבע־טער־אָרגאניזאציע. אינ 1898־טנ יאָר האָבנ זיי געשאפנ אזא אָרגאניזאציע, פארייניקנ־דיק זיכ אינ „בונד". דאָס איז נאָכ אינ דער צײַט, ווענ די רוסישע סאָציאַל־דעמאָ־קראטיע, ווי א גאנצע, האָט פאקטיש ניט עקזיסטירט. פונ יענער צײַט אָנ איז דער „בונד" קעסיידער געוואָקסנ אונ פארברייטערט זיכ, אויסטיילנדיק זיכ אלצ מער אפנ פאָנ פונ די גרויע טעג פונ דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראטיע. נאָר אָט קומענ אָנ די 900־ער יאָרנ. עס הייבט זיכ אָנ א מאסאָווע ארבעטער־באוועגונג. עס וואקסט די פוילישע ס.־ד. אונ ציט ארײַנ אינ מאסנ־קאמפ יידישע ארבעטער. עס וואקסט די רוסלענדישע ס.־ד. אונ ציט צו צו זיכ די „בונדישע" ארבעטער. די נאציאָנאלע רא־מענ פונ „בונד", וועלכע האָבנ ניט געהאט קיינ טעריטאָריעלע באזע, ווערנ ענג. פארנ „בונד" שטעלט זיכ די פראגע: אָדער צעלאָזנ ווערנ אינ דער אלגעמיינער אינ־טערנאציאָנאלער כוואליע, אָדער אופצוהאלטנ זײַנ זעלבשטענדיקע עקזיסטענצ, אלס עקסטעריטאָריעלע אָרגאניזאציע. דער „בונד" קלײַבט אויס די לעצטע".

איז ווער איז שולדיק? דער „בונד", אָדער די ארבעטער־מאסנ?

מיט וואָס קענען די אווטערן דערקלערן דעם פאקט, וועגן וועלכן עס רעדט דער כ׳ סטאלין, אז מיטן ווּקס פון דער רעוואָליוציאָנערער ארבעטער־באוועגונג זיינען אריינגעצויגן געוואָרן ברייטע ייִדישע ארבעטער־מאסן אין די אָרטיקע ס.־ד. פארטייען, פארוואָס דער „בונד״ האָט זיך אזוי דערשראָקן? מיט וואָס וועלן די אווטערן דערקלערן דעם פאקט, וואָס אין מייִרעוו־קאָמיטעט פון דער ר. ס. ד. א־פּ. וועלכער האָט פאריייניקט אין זיינע אָרגאניזאציעס 970 מענטשן, זיינען מער פון א העלפט געווען ייִדישע ארבעטער. צי זיינען צווישן אָט די ייִדישע ארבעטער אין ווייסרוסלאנד געווען אסאך פראָלעטאריער פון דער מאשינבוי־אינדוסטריע? פארשטייט זיך, אז ניט. דעריבער איז קלאָר, אז שולדיק זיינען דאָ געווען ניט די ייִדישע ארבעטער־מאסן, נאָר דער „בונר״.

עס איז קלאָר, אז די אווטערן האָבן זיך דאָ אליין מיִעס פארפלאָנטערט.

די אווטערן פבּוּון זיך צו דערקלערן דעם נאציאָנאליזם אין דער ייִדישער ארבעטער־באוועגונג מיט דער נאציאָנאלער אונטערדריקונג,—פּאָגראָמען און מיט דער קליינבירגערלעכער סוויווע פון די ייִדישע ארבעטנדיקע מאסן. זיי שטרייכן אונטער, אז

„די קליינבירגערלעכע סוויווע אין דער האנטווערקעריי איז געוואָרן דער פאָרבאדינג פון נאציאָנאליזם אין דער ייִדישער סוויווע״.

עמעס, די סוויווע האָט געווירקט. די פראגע באשטייט אָבער אין דעם, צי דער „בונד״ האָט באקעמפט דעם נאציאָנאליזם, צי ער האָט אים אונטערגעהאלטן און פארשפרייט? מייזל און שאפּאָוואלאָוו ווילן דערווייזן, אז דער „בונד״ איז געווען א קאָרבן פונעם נאציאָנאליזם, וואָס האָט געהערשט צווישן די ייִדישע ארבעטנדיקע מאסן, דאָס איז, פארשטייט זיך, אינגאנצן פאלש, ווייל דער „בונד״ האָט באוווסטזיניק דורכגעפירט דעם נאציאָנאליזם צווישן די ארבעטער.

„די בונדאָווצעס טרעטן אין דער ווירקלעכקייט ארויס אלס דורכפירער פון דעם בורזשואזן נאציאָנאליזם אין דער ארבעטער־סוויווע״.

אזוי שרייבט לענין אין זיינע נאָטיצן איבער דער נאציאָנאלער פראגע.

דער „בונד״ האָט זיין פראָגראם פון נאציאָנאל־קולטורעלער אווטאָנאָמיע געשאפן ניט אונטערן דרוק פון די ארבעטער־מאסן, נאָר קעדיי צו בארעכטיקן זיין זעלבשטענדיקע עקזיסטענץ.

„דער „בונד״ האָט זיך אָנגעכאפּט פאר איר (פאר דער פראָגראם פון נאציאָנאַלער אווטאָנאָמיע—א. ב.), איבערנעמענדיק איר בא דער עסטרייכישער ס.־ד. וואָלט אזא פראָגראם ניט געווען בא די עסטרייכער, וואָלט דער „בונד איר אויסגעטראכט, קעדיי פרינציפּיעל צו בארעכטיקן זיין זעלבשטענדיקע עקזיסטענץ״ (סטאלין. „מארקסיזם און די נאציאָנאלע פראגע„).

די פראגע איז קלאָר, אָבער די אווטערן אידעאליזירן דעם „בונד״, פארקריפּלענדיק דערביי די געשיכטע פון באָלשעוויזם.

נאָך אין 1913־טן יאָר האָט דער כ׳ סטאלין געשריבן וועגן דעם „בונדס״ „דער־גרייכונגען״:

„דער „בונד״ האָט זיך דערשלאָגן זיין ציל: ער גרענעצט אָפּ די ארבעטער פון פארשיידענע נאציאָנאליטעטן ביז געשלעג, ביז שטרייק־ברעכעריי״ (מארקסיזם און די נאציאָנאלע פראגע).

אפן איצטיקן עטאפּ איז דער „בונד״ אין די קאפּיטאליסטישע לענדער א סאָציאַל־פאשיסטישע קאָנטר־רעוואָליוציאָנערע פארטיי. דער „בונד״ אין פוילן פילט אויס די ראָל פון

א פראָוואָקאטער אין דער רעוואָליוציאָנערער ארבעטער־באוועגונג, דינענדיק געטריַי דער פילסודטשינע, דעם פוילישן פאשיזם. קומען איצט מיַיזל און שאפּאָוואלאָוו און בארעכטיקן מיט זייער „טעאָריע" די עקזיסטענץ פון „בונד", ווי א רעוואָליוציאָנערע אָרגאניזאציע אין די מעלוכעס, וואָס פירן א פּאָליטיק פון נאציאָנאלער און סאָציאַלער אונטערדריקונג פון יידישן פראָלעטאריאט.

צי איז ריכטיק, אז דער „בונד" האָט באלד אָפּגעשטעלט זיַין טעטיקיַיט, ווי נאָר עס האָט זיך באוויזן די סאָוועטנמאכט, ד. ה., ווי נאָר עס זיַינען פארשוואונדן געוואָרן די אומגעבונג און די באדינגונגען פון סאָציאַלער און נאציאָנאלער אונטערדריקונג? ערשטנס, איז עס געשיכטלעך פאלש, וויל די טעטיקיַיט פון „בונד" איז אָפּגעשטעלט געוואָרן ניט גליַיך נאָר ערשט אפן 4־טן יאָר פון דער עקזיסטענץ פון דער פראָלעטארישער דיקטאטור, און ניט זעלבסטפּליסיק, נאָר אדאנק דעם ווּקס פון באָלשעוויזם, אונטער דעם דרוק פון די ארבעטער, וועלכע זיַינען באווירקט געוואָרן פון די באָלשעוויקעס און פון דער רעוואָליוציע, איבערציַיגנדיק זיך אין דער קאָנטררעוואָליוציאָנערער ראָל פון „בונד".

ווענן דעם, אז דער „בונד", וועלכער האָט אזוי אקטיוו געקעמפט קעגן דער אָקטיאָבער־רעוואָליוציע און קעגן די באָלשעוויקעס, האָט קלוימערשט גליַיך אוועקגעלייגט די געווער, ווי נאָר דער פראָלעטאריאט איז געקומען צו דער מאכט, קענען נאָר ריידן מענטשן, וואָס האָבן זיך געשטעלט א ציל צו פארקריפּלען די געשיכטע פון אונדזער פארטיי, קעדיי צו אידעאַליזירן דעם „בונד".

ווען די אווטערן וואָלטן פארמאָגן כאָטש א ברעקעלע לאָגיק און קאָנסעקווענץ, וואָלטן זיי געדארפט מאכן דעם וויַיטערדיקן אויספיר פון זייער אָפּאָרטוניסטישער קאָנצעפּציע, ד. ה., אז אויב דער באָדן פון בונדיזם איז פארשוואונדן, איז דאָך פארשוואונדן יעטווידע געפאר פון רעצידיוון פון דער בונדישער אידעאָלאָגיע. הייסט עס, אז דער גאנצער קאמף, וועלכן אונדזער קאָמפּארטיי פירט אויך איצט מיט אזא אקשאָנעס קעגן די רעשטלעך פון בונדיזם, ווי שאָוויניזם, עקיזם, צעכיזם, באריַיסעריַי, אידעאַליזאציע פון „בונד" א.א.וו., ווי קעגן א קלאסן־פיַינטלעכער אידעאָלאָגיע, איז אינגאנצן אן איבעריקע זאך. דאָס איז דאָך אָבער אין די אינטערעסן פון די קלאסן־סאָנים אָפּצושוואכן די קלאסן־וואכזאמקיַיט פונעם פראָלעטאריאט קעגן זייערע מאנעוורען.

די געפאר פון אָפּאָרטוניזם איז גאנץ שטארק. באזונדערס ערנסט איז די געפאר פון רעכטס אפן געגעבענעם עטאפּ. זי שטאמט פונעם פארשארפטן קלאסן־קאמף צוליב אונדזער אָנגריף אפן גאנצן פראָנט. זי שטאמט פונעם ווידערשטאנד פון אונדזערע קלאסן־סאָנים, פונעם באלעגופּ, קלעריקאל, נעפּמאן א.א.וו. וועלכע פרוּוון ארונטעריַיסן אונדזער דערפאָלגריַיכע סאָציאַליסטישע בויונג. די קלאסן־פיַינטלעכע ווירקונגען דרינגען אפילע דורך אין די שוואכערע רונגען פון אונדזער פארטיי, ווערבירן זיך דאָרט זייערע אגענטן צווישן די אָפּנייגלער פון דער פארטיי פון רעכטס און „לינקס" און צעפוילטע ליבעראלן.

אפּ דער באזע פון דעם פארשארפטן קלאסן־קאמף איז אויך דאָ אן ערנסטע געפאר אז דער קלאסן־סוינע זאָל אויסנוצן די רעשטלעך פון דער אידעאָלאָגיע פון די יידישע קליינבירגערלעכע פארטייען, באזונדערס פון „בונד" אין קאמף קעגן אונדזער סאָציאַליסטישער בויונג, אין קאמף קעגן די מאָסמיטלען פון דער קאָמוניסטישער פארטיי בריַיטער ארייַנצוציען די יידישע ארבעטער און ארבעטנדיקע מאסן אין דער אקטיווער בויונג פון סאָציאַליזם. דאָס הייסט ניט, אז די איבערבליַיבענישן פון „בונד", זיַינען באם איצטיקן מאָמענט א פאָשעטער איבערכאזערן זיך פון אלטן „בונד". די פראגע גייט בא זיי ניט אזוי וועגן אויפשטעלן די אלטע נאציאָנאלע פּראָגראם פון „בונד", ווי אין דורכטראָגן אין די רייען פון די יידישע ארבעטנדיקע מאסן אפּ א קאָנטראבאנדע אויפן דעם גאנצן קאָמפּלעקס

פון קלײנבירגערלעכע קלאסן־פײַנטלעכע שטימונגען: אין ווידערשטאנד צו דער ווײַסרוסיזאציע, אין נאציאָנאלער באגרענעצטקײַט, באנײַטן יידישיזם, אין דער אידעאליזאציע פון „בונד“ און אנדערע איבנדערמאָנטע סימאָנים. אָט די שטימונגען קען מען נאָך באמערקן בא אנדערע אָפּגעשטאנענע ארבעטער, קוסטארעס און אינטעליגענץ, געוועזענע בונדאָווצעס, אָדער אזעלכע, וואָס זײַנען אין „בונד“ ניט געווען, וועלכע האָבן זיך דערצויגן אונטער זײַן ווירקונג. אזעלכע שטימונגען קען מען נאָך טרעפן אפילע צווישן אנדערע קאָמוניסטן, געוועזענע בונדאָווצעס.

אונדזער אויפגאבע איז אראָפּרײַסן יעדן פרווו פון קלאסן־סוינע דורכצודרײַסן זיך אין אונדזערע רייען, יעדן פרווו זײַנעם צו שטערן אונדזער סאָציאליסטישע בויונג; מיר דארפן אנטוויקלען די ברייטע ארבעטער־מאסן אין אינטערנאציאָנאלן גײַסט. דערצו איז נייטיק די געהעריקע ליטעראטור, וועלכע זאָל קענען באווײַזן די וועגן, דורך וועלכע דער פּראָלעטאריאט איז אונטער דער באָלשעוויסטישער אָנפירונג געקומען צום זיג, דערציִען אים אפ דער ווירקלעכער געשיכטע פון אונדזער באָלשעוויסטישער פארטיי. עס טאָר ניט דערלאָזן ווערן, אז אין אונדזערע פארטיי־שולן זאָל מען קאָרמענען די צוהערער מיט קאָנטער־רעוואָליוציאָנערער טראָצקיסטישער קאָנטראבאנדע, מיט פאלסיפיקאציע פון דער פארטיי־געשיכטע און מיט אידעאליזאציע פון „בונד“. דאָס בוך דארף דעריבער דערקלערט ווערן ווי א שעדלעכער.

יעטווידער פרווו דורכצושמוגלען אפ א קאָנטראבאנדע־אויפן טראָצקיסטישע, רעכט־אָפּאָרטוניסטישע און בונדישע אידעאָלאָגיע מוזן באקומען דעם געהעריקן באָלשעוויסטישן ווידערשטאנד.

## II

עס טרעפט, אז אפ פארזאמלונגען פון ארבעטער און ארבעטנדיקע, ווו מען רעדט וועגן דער קאָנטררעוואָליוציאָנערער ראָל פון „בונד“, דערלאנגט מען דיר א צעטעלע מיט אזא פראגע: ביז וועלכן יאָר איז דער „בונד“ געווען א רעוואָליוציאָנערע פארטיי. און ווען דו דערווײַזט, אז דער „בונד“ איז קיינמאָל קיין רעוואָליוציאָנערע ארבעטער־פארטיי ניט געווען, פארופט מען זיך אפ אזעלכע כאווירים, ווי ראפעס, עסטער, ליטוואקאָוו, שאכנע עפשטיין א. אנד. און ווירקלעך קאָן מען בא דידאָזיקע כאווירים געפינען א היפּשע דאָזע אידעאליזאציע פון „בונד“. פארשטייט זיך, אז אזא שרײַבן געשיכטע פון דער ארבעטער־באוועגונג האָט קיין שום שײַכעס ניט צו באָלשעוויזם און שאפט בא דער מאסע א פאלשע פאָרשטעלונג וועגן דער געשיכטע פון דער באָלשעוויסטישער פארטיי און איר ארבעט און ווירקונג צווישן די יידישע ארבעטער־מאסן.

דער בריוו פון כ׳ סטאלין אין זשורנאל „פּראָלעטארסקאיא רעוואָליוציא“ און די שארפע קריטיק, וואָס איז דורך א טייל כאווירים געווען אין דער פרעסע קעגן די אידעאליזאטערן פון „בונד“, האָבן שוין טיילווײַז געווירקט אפ אזויפיל, אז אייניקע כאווירים האָבן אָנגעהויבן איבערקוקן זייערע פעלערהאפטע, אנטיפארטיייִשע אײַנשטעלונגען אין דער אָפּשאצונג פון „בונד“ און זאָגן צו אויסלעבן און באקעמפן זייערע פעלערן (עסטער, ליטוואקאָוו, מײַזעל). דאָס ווערט אָבער דערווײַל געטאָן ניט פול, ניט פאנאנדערגעוויקלט און זעלבסטקריטיש, אזוי, אז קיינער זאָל זיך שוין מער ניט קענען קלאמערן אָן זייערע אנטילענינישע, אנטיפארטיייִשע, שעדלעכע פאָרמולירונגען.

מיר האָבן אָבער נאָך אזעלכע כאווירים, וואָס אקשענען זיך און וואָס פרווון ניט א קלאפּ טאָן א פינגער אָן א פינגער, קעדיי באקעמפן זייערע גראָבע אנטיפארטיייִשע פעלערן אין דערדאָזיקער פראגע. אָט די „געשיכטע“־שרײַבער פון „בונד“, אָדער בעסער

געזאָגט, די בונדישע געשיכטע־שרײַבער האלטנ, ווײַזט אויס, אז זיי זײַנען אינגאנצנ רייג פונ פארקריפלענ די פארטיי־געשיכטע. זיי שווײַגנ, ווי צו זיי וואָלט דאָס קיינ שום שײַכעס ניט געהאט. מיר האָבנ דאָ אינ זינען באזונדערס די כאוויירים, וואָס טיילנ די געשיכטע פונ „בונד" אונ ווײַזנ, אז דער „בונד" איז קלוימערשט ביזנ 1905 יאָר געווענ א רעוואָליוציאָנערע ארבעטער־פארטיי, וועלכע איז קלוימערשט געגאנגענ „האנט בא האנט מיט די באָלשעוויקעס", אונ נאָכנ 1905 יאָר, ווענ דער „בונד" קײַקלט זיכ צו די מענשעוויקעס, וועב דער „בונד" ווערט קאָנטררעוואָליוציאָנער.

דער כויוו פונ יעדנ קאָמוניסט איז אופצודעקנ אונ צו באקעמפנ אזא „באלויכטנ" די געשיכטע פונ דער רעוואָליוציאָנערער ארבעטער־באוועגונג, אזא אויסטײַטשנ די געשיכטע פונ דער רעוואָליוציאָנערער ארבעטער־באוועגונג פונ בונדיסטישנ שטאנדפונקט.

מיר וועלנ דאָ באטראכטנ אייניקע ערטער פונ כ' ראפעסעס בוכ „קאפיטלענ געשיכטע פונ „בונד", ארויסגעגעבנ אינ קיִעוו 1929 יאָר.

אָט וואָס דער כ' ראפעס שרײַבט וועגנ דער ליניע פונ „בונד" אינ 1905 י.

ארײַנ אינ דעמ געווירבל פונ קאמפ צווישנ די פראָלעטארישע אונ קליינבירגערלעכע טענדענצנ פונ דער רעוואָליוציע, האָט דער „בונד" לעכאטכילע, אינעמ ערשטנ פעריאָד פונ דער רעוואָליוציע, זיכ ארופגעכאפט אפ דער פראָלעטארישער רעוואָליוציאָנערער כוואליע, אונ ווי לאנג דידאָזיקע כוואליע איז געווענ ברויזנד־מעכטיק, איז ער געגאנגענ האנט בא האנט מיט די באָלשעוויקעס" (זײַט 133).

צי איז ריכטיק, אז דער „בונד" איז געגאנגענ „האנט בא האנט מיט די באָלשעוויקעס"? פארשטייט זיכ, אז ניט. עמעס איז, אז ער האָט זיכ געפלאָנטערט, אז זײַנ וועג איז געווענ פול מיט וואקלונגענ, וואָס איז אייגנטימלעכ פאר אלע קליינבירגערלעכע פארטייענ, אָבער האנט בא האנט מיט די באָלשעוויקעס איז ער קיינמאָל ניט געגאנגענ. פארקערט, ער איז אויכ דאנ געווענ א שטיצע פונ מענשעוויזמ.

וועגנ דעמ בונדס אָפּאָרטוניזמ, האלבקײַט, קליינבירגערלעכקײַט, האָט לענינ אינ 1905 י. געשריבנ:

„דער רעצעפּט איז א פּאָשעטער, א באליבטער שוינ פונ לאנג דורכ מענטשנ, וואָס האָבנ קיינמאָל ניט געזינדיקט מיט קיינ אייגענעמ זעלבשטענדיקנ גדאנקעלע: נעמענ קעגנזעצלעכע אָנשווונגענ, צענויפמישנ זיי צוזאמענ אונ צעטיילנ אפ דער העלפט" (8 באנד, צווייטע אויסגאבע, זײַט 195).

קומט דער כ' ראפעס אונ וויל „בארײַכערנ" די געשיכטע פונ דער באָלשעוויסטישער פארטיי מיט דעמ, אז אויכ דער „בונד" איז געווענ באָלשעוויסטיש.

אינ א צווייטנ אָרט פונ דעמזעלבנ ביכל שרײַבט דער כ' ראפעס:

„דער איסקריזמ, אלס גרונט פאר דער רעוואָליוציאָנערער טאקטיק, האָט גענומענ די אויבערהאנט אויכ אינ „בונד".

שטעלט זיכ א פראגע, פארוואָס האָט ראפעס ניט באנוצט דעמ באגריפ לעניניזמ, נאָר „איסקריזמ"? ווײַטער וועט קלאָר ווערנ פארוואָס דאָס איז אימ געווענ נייטיק.

וועגנ וועלכער „איסקרא" רעדט דאָס דער כ' ראפעס? אויב וועגנ דער אלטער „איסקרא", ווייסנ מיר, אז דער „בונד" האָט זיכ צו איר באצויגנ נעגאטיוו, בעסער געזאָגט פײַנטלעכ. ווי אזוי דער בונד האָט זיכ באצויגנ צו דער אלטער „איסקרא" קענ מענ זענ פונ דעמ בייזנ ענטפער, וואָס דער בונדישער אָרגאנ „פּאָסלעדניִע איזוועסטיא" האָט אינ 1905 יאָר געגעבנ אפ לעניגס קריטיק קעגנ בונד":

„מישפעטנדיק לויט דעם, וואָס פון דעם ארטיקל שלאָגט שטארק מיטן בוקעט פון דער אלטער „איסקרא" פון לענינס צײַטן דארף מען רעכענען, אז ער געהערט צו דער פען פון דעם ליטעראט"... און דאָ גייט א זידל־וואָרט אפן אדרעס פון לענינען. קלאָר, אז די אלטע „איסקרא" מיט לענינען בעראָש האָט דעם בונד ניט געשמעקט. אים האָט געשמעקט די מענשעוויסטישע נײַע „איסקרא".

און לענין לאכט טאקע בײַסנד אויס דאָס „צוזאמענלעבן פון „בונד" מיט דער נײַער „איסקרא" (8־טער ב. 195 זײַט) און די פאָלגן דערפון.

דער כ' דימאנשטיין גיט איבער אין זײַן ארבעט וועגן דער רעוואָליוציאָנערער ארבעטער־באוועגונג צווישן די ייִדישע ארבעטער אין 1905 י. פאָלגנדיקע דערינערונגען:

„איך געדענק, אז ווען מיר פלעגן געבן באקאַנטע בונדאָווצעס אונדזער ליטעראטור, פלעגן זיי מוירע האָבן צו באווײַזן עס זייערע כאוויירים אפילע. זיי האָבן מוירע געהאט, אז אויב פון דעם וועט זיך דערוויסן דער אָרגאניזאטער פון דער בונדישער סכאָדקע, וועלן זיי כאפן א מיִעסן פסאק. אָט אזוי האָט דער „בונד" געפירט זײַנע מיטגלידער, זיי זאָלן ניט ארײַנפאלן „אונטער דער שעדלעכער ווירקונג פון די איסקראָווצעס" (זײַט 29).

וועגן דעם אײַנגעשפארטן קאמף, וואָס די אלטע „איסקרא" האָט געפירט קעגן דעם נאציאָנאליזם פון „בונד", שרײַבט לענין אָט וואָס:

„מיטן נאציאָנאליזם פון „בונד" האָט די אלטע „איסקרא" געפירט א פאראקשנטן קאמף, און פארגעסן אָן דעם קאמף הייסט ווידער ווערן אן איוואן וואָס געדענקט ניט, אָפזאָגן זיך פון דער היסטאָרישער און אידייִשער באזע פון דער גאנצער סאָציאַל־דעמאָקראטישער ארבעטער־באוועגונג אין רוסלאנד". (לענין. וועגן דער נאצפראָגראם אין דער ר.ס.ד.א.פ. IV באנד, זײַט 68).

פאר אונדז איז קלאָר, אז וועגן דער אלטער „איסקרא" גייט דאָ ניט קיין רייד. אויב אָבער דער כ' ראפעס האָט אין זינען געהאט די נײַע „איסקרא", האָט אָבער דער מין איסקריזם ניט געקאָנט דינען אלס „גרונט פאר דער רעוואָליוציאָנערער טאקטיק", נאָר איז, פארקערט, געווען אָפאָרטוניסטיש, מענשעוויסטיש, פונקט ווי דער „בונד".

פונדאנען איז קלאָר, פארוואָס דער כ' ראפעס האָט דאָ באנוצט דעם באגריף איסקריזם און ניט לעניניזם, ווײַל אויב ער וואָלט געזאָגט לעניניזם, וואָלט די אידעאליזאציע פון „בונד" זיך גלײַך געוואָרפן אין די אויגן. אונטער דעם באגריף איסקריזם איז דאָס לײַכטער צו מאסקירן. אים קען מען טײַטשן ווי מען וויל, אי אזוי, אי אַנדערש.

דאָ זעט מען גלײַך, אז כ' ראפעס האָט פאלסיפיצירט די געשיכטע פון דער פארטיי, געוויזן דעם „בונד" אין א ראָמאנטישן אויסזען, ווי א פארטיי, וואָס איז, קלוימערשט, נעגאנגען „האנט בא האנט מיט די באָלשעוויקעס", וואָס האָט, קלוימערשט, אָנגענומען די באָלשעוויסטישע רעוואָליוציאָנערע טאקטיק.

צי האָט אזא מעטאָר פון „מאכן געשיכטע" א שײַכעס מיט דער געשיכטע פון באָלשעוויזם? פארשטייט זיך, אז ניט.

אָדער ווען מיר נעמען די אָפשאצונג וועגן דעם „בונד" אלס פארטייִשע פאָליטישע אָרגאניזאציע.

דער כ' לענין האָט אָפגעשאצט דעם בונד, ווי א קליינבירגערלעכע נאציאָנאליסטישע אָרגאניזאציע, וואָס דינט דער בורזשואזיע און די ראבאָנים.

דער כ' ראפעס אָבער האלט, אז „ער (דער בונד) איז געוואָרן די פארטייִשע פאָליטישע אָרגאניזאציע פון די ייִדישע ארבעטער" (ז. 87).

פארשטייט זיך, אז אזא אײַנשטעלונג פון כ' ראפעס איז אינגאנצן פאלש, אנטילעניניש.

דער כ׳ סטאלינ האָט אפ זײַנע לעקציעס וועגן די יעסוידעס פונ לעניניזם געזאָגט, אז:

„די פארטייען פונ 2־טנ אינטערנאציאָנאל, וועלכע פריידיקנ דעם „עקיזם", זײַנען דורכפירער פונ דער בורזשואזער פּאָליטיק, וועלכע פארמישפּעט דעם פּראָלעטאריאט אפ דער ראָל פונ א געצײַג אינ די הענט פונ דער בורזשואזיע, נאָר א פּארטיי, וועלכע האָט זיכ געשטעלט אפנ שטאנדפּונקט פונ דעם פאָדערשטנ אָטריאד פונעם פּראָלעטאריאט אונ וועלכע איז פייִק אופצוהייבנ די מאסנ ביז דער מאדרייגע פונ די קלאסנ־אינטערעסנ פונעם פּראָלעטאריאט—נאָר אזא פארטיי איז פייִק אראָפּצוציִען דעם ארבעטער־קלאס פונ טרעדיוניאָניזם אונ פארוואנדלען אים אינ א זעלבשטענדיקער פּאָליטישער קראפט. די פארטיי איז דער פּאָליטישער פירער פונעם ארבעטער־קלאס (סטאלינ, פּראגעס פונ לעניניזם, ז. 77).

צי פּאלט צונויפ דיראָזיקע לענינישע לערע וועגנ דער פארטיי, וואָס עס גיט דער כ׳ סטאלינ, מיט דעמ, וואָס דער כ׳ ראפּעס זאָגט וועגנ „בונד"? פארשטייט זיך, אז דאָ איז בא אימ פונקט דער הייפּעכ. צי איז דאָס ניט אידעאליזאציע פונ „בונד", צי איז דאָס ניט פארקריפּלונג פונ לעניניזמ?

אלעמענ איז באוווסט, ווי דער כ׳ לענינ, סטאלינ, די פארטיי האָבנ פארורטיילט דעם „בונדס" זעלבסטשטענדיקײַט, געקעמפט קעגנ זײַנ קליינבירגערלעכקײַט, עקיזם, נאציאָנאליזם א. א. וו. דער כ׳ לענינ, די גאנצע פארטיי האָבנ אויסגעלאכט אונ געקעמפט קעגנ די פּרעטענזיעס פונ „בונד" צו זײַנ דער איינציקער פאָרשטייער פונ ייִדישנ פּראָלעטאריאט, דורכ וועלכע דער „בונד" האָט געוואָלט אָפּרײַסנ די ייִדישע ארבעטער פונ דער אלגעמיינער ס.־ד. ארבעטער־באוועגונג.

עס איז פעסטגעשטעלט, אז באדײַטנדיקע מאסנ ייִדישע ארבעטער האָבנ זיכ געפונענ אינ די אלגעמיינע סאָציאַל־דעמאָקראטישע אָרגאניזאציעס, עס זײַנענ געווענ ריִאָנענ, ווו דער „בונד" האָט אינגאנצנ ניט געהאט קיינ ווירקונג אפ די ייִדישע ארבעטער. מיר ווייסנ אז די באָלשעוויקעס האָבנ געפירט א באדײַטנדיקע ארבעט צווישנ די ייִדישע ארבעטער עס דארפ אָבער איינצײַטיק אונטערגעשטראָכנ ווערנ, אז די קוואליטעט פונ די ייִדישע ארבעטער, וואָס זײַנענ געווענ בא די באָלשעוויקעס, איז געווענ אסאכ העכער ווי די, וואָס איז געווענ באמ „בונד". אינ דער צײַט, ווענ דער „בונד" האָט פארייניקט א לויזע, שוואכ אנטוויקלטע מאסע, איז נאָכ די באָלשעוויקעס געגאנגענ דער אוואנגארדישער טייל פונ די ייִדישע ארבעטער.

קומט גאָר דער כ׳ ראפּעס אונ באקרויינט דעמ „בונד" מיט דעמ, אז ער „איז געוואָרנ די פארטייִש־פּאָליטישע אָרגאניזאציע פונ די ייִדישע ארבעטער".

צי שמעקט דאָ ניט מיט דער בונדישער טײַנע, אז „דער „בונד" איז איינער אונ ווײַטער קיינער", אז ער איז דער איינציקער פאָרשטייער פונ ייִדישנ פּראָלעטאריאט, צי איז דאָס ניט פאלסיפיקאציע פונ דער פארטיי־געשיכטע? צי איז דאָס ניט רעכילעס אפ אונדזער פארטיי?

כ׳ לענינ האָט אינ זײַנ פאָרוואָרט, וואָס ער האָט געשריבנ ספּעציעל צו דער ייִדישער אויסגאבע פונ די באריכטנ פונ 3־טנ פארטיי־צוזאמענפאָר, אונטערגעשטראָכנ, אז

„נאָכ דעמ 2־טנ צוזאמענפאָר האָט אונדזער צענטראל־קאָמיטעט געפירט ניט קיינ נאציאָנאליסטישע פּאָליטיק, נאָר געזאָרגט זיכ וועגנ שאפנ אזעלכע קאָמיטעטנ (פּאָלעסער, צאָפנ־מײַרעוודיקנ), וואָס זאָלנ פארייניקנ אינ איינ גאנצנ אלע אָרטיקע ארבעטער, ווי די ייִדישע, אזוי אויכ די ניט־ייִדישע" (VIII באנד, 25 זײַט).

אלזאָ, אויכ אינ דעמ פּראט איז די פראגע קלאָר. דער „בונד" איז קיינמאָל ניט געווענ אונ ניט געקענט ווערנ די פארטייִש־פּאָליטישע אָרגאניזאציע פונ די ייִדישע רעוואָליוציאָ־

נערע ארבעטער. די פארטייִש-פּאָליטישע אָרגאַניזאַציע פון די ייִדישע רעוואָליוציאָנערע ארבעטער איז געווען און איז די באָלשעוויסטישע פארטיי.

עס איז קעדיי דאָ צו דערמאָנען וועגן דעם פעלער, וואָס כ׳ שאָלעם לעווין (פון האָמעל) האָט דערלאָזן אין זײַן ארויסטרעטונג אפ דער פארטיי־קעמערל פון דער רעדאקציע „פּאָלעסקאיא פראוודא״ וועגן דער ראָל פון „בונד״ אין 1905־טן יאָר אפ פּאָלעסיע. דארפן מיר העלפן דעם כ׳ לעווין ארויסקריכן פון דעם פּלאָנטער, וואָס עס האָט זיך בא אים באקומען ארום דער פראגע.

דער כ׳ שאָלעם לעווין איז באגאנגען א פעלער, ווען ער האָט דערקלערט, אז דער פּאָלעסער קאָמיטעט פון די באָלשעוויקעס האָט אין 1905 יאָר זיך אָפּגעגרענעצט פון די ייִדישע ארבעטער, ניט געפירט קיין ארבעט צווישן זיי, איבערגעבנדיק דיראָזיקע ארבעט דעם „בונד״, ד. ה., אז די באָלשעוויקעס האָבן, קלוימערשט, געפירט א באגרענעצטע נאציאָנאליסטישע ליניע, און אז דער פּאָליעסער קאָמיטעט האָט אײַנגעשטעלט אן ארבעט־צעטיילונג צווישן זיך און דעם „בונד״, לאָזנדיק פאר זיך די ארבעט נאָר צווישן ניט־ייִדן. אז דאָס איז ניט ריכטיק, אז דאָס איז רעכילעס אפ אונדזער פארטיי, האָט שוין איצט דער כ׳ לעווין אליין פארשטאנען. אין זײַן בריוו אין „פּאָלעסקאיא פראוודא״, ווו ער פארורטיילט זײַן פעלערהאפטע ארויסטרעטונג, ברענגט ער אייניקע אינטערעסאנטע פאקטן וועגן דעם קאמפ פון „בונד״ קעגן די באָלשעוויקעס. באזונדערס אינטערעסאנט איז די ארויסטרעטונג פון כ׳ וולאדימיראָוו (מ. קאָנסטאנטינאָוו) אפן פארטיי־צוזאמענפאָר (דער כ׳ וולאדימיראָוו איז געווען א דעלעגאט פון פּאָלעסער קאָמיטעט):

„דער „בונד״ פארלײַדט ניט,—זאָגט כ׳ וולאדימיראָוו,—קיין געמיינזאמע פארזאמלונגען פון די ייִדישע ארבעטער מיט דער ר.ס.ד.א.פּ. דערפאר, קעדיי די ייִדישע ארבעטער זאָלן ניט זען די ארבעט פון אנדערע אָרגאניזאציעס. די אלגעמיינע ארויסטרעטונג, די אלגעמיינע ארבעט,—איז דער בעסטער מיטל אין קאמפ מיטן בונדישן נאציאָנאליזם״.

אלזאָ, פון דער ציטאטע, וואָס מיר האָבן געבראכט פון לענינען וועגן דער ארבעט צווישן די ייִדישע ארבעטער, איז קלאָר, אז די בונדאָווצעס האָבן אין פּאָלעסיע, אזוי ווי אומעטום, געפירט א נ א צ י אָ נ א ל י ס ט י ש ע פּאָליטיק, אָפּרײַסנדיק די ייִדישע ארבעטער פון דער אלגעמיינער רעוואָליוציאָנערער ארבעטער־באוועגונג, פרעטענדירנדיק צו זײַן דער איינציקער פאָרשטייער פון ייִדישן פּראָלעטאריאט.

דער כ׳ לעווין האָט זײַן פעלער אנערקענט. אָבער אין דעם בריוו, וואָס ער האָט אָפּגעדרוקט אין דער צײַטונג „פּאָלעסקאיא פראוודא״, באגייט ער ווײַטער א פעלער, ווען ער זאָגט, אז „די גאנצע געשיכטע פון זײַן (דעם בונדס) אָ פ ג י י ן פ ו ן ד י ר ע וו אָ ל י ו צ י אָ נ ע ר ע פ אָ ז י צ י ע ס צו די פּאָזיציעס פון פשאָרעס מיט דער בורזשואזיע, האָט אים דערפירט אין אָקטיאבער 1917־טן יאָר ביז א פולקאָמען אײַנרײַס מיטן רעוואָליוציאָנערן פּראָלעטאריאט און אראָפּקײַקלען זיך אין לאגער פון די קאָנטער־רעוואָליוציאָנערע סאָציאַל־פאשיסטן״.

קעדיי אָפּצוגיין פון רעוואָליוציאָנערע פּאָזיציעס דארף מען פריִער אפ־רעוואָליוציאָנערע פּאָזיציעס זיך געפינען. קעדיי אײַנרײַסן ערשט אין 1917־טן יאָר מיט דעם רעוו. פּראָלעטאריאט, האָט מען געדארפט מיט דעם רעוואָליוציאָנערן פּראָלעטאריאט זײַן פארבונדן. מיר האָבן שוין אויבן געזען, אז דער „בונד״ איז קיינמאָל אפ רעוואָליוציאָנערע פּאָזיציעס ניט געשטאנען און קיין פארבינדונג מיט דעם רעוואָליוציאָנערן פּראָלעטאריאט ניט געהאט. זײַן עוואָליוציע איז בלויז באשטאנען אין אריבערוואקסן פון א קליינבירגערלעכער נאציאָנאליסטישער אָרגאניזאציע צו א סאָציאַל־פאשיסטישער קאָנטער־רעוואָליוציאָנערער אָרגאניזאציע. זײַן עקזיסטענץ האָט געבראכט און ברענגט איצט גרויס שאָדן דער רעוואָ־

ליוציאָנערער ארבעטער־באוועגונג צוליב זײַנע קעסיידערדיקע פרווונ צו דעמאָראליזירנ, דעזאָרגאניזירנ אונ צעלייגנ די ייִדישע ארבעטער, זייערע צווישנ זיי נאציאָנאלנ האס, קעסיידערדיקע פרווונ צו אָפּציִענ די מאסנ פונ דער רעוואָליוציאָנערער באוועגונג, דינענדיק טרײַ די אינטערעסנ פונ דער בורזשואזיע.

דער כ׳ לעווינ וועט דעריבער אויכ אינ דעמ פראט דארפנ איבערקוקנ זײַנ ניטריכטיקע פאָרמולירונג וועגנ דער פריִערדיקער רעוואָליוציאָנערישקײַט פונ „בונד", וואָס דארפ אויסגעטײַטשט ווערנ, ווי אידעאליזאציע פונ „בונד".

די רעדאקציע פונ „פּאָלעסקאיא פראוודא" האָס באדארפט דורכקוקנ דעמ בריוו אונ אָנווײַזנ אפ דער פאלשער פאָרמולירונג אינ אימ.

אלזאָ, די לעגענדע וועגנ דעמ, אז ביזנ אונ בײַסנ 1905־טנ יאָר איז דער „בונד" געווענ רעוואָליוציאָנער, געווענ נאָענט, אָדער געגאנגענ האנט בא האנט מיט די באָלשעוויקעס, מוז אינגאנצנ צעקלאפּט ווערנ, ווײַל דער „בונד" איז קיינמאָל מיט די באָלשעוויקעס ניט געגאנגענ אונ איז אויכ ביזנ 1905־טנ יאָר מיט זײַנ בורזשואזנ „נאציאָנאל־סאָציאַליזמ" געווענ אָרגאניש פארבונדנ מיטנ מענשעוויזמ.

אינ צוזאמענהאנג מיט דער באציִונג פונ „בונד" צומ באוואָפנטנ אופשטאנד אינ 1905־טנ יאָר האָט לענינ אָפּגעשאצט דעמ בונדס אנטוויקלונג־גאנג פונ זײַנ אנטשטייונג ביזנ 1905־טנ יאָר אפ פאָלגנדיקנ אויפנ:

„מיר זײַנענ ניט בעקויעכ ארויסצורופנ קיינ אופשטאנד... דעריבער איז ניטאָ וואָס אימ צונויפבינדנ מיט דער דומע... דער אגיטאציע־לאָזונג גרינדונג־פארזאמלונג". אזוי האָט געשריבנ דער „בונד".

אפ דעמ האָט לענינ געענטפערט:

„אָט די ווערטער פונ „בונד" זײַנענ א גלענצנדיקע אָפּשפּיגלונג פונ באלעבעסלדיקײַט (мещанства) אינ דער סאָציאַל־דעמאָקראטיע, באלעבעסלדיק אינ זינ פונ וואולגארישקײַט, גאָלדענעמ מיטנ, פארבלאָזיקײַט, אלגעמיינע ערטער, ניט־זעלבשטענדיקײַט (וואָס דער „בונד" איז שטענדיק געווענ), שפּילנדיק די ראָל פונ אנ אידײַישנ פאראזיט, ווי עס איז באוויסט סײַ אינ 1897-1900 יאָרנ, סײַ אינ 1901־1903 יאָרנ, סײַ אינ 1904־טנ יאָר, סײַ איצט אינ 1905־טנ יאָר" (לענינ, באנד 8, ז. 241, צווייטע אויסגאבע, קורסיוו מײַנער—א. ב.).

דאָס איז א גלענצנדיקע אָפּשאצונג פונ „בונד", פונ זײַנ גענעזיס.

דידאָזיקע לענינס אָפּשאצונג שלאָגט מיט דער גאנצער קראפט איבער די אָפּאָרטוניסטנ, בונדישע אויסטײַטשער פונ דער פארטיי־געשיכטע, וואָס ווילנ דערווײַזנ, אז דער „בונד" איז אינ די ערשטע יאָרנ פונ זײַנ עקזיסטענצ אונ באזונדערס אינ 1905־טנ יאָר געווענ באָלשעוויסטיש.

עס איז העכסט כאראקטעריסטיש, וואָס בא די, וועלכע אידעאליזירנ אָדער פרווונ זיכ צו אידעאליזירנ דעמ „בונד", וועט איר ניט געפינענ קיינ איינ אָרט, קיינ איינ ציטאטע פונ לענינענ אָדער סטאלינענ וועגנ זייער אָפּשאצנ דעמ „בונד" (ראפעס, מײַזעל, שאפּאוואלאָוו אונ אנד.). דאָס איז דערפאר, ווײַל יעדער וואָרט בא לענינענ אונ סטאלינענ וועגנ „בונד" איז געווענדעט קעגנ אָט דער אידעאליזאציע. דעריבער איז העכסט וויכטיק גלײַכ צו שאפנ די געהעריקע ליטעראטור, באזונדערס דארפנ ברייט פּאָפּוליאריזירט ווערנ די ארבעטנ פונ לענינענ אונ סטאלינענ וועגנ „בונד", וואָס שטעלנ מיט זיכ פאָר אנ אומגעהויערנ אויצער, וועלכע זאָל אנטפּלעקנ צעקלאפּנ דאָס בונדישע אויסטײַטשנ די געשיכטע פונ דער רעוואָ־

ליצי̇אָנערער באוועגונג צווישן די ייִדישע ארבעטער, וועלכע זאָל צעקלאפּן די אידעאליזא־טערן פון „בונד“, צונעמען בא זיי דאָס לעצטע געווער, ארויסנעמען פון באנוץ און צעקריטיקירנדיק זייערע מענשעוויסטישע, אָפּאָרטוניסטישע ארבעטן, פּאָדערן פון זיי א פּאנאנדערגעוויקלטע זעלבסטקריטיק פון זייערע פעלערן.

אונדזער ארבעט דארף געפירט ווערן אזוי, אז בא די מאסן זאָל ניט פארבלײַבן קיין שום צווייפל וועגן דערווירקלעכער קאָנטער־רעוואָליוצי̇אָנערער ראָל פון „בונד“.

אין די באדינגונגען פון סאָוועטנפארבאנד וועט דאָס העלפן באקעמפן די רעשטלעך פון דער קליינבירגערלעכער שאָוויניסטישער בונדישער אידעאָלאָגיע, ברייטער ארײַנצי̇ען די ייִדישע ארבעטנדיקע מאסן אין דער אקטיווער סאָצי̇אליסטישער בויונג. דאָס וועט אויך העלפן אונדזערע ברידערלעכע קאָמפּארטייען אין פּוילן, ליטע, לעטלאנד און אנד. ריכטיק פירן דעם קאמף קעגן דעם „בונד“ און אנדערע קליינבירגערלעכע, קאָנטער־רעוואָליוצי̇אָנערע סאָצי̇אל־פאשיסטישע פּארטייען, וואָס זײַנען א לינקער פליגל פון דער בורזשואזיע. דאָס וועט זיי העלפן באווירקן און אוועקרײַסן פון זיי די פארפירטע ארבעטנדיקע און גרייטן די מאסן צו די אנטשיידענע שלאכטן פארן וועלט־אָקטיאבער.

מ. עריק.

# אופקלערונג, האסקאָלע און די פּראָבלעם פונ יערושע[1].

1

די אופקלערונג איז די אידעאָלאָגיע פונ דער בורזשואַזיע, וואָס גייט צו דער מאכט, זי איז דער „אידעאַליזירטער סייכל (рассудок) פונ דריטנ שטאנד, וואָס איז גרייט פארוואנדלט צו ווערנ אינ מאָדערנע, בורזשואזיע" (ענגעלס, „אנטידיורינג", ז. 242 פונ דער רוסישער אויסגאבע, 1929).

אינ אנ אנדער אָרט (דאָרט, 140) דעשיפרירט ענגעלס דעם אבסטראקטנ „מענטשנ" פונ די אופקלערער מיט זײַנ „אייביקער נאטור" ווי דעם „מיטל־בירגער", פונ יענער צײַט, וואָס ווערט פארוואנדלט אינ בורזשואַ".

רענעסאנס, הומאניזם איז די אידעאָלאָגיע פונ האנדל־קאפיטאל; די אופקלערונג איז דאקעגנ דער אידעאָלאָגישער פערמענט, וועלכע ס'רופט ארויס דאָס אריַנדרינגענ פונ אינדוסטריעלנ קאפיטאליזם אינ דער האלב־פעאָדאלער סוויווע, יענער סוויווע, וואָס אירע וויכטיקסטע יעסוידעס זײַנענ שוינ אונטערגעשוועקט געוואָרנ דורכ דער טעטיקײַט פונ דעם סאָכרישנ קאפיטאל. מיטנ וווקס, צוערשט פונ דער האנטווערקערישער, דערנאָכ מאנופאקטור־אינדוסטריע, מיט דער אויסברייטערונג פונ די האנדל־באציִונגענ וואקסט קעסיידער די עקאָנאָמישע מאכט פונ דער בורזשואַזיע. זי איז שוינ דער וויכטיקסטער קלאס אינ דער מעלוכע, אָבער די פּאָליטישע מאכט ליגט אינ די הענט פונ די פעאָדאלע שיכטנ; פּאָליטיש איז דער אדל אלצ, און די בורזשואַזיע נאָכ אלצ גאָרניט; אכוצ דעם אלעמענ, איז דער גאנצער בורזשואַזער פּראָדוציר־אויפנ אריַנגעקוועטשט אינ פעאָדאלע פּאָליטישע ראמענ, פונ וועלכע ס'איז שוינ לאנג ארויסגעוואקסנ ניט נאָר דער האנטווערק, נאָר אויכ די מאנופאקטור. די בורזשואַזיע מאכט א סאָפ דערצו מיט איר רעוואָליוציע. די אופקלערונג „איז יענע אידעאָלאָגיע, וואָס קלערט אופ די קעפּ פאר דער אָנקומענדיקער רעוואָליוציע" (דאָרט, 11).

צווישנ די אופקלערער באגעגענענ מיר אויכ קליינבירגערלעכע אידעאָלאָגנ (א שטייגער רוסאָ); פאראנ אופקלערער, וואָס פאָרמולירנ פארשיידענע מינים פונ אוטאָפּישנ סאָציאַליזם, א שטייגער די גרויסע אוטאָפּיסטנ, אָדער נאָכ אינ די זעכציקער יאָרנ פונ XIX י. ה. אינ רוסלאנד—טשערנישעווסקי. פאראנ ווידער אופקלערער, וואָס רעפּרעזענטירנ יענעם טייל פונ אדל, וואָס וואקסט איבער אינ מאָדערנע בורזשואַזיע (א שטייגער וואָלטער). דאָס בײַם

[1]) אריַנפיר צומ אוטערס „געשיכטע פונ דער האסקאָלע־ליטעראטור" (1881—1789), וואָס גרייט זיכ צום דרוק.

אָבער ניט דעמ כאַראַקטער פונ דער אופקלערונג, וואָס איז אינ גרונט א בורזשואזע אידעאָלאָגיע, די כאַראַקטעריסטישע פילאָסאָפיע פונ פאָרקעמפער פונ אינדוסטריעלנ קאַפּיטאַליזמ. דערזעלביקער טשערנישעווסקי איז אנ אָנהענגער פונ דער פויערשער „אָבשטשינע“ ניט צוליב פ אָ ל ק י ס ט י ש ע מײַסימ, נאָר צוליב דעמ, וואָס זי אנטוויקלט קאָלעקטיוויזמ צווישנ די פויערימ אונ גיט די מעגלעכקײַט אָנווענדנ אַלע דערגרייכונגענ פונ קאַפּיטאַליסטישנ מײַרעוו—זײַנ טעכניק, זײַנע מאַשינעס, זײַנ קולטור—פאַר דער סאָציאַליסטישער אָרגאַניזאַציע פונ דער געזעלשאַפט. די אָריענטאַציע אפנ מײַרעוו איז טאַקע איינער פונ די שטריכנ, וואָס טיילנ אָפּ דעמ רוסישנ אופקלערער פונ דעמ פאָלקיסט.—„די אַלגעמיינ־אנערקענטע מיינונג, זאָגט לענינ, פאַררעכנט די אופקלערער פונ 18־טנ י. ה. צו די פירער פונ בורזשואזיע“. (ב, 2, ז. 322).

די געשיכטע פונ דער אופקלערונג, וואָס סיגנאַליזירט דעמ סאָפּ פונ פעאָדאַליזמ אונ אָנהייב פונ אינדוסטריעלנ קאַפּיטאַליזמ, ווערט באַשטימט דורכנ געזעצ פונ דער ניטגלײַכמעסיקער אנטוויקלונג פונ קאַפּיטאַליזמ. „לויט זײַנ עצעמ מעהוס קענ ניט דער קאַפּיטאַליזמ זיכ אנטוויקלענ גלײַכמעסיק“ (לענינ, ב. 3, ז. 250). „די גיכקײַט פונ דער אנטוויקלונג פונ קאַפּיטאַליזמ איז ניט דיזעלביקע אינ פאַרשיידענע לענדער אונ אינ פאַרשיידענע געביטנ פונ דער פאָלק־ווירטשאַפט“ (לענינ, ב. 11, 134). דאָס באַשטימט אָבער אויכ די אידעאָלאָגישע אנטוויקלונג. (לענינ אַנאַליזירט דאָרט, די באַדײַטונג פונ דעמדאָזיקנ געזעצ פאַר דער אנטוויקלונג פונ מאַרקסיזמ). די אופקלערונג קומט פריער אופ אינ ענגלאַנד, ווו דער קאַפּיטאַליזמ גרײַפט אָנ פריער, ווי אינ אנדערע אייראָפּעישע לענדער; ערשט שפּעטער בליט זי זיכ פאַנאַנדער אינ פראַנקרײַכ אונ דייטשלאַנד, אונ נאָכ שפּעטער אינ רוסלאַנד די קלאַסישע צײַט פונ דער אופקלערונג אינ ענגלאַנד איז די צווייטע העלפט פונ 17־טנ י. ה. אונ דער אָנהייב פונ 18־טנ י. ה.; אינ פראַנקרײַכ—דער אכצנטער יאָרהונדערט, אונ ביפראַט. זײַנ צווייטע העלפט, אַזוי אויכ אינ דײַטשלאַנד. די גרויסע צײַט פונ דער רוסישער אופקלערונג זײַנענ די 40־ער—60־ער יאָרנ פונ 19־טנ י. ה. די אופקלערונג אינ רוסלאַנד איז אַלזאָ א היפש פאַרשפּעטיקטע אידעאָלאָגיע. דאָס שטימט אָבער מיט דער פאַרהעלטניסמעסיק שפּעטער אנטוויקלונג פונ קאַפּיטאַליזמ אינ רוסלאַנד. די אופקלערונג בא ייִדנ (די האַסקאָלע) געהערט צומ סאָפּ פונ 18־טנ י. ה. אונ דעמ 19־טנ י. ה., אנעררעכ ביז די 70־ער יאָרנ—האָט אַלזאָ אנעררעכ דיזעלביקע כראָנאָלאָגישע גרענעצנ, ווי די רוסישע אופקלערונג.

אינ ענגלאַנד זײַנענ אַלזאָ גיכער רײַפּ געוואָרנ יענע באַדינגונגענ, וואָס האָבנ געפאָדערט „אופקלערנ די קעפּ פאַר דער רעוואָלוציע“. „א קלאַס, וואָס געפינט זיכ אינ קאַמפּ מיט זײַנע קעגנער, קעמפט זיכ אויס א שטעלונג אינ דער ליטעראַטור פונ זײַנ לאַנד. אויב דערזעלביקער קלאַס קומט אינ באַוועגונג אינ אנ אנדער לאַנד, נעמט ער איבער די אידייענ אונ פאָרמענ, וואָס זײַנענ געשאַפנ געוואָרנ דורכ זײַנע מער פאָרגעשריטענע ברידער. אָבער ער ענדערט זיי, גייט ווײַטער פונ זיי, אָדער שטייט אָפּ פונ זיי, אָפּהענגיק פונ דעמ אונטערשייד, וואָס איז פאַראַנ צווישנ זײַנ לאַגע אונ דער לאַגע פונ קלאַס, וואָס גיט אימ דעמ מוסטער“ (פּלעכאַנאָוו, ב. 8, 184).

גוטע בײַשפּילנ דערצו גיט די אופקלערונג־ליטעראַטור. דער ענציקלאָפּעדיסט דידראָ (1784—1713) טרעט אויס דעמ וועג פאַר דער בורזשואַז־סענטימענטאַלער דראַמע אינ פראַנקרײַכ; אָבער זײַנ מוסטער איז די ענגלישע בורזשואזע דראַמע (לילאָ אונ אנדערע), וואָס איז פריער אופגעקומענ. דידראָ ווידער האָט געהאַט דעמ שטאַרקסטנ אײַנפלוס אפּ לעסינגס טעאָרעטישער אונ פּראַקטישער דראַמאַטורגיע; פונ לעסינגנ האָט ווײַטער פיל גענאַשט די ייִדישע האַסקאָלע־דראַמע. אַזוי יאַרשנט די בורזשואזיע, וואָס פאַרשפּעטיקט אינ איר אנטוויקלונג אינ איינ לאַנד, די דערפאַרונגענ פונ אירע מער פאָרגעשריטענע ברידער אינ אנ אנדער לאַנד. זי פאַסט זיי אָבער צו צו אירע אייגענע ספּעציפישע באַדינגונגענ, „ענדערט זיי, גייט ווײַטער פונ זיי אָדער שטייט אָפּ פונ זיי“.

דערפונ ווערט קלאָר, אז ס'זײַנענ פאראנ אלגעמײנע שטריכנ, וואָס זײַנענ אײגנטימלעכ אלע אָנ אויסנאמ אופקלערער אינ אלע לענדער; אינ יעדנ באזונדער לאנד ווערנ זײ אָבער איבערגעבראָכנ דורכ דער פריזמע פונ די באדינגונגענ פונ אָרטיקנ קאמפ פונ דער רעוואָליוציאָנערער בורזשואזיע פאר איר פּאָליטישער עמאנסיפּאַציע.

2

וועלכע זײַנענ אָבער די כאראקטעריסטישע שטריכנ פונ אנ אופקלערער?

לענינ האָט פארצײכנט דרײַ סימאָנימ פונ אנ אופקלערער, עמעס, האָבנדיק אינ זינענ זײער איבערברעכנ זיכ „אינ דער פריזמע פונ די רוסישע באדינגונגענ" (געשריבנ, 1897, „От какого наследства мы отказываемся". ב. 2, 321—322). דורכ דער לאָקאלער באפארבונג זעט זיכ אָבער ארויס גאנצ בוילעט אויכ דאָס אלגעמײנע, וואָס איז כאראקטעריסטיש פאר אלע אָנ אויסנאמ אופקלערער:

1) „סײַ די מײַרעוו־אײראָפּעיִשע אופקלערער, סײַ דאָס ראָוו פונ די ליטעראַרישע פאָרשטײער פונ די זעכציקער יאָרנ זײַנענ פול מיט הײסער סינע צומ לײַבײגנטומ אונ אלע זײַנע אויסווירקונגענ אינ עקאָנאָמישנ, סאָציאַלנ אונ יורידישנ געביט".

2) „א צווײטער כאראקטעריסטישער שטריכ, וואָס איז אײגנטימלעכ אלע רוסישע אופקלערער—איז די הײסע פארטײדיקונג פונ בילדונג, זעלבסטפארוואלטונג, פרײַהײַט, אײראָפּעיִשע פאָרמעס פונ לעבנ אונ ביכלאל פונ דער אלזײַטיקער אײראָפּעיִזאַציע פונ רוסלאנד".

3) „ענדלעכ, דער דריטער כאראקטעריסטישער שטריכ פונ אנ אופקלערער איז דאָס פארטײדיקנ פונ די אינטערעסנ די פאָלקמאסנ, ביפראט פונ די פויערימ (וואָס זײַנענ נאָכ ניט געווענ אינגאנצנ באפרײַט אָדער האָבנ ערשט געהאלטנ באמ באפרײַט ווערנ אינ דער עפּאָכע פונ די אופקלערער), דער אופריכטיקער גלויבנ, אז דאָס אָפּשאפנ פונ לײַבײגנטומ אונ זײַנע רעשטלעכ וועט ברענגענ דעמ אלגעמײנעמ וווילשטאנד, אונ דער אופריכטיקער פארלאנג דערצו מיטצווירקנ".

אינ אָנהײב פונ זײַנ אָפּהאנדלונג באוואָרנט זיכ לענינ, אז ער וועט באהאנדלענ פונ דער „ירושע־פראגע" בלויז די „עקאָנאָמישע אונ פובליציסטישע" פראגעס, אונ לאָזנ אָנ א זײַט די פילאָסאָפישע, ליטעראַרישע, עסטעטישע פּראָבלעמעס (312). לענינס דרײַ סימאָנימ גיבנ טאקע די וויכטיקסטע שטריכנ פונ דער פּאָליטישער פּראָגראמ פונ דער אופקלערונג

עס איז א בורזשואזע פּראָגראמ, וואָס איז מיט איר גאנצער שארפ געווענדעט קעגנ דעמ פעאָדאליזמ אונ אלע זײנע אויסווירקונגענ אינ עקאָנאָמישנ, סאָציאַלנ אונ יורידישנ געביט. אונ דאָכ וואָלט געווענ פאלש צו מאכנ דעמ אויספיר, אז ווײַל ס'איז די פּראָגראמ פונ דער בורזשואזיע, פונ אנ עקספּלואטירנדיקנ קלאס, שטעקט אינ די „פּאָלקטימלעכע" פאָדערונגענ פונ די אופקלערער, אינ זײער פארטײדיקנ די אינטערעסנ פונ די פאָלקמאסנ, א דעמאגאָגיש שפּיצל, א ניטאופריכטיקײַט, א מינ אויסשטעלנ פונ וועקסלענ, וויסנדיק פאָרויס, אז זײ וועלנ ניט באצאָלט ווערנ. לענינ וואָרנט קעגנ אזא מינ שמאָלנ, וווּלגארנ, אנטיהיסטאָרישנ קוק, אונ אונטערשטרײַכט צוליב דעמ קרעפטיק דעמ „אופריכטיקנ גלויבנ", דעמ „אופריכטיקנ פארלאנג" פונ דער יונגער בורזשואזיע אראָפּצוברענגענ דעמ אלגעמײנעמ וווילשטאנד. „בא אונדז — זאָגט לענינ — פארשטײט מענ עס אָפט דורכויס ניט ריכטיק, שמאָל, אנטי־היסטאָריש, פארבינדנדיק דערמיט (אָנ דעמ אונטערשײד פונ היסטאָרישע עפּאָכעס) אנ אײגנוציקע פארטײדיקונג פונ די אינטערעסנ פונ דער מינדערהײַט. מע טאָר ניט פארגעסנ, אז אינ אָט דער עפּאָכע, ווענ ס'האָבנ געשריבנ די אופקלערער פונ 18־טנ י. ה. (ווענ די אלגעמײנ גילטיקע מײנונג באטראַכט ווי פריִער פונ בורזשואזיע), ווענ ס'האָבנ געשריבנ אונדזערע אופקלערער פונ די 40־ער ביז די 60־ער יאָרנ, זײַנענ אלע געשטעלטע פראגעס ארויסגעדרונגענ פונ קאמפ מיט לײַבײגנטומ

און זײַנע רעשטלעך. נײַע געזעלשאפטלעך־עקאָנאָמישע באַציִונגען און זייערע קעגנזאצ זײַנען דאן נאָך געווען אין א קײַם־צושטאנד. קיין שום אייגנוצן האָט זיך צוליב דעם ניט ארויסגעוויזן דאן בא די אידעאָלאָגן פון דער בורזשואזיע: פארקערט, סײַ אפן מײַרעװ, סײַ אין רוסלאנד האָבן זיי גאנצ אופריכטיק געגלויבט אין אלגעמיינעם ווילשטאנד און אופריכטיק אים געוואָלט, אופריכטיק ניט געווען (טיילווײַז נאָך ניט געקאָנט זען) סטירע אין יענער אָרדענונג, וואָס איז געוואקסן פון דעם פעאָדאליזם".

עס איז בעכיינ ניט ריכטיק צו באשולדיקן די אופקלערער אין ניטופריכטיקײַט, כאָטש זיי זײַנען געווען פאָרשטייער פון אן עקספלואטירנדיקן קלאס. ענגעלס זאָגט אפילע: „דאווקע ער (דער אלגעמיינער אנטאַגאָניזם פונ עקספלואטירטע און עקספלואטערן, רײַכע ליידיק־גייער און אָרעמע ארבעטנדיקע) האָט געגעבן א מעגלעכקײַט די פאָרשטייער פון דער בורזשואזיע ארויסצוטרעטן ווי פארטיידיקער ניט פון אן איינצלנעם קלאס, נאָר פון דער גאנצער לײַדנדיקער מענטשהײַט" (אנטי־דיורינג, 12). די אופקלערונג איז טאקע כאראקטעריסטיש פאר דער בורזשואזיע ב ל ו י ז פ א ר ד ע ם ע ט א פ, ווען די קלאסן־קעגנזאצ אינ די ראמען פון „דריטן שטאנד" זײַנען ניט פארשארפט, „ווען די פאָדערונגען פונ דער בורזשואזיע אין איר קאמפ מיטן אדל אנטשפרעכן אין אלגעמיינע שטריכן די אינטערעסן פון פארשיידענע שיכטן פון די דעמאָלדיקע ארבעטער" — (אנטי־דיורינג, 12). אָבער נאָך א גרעסערער פעלער איז, ווען שטיצנדיק זיך אפ די „פאַלקטימלעכע" לאָזונגען פון דער אופקלערונג, וויל מען פארשמירן איר אָביעקטיוון בורזשואזן מעהוס. דאָס איז א באם ליבטער מעטאָד פון קליינבירגערלעכע אידעאָלאָגן, פון דער נאצדעמאָקראטישער „לעגענדע" פון דער אופקלערונג, דאָס איז אויך דער מעהוס פון דער יִדישיסטישער אופאסונג פונ ער האסקאָלע.

---

די אופקלערונג איז א וועלט־אָנשויונג, וואָס נעמט ארום די פארשיידענע אידעאָלאָגישע געביטן.

די גרעסטע דערגרייכונג פון דער אופקלערונג פון 18־טן י. ה. איז איר פילאָזאָפישער מאטעריאַליזם [1]). אויך ער האָט אָבער פארמאָגט אסאך כעסרוינעס, איז צוליב היסטאָרישע סיבעס געווען באגרענעצט. ענגעלס זעט אײַנ דידאָזיקע באגרענעצטקײַט אין דרײַ מאָמענטן: 1) דער אופקלערערישער מאטעריאַליזם איז מעכאניש אין דעם זינען, אז די עלטערע מאטעריאַליסטן „האָבן אָנגעווענדעט אויסשליסלעך דעם מאסשטאב פון מעכאניק צו די פראָצעסן פון כימישער און אָרגאנישער נאטור". 2) די צווייטע באשרענקטקײַט פון דעם עלטערן מאטעריאַליזם באשטייט אין זײַן מעטאפיזישקײַט, ד. ה. אין דער אנטידיאַלעקטישקײַט פון זייער פילאָזאָפישן מעטאָד. 3) דריטנס האָבן די אופקלערער דעם מאטעריאַליזם אָנגעווענדעט נאָר „אונטן", בא דער דערקלערונג פון נאטור־דערשײַנונגען; „אויבן" אָבער, אפן געביט פון געזעלשאפטלעכער וויסנשאפט, זײַנען זיי געבליבן אידעאליסטן, ניט געהאט קיין שום פארשטענדעניש פאר היסטאָרישן מאטעריאַליזם. („לודוויג פײַערבאך", סאָף פון 2־טן קאפיטל. פרגל. דערצו אויך לענינס קאָמענטאר. ב. 10, 200—201).

די אופקלערער האָט געפעלט דער געשיכטלעכער קוק אפ זאכן, „דאָ האָט אלעמען בלינד געמאכט דער קאמפ מיט די רעשטלעך פון מיטלאלטערלעכן שטייגער אין געזעלשאפטלעכע באַציִונגען. אפן מיטלאלטער האָט מען געקוקט, ווי אפ א פאָשעטן איבערײַס אין גאנג פון דער געשיכטע, וואָס איז געשען דורך א טויזנטיאָריקן אלגעמיינעם בארבאַריזם... צוליב דעם איז אומעגלעך געוואָרן א ריכטיקער קוק אפ דער פארבינדונג פון היסטאָרישע געשעענישן, און די געשיכטע איז אין בעסטן פאל געווען ניט מער, ווי א זאמלבוך פון אילוסטראציעס און בײַשפילן" גרייט צום דינסט דעם פילאָזאָפ (ענגעלס, „לודוויג

[1]) מאטעריאַליסטן זײַנען אגעװ געווען בלויז א קליינע מינדערהײַט אופקלערער.

פײַערבאכ", 329, פּלעכאנאָוו, ב. 8). דער טיפּישער אופקלערער מוישע מענדעלסאָנ האָט ערשט צום סאָפ פונ זײַנ לעבנ אָנגעפּרעגט, וואָס זאָל ער לייענענ פונ היסטאָרישע ווערק... אָבער אויכ די גרויסע אופקלערערישע פילאָסאָפנ, וואָס האָבנ זיכ פאַרטראַכט אפ די פּראָבלעמעס פונ געשיכטלעכער דינאַמיק, האָבנ זיכ געדרייט אינ א פאַרקישעפטנ קרײַז. די אופקלערער פונ 18־טנ י. ה. איז ניט באַשערט געווענ צו אַנטשיידנ, צי שאַפט די „געזעלשאַפטלעכע מיינונג" די סאָציאַלע סוויווע, אָדער פאַרקערט, די סאָציאַלע סוויווע שאַפט די געזעלשאַפטלעכע מיינונגענ. דאָס איז די טיפּישע אופקלערערישע אַנטינאָמיע (סטירע).

אינ טאָכ איז די אופקלערונג אפנ היסטאָרישנ געביט א י ד ע א ל י ס ט י ש. די וועלט איז געשטעלט געוואָרנ אפנ קאָפּ. „עס איז באַשלאָסנ געוואָרנ, אז ביזנ איצטיקנ מאָמענט איז די וועלט רעגירט געוואָרנ בלויז דורכ פאָרורטיילנ, און אז ערשט איצט איז אופגעגאַנגענ די זונ, אָנגעקומענ די מעלוכע פונ סייכל". (אַנטי־דיורינג, 12). דעררעאַזיקער סייכל איז אָבער בלויז דער אידעאַליזירטער סייכל פונ דער בורזשואַזיע. פונ שטאַנדפּונקט פונ דאָזיקנ סייכל ווערנ רעווידירט אַלע ביזאיצטיקע געזעלשאַפטלעכע באַציִונגענ און געזעלשאַפטלעכע מיינונגענ. דער פּראָגרעס פונ דער געזעלשאַפט איז אָפּהענגיק פונ פּראָגרעס פונ סייכל, פונ בילדונג. פונ דעמ געזעלשאַפטלעכנ לעבנ דאַרפ באַזײַטיקט ווערנ אַלצ, וואָס איז קעגנ די פאָדערונגענ פונ סייכל, ווארומ אַלצ, וואס איז קעגנ סייכל, איז אויכ קעגנ דער נאַטור, איז ניט נאַטירלעכ. אַזוי אַרומ אַנטשטייענ די נאַטור־טעאָריעספונ דער אופקלערונג: די טעאָריע פונ נאַטירלעכע מענטשנ, פונ נאַטירלעכנ רעכט, פונ נאַטירלעכער רעליגיע, פונ נאַטירלעכע גלײַכקײַט פאַרנ געזעצ פונ פּריוואַט־אייגנטומ, ווי א זאכ, וואָס איז אייגנטימלעכ דער מענטשלעכער נאַטור, א. א. וו. און אויכ דאָ איז פאַרבאָרגנ א טיפּיש־אופקלערערישע אַנטינאָמיע: דער סייכל גיט אונדז דעמ קריטערי. צי שטימט די געגעבענע געזעלשאַפטלעכע דערשײַנונג מיטנ נאַטירלעכנ צושטאַנד, דער נאַטירלעכער צושטאַנד איז אָבער ווידעראַמאָל דער קריטערי פונ סייכל.

אנ אויסגעצייכנטנ בילד פונ דער אופקלערערישער אידייענ־וועלט גיט דאָס בוכ פונ באַרימטנ מאַטעמאַטיקער קאָנדאָרסע; געשריבנ 1793—94, אַלזאָ אינמיטנ פונ דער פראַנצויזישער רעוואָליוציע „Esquisse d'un tablean historique des progrès de l'esprit humain" קאָנדאָרסעס בוכ איז א מינ סאַכאַקל פונ דער בורזשואַזער אידעאָלאָגיע פונ 18־טנ י. ה. ווענ די טעטיקײַט פונ די אופקלערערישע פילאָסאָפנ, זאָגט קאָנדאָרסע, וועט דערגרייכנ דעמ ציל, וועט די מענטשלעכע געשיכטע צעטיילט ווערנ אפ צוויי עפּאָכעס: אינ דער צווייטער, ד. ה. אינ דער צוקונפט, וועט זײַנ א שטענדיקער פּראָגרעס, בייס אינ דער ערשטער עפּאָכע זײַנענ געווענ גרויסע פּעריאָדנ פונ יערידע, צוליב דעמ זיג פונ פינצטערקײַט. אנ איבערברוכ־דאַטע אינ דער געשיכטע איז לויט קאָנדאָרסע, דער 18־טער י. ה., ווענ דער פאַרפולקומטער וויסנשאַפטלעכער מעטאָד האָט מעגלעכ געמאַכט דעמ אַנאַליז פונ די ביזאיצטיקע יעסוידעס פונ דער געזעלשאַפט און דאָס אָפּוואַרפנ זיי, ווי קינסטלעכע און שעדלעכע, און דעמ אַנאַליז פונ דער מענטשלעכער נאַטור, וואָס האָט דערלויבט באַשטימענ, עמעס, אינ אַלגעמיינע שטריכנ, א געזעלשאַפטלעכע אָרדענונג, וואָס זאָל שטיינ מיט איר אינ פולשטענדיקנ העסקעמ. עס איז אָפּגעשלאָסנ געוואָרנ א לאַנגער פּעריאָד, ווענ דער גלויבנ אינ איבערנאַטירלעכע קויכעס, אָבערגלויבנ, אָנערקענטע אווטאָריטעטנ, האָבנ פאַרקריפּלט און פאַרדאַרבנ דאָס מענטשלעכע געשלעכט. פונ איצט אָנ הויבט אָנ נוצנ דער מענטש, ביכדיי צו דערקענענ דעמ עמעס און רעגירנ מיטנ לעבנ, דעמ אייציקנ וואָפנ, וואָס די נאַטור האָט אימ דערצו געגעבנ—דעמ סייכל. און אַזוי וועט דער באַפרײַטער מענטשלעכער פּראָגרעס דערפירנ ביזנ מאָמענט, ווענ די זונ וועט באַלײַכטנ אפ דער ערד בלויז פרײַע מענטשנ, וואָס אָנערקענענ דעמ סייכל פאַר זייער אייציקנ האַר.

אָט די גאַנצע מעליצעדיקע טיראַדע פונ „זונ" און „פרײַהײַט" און „סייכל" האָט אינ דער פּראַקטיק באַטײַט—בורזשואַזע געזעלשאַפט.

„איצט ווייסן מיר שוין, אז דידאָזיקע מעלוכע פון סייכל איז געווען ניט עפּעס אנדערש, ווי די אידעאַליזירטע מעלוכע פון דער בורזשואַזיע; אז די אייביקע גערעכטיקייט איז פאַרווירקלעכט געוואָרן אין דער געשטאַלט פון דער בורזשואַזער יוסטיץ; אז די נאַטירלעכע גלייַכקייט האָט זיך באַגרענעצט מיט דער גלייַכקייט פון די בירגער פאַרן געזעץ, און אז ווי דאָס מאַמאָשעסדיקסטע פון די רעכט פון מענטשן איז דערקלערט געוואָרן דאָס רעכט פון בורזשואַזן אייגנטום... די דענקער פון 18־טן י. ה., ווי אַלע זייערע פאָרגייער, האָבן ניט געקאָנט אַרויס פון די גרענעצן, וואָס עס האָט זיי געשטעלט די דעמאָלטדיקע עפּאָכע". (אַנטי־דיורינג, 12).

---

די אויפקלערערישע בורזשואַזיע האָט אויסגעצייכנט פאַרשטאַנען די גרויסע מאַכט, וואָס די ליטעראַטור שטעלט מיט זיך פאָר. אין יענער עפּאָכע האָט די בורזשואַזיע נאָך ניט געפּרעדיקט „קונסט צוליב קונסט". גראָד פאַרקערט: די קונסט איז געווען נויטיק דער בורזשואַזיע ווי א מעכטיקער מיטל צו פאַרשפּרייטן אירע אידייען אין די ברייטסטע מאַסן. דער גרויסער דערפאָלג פון די אויפקלערערישע פילאָסאָפן, בּיפראַט פון די פראַנצויזישע, דערקלערט זיך אויך דערמיט, וואָס זיי האָבן אויסגענוצט אויך דעם מעדיום פון דער ליטעראַטור פאַר דער פּראָפּאַגאַנדע פון זייערע פילאָסאָפישע אָנשויונגען. דידראָ, וואָלטער, רוסאָ האָבן געשריבן ניט בלויז פילאָסאָפישע טראַקטאַטן; זיי זייַנען גלייַכצייַטיק געווען טעטיק אויך אויפן פעלד פון דער בעלעטריסטיק. אזוי אויך לעסינג אין דייַטשלאַנד, טשערנישעווסקי אין רוסלאַנד. אָבער אויך זייערע ריין־פילאָזאָפישע ווערק האָבן זיי ס'ראָוו אויסגעשטאַט בעלעטריסטיש, אויסגעלייגט זיי פּאָפּולער, פאַרשטענדלעך פאַר דער גרויסער מאַסע פון דעם בורזשואַזן לייענער. אזוי ארום איז זייער פילאָסאָפיע געווען ליטעראַריש בעלעטריסטיש, אָבער אויך זייער ליטעראַטור—פילאָסאָפיש־אויפקלעריש. גלייַכצייַטיק שאַפט זיך אויך די ליטעראַטור־טעאָריע פון דער אויפקלערונג, ס'אַנטשטייען אזעלכע דענקמעלער פון בורזשואַזער עסטעטיק, ווי דידראָס איינלייטונגען צו זייַנע דראַמעס אָדער לעסינגס „האַמבורגישע דראַמאַטורגיע" און „לאַאָקאָאָן".

די עסטעטיק פון דער אויפשטייַגנדיקער בורזשואַזיע פּרעדיקט אָבער קאַמפּפערישקייַט, פּובליציסטישקייַט פון דער ליטעראַטור. דער איטאַליענער אַלפיערי פּראָקלאַמירט, אז דער טעאַטער דאַרף לערנען דעם צושויער „האַס צו דער געוואַלט (צום דעספּאָטיזם) און דעם באַוווּסטזייַן פון זייַנע רעכט". דער ענגלענדער ריטשאַרדסאָן, איינער פון די פּאָפּולערסטע בורזשואַזע ראָמאַניסטן פון 18־טן י. ה., פאָדערט, אז „דער ראָמאַן זאָל וועקן האַס צו שלעכטע מידעס און ליבע צו דער טוגנט". געמיינט ווערט האַס צו דער אויסגעלאַסענער פּוילנדיקער אַריסטאָקראַטיע און ליבע צו דער בורזשואַזער טוגנט. דידראָ פאָדערט פון דער דראַמע געבן בורזשואַזן טיפּאַזש, סאָחרים, אַדוואָקאַטן, פילאָסאָפן, ־אַפילע פּויערים, און ניט מעלאָכים און פירשטן; די דראַמע דאַרף זיך דערנענטערן צו דער רעאַלער ווירקלעכקייַט און מאָלן זי ניט קאָמיש, ניט טראַגיש, נאָר „ערנסט". די דראַמע דאַרף ניט נאָר שילדערן, נאָר אויך באַלערן. און דידראָס מיינונגען כאַזערט איבער לעסינג אין דער „האַמבורגישער דראַמאַטורגיע", און אויך פאַר לעסינגען איז דער טעאַטער, די בינע, „די קאַנצעל" צו קענען פּרעדיקן די בורזשואַזע אידייעס און אַרייַנדרינגען מיט זיי אין דעם ברייטסטן קרייַז מענטשן.

די אויפקלערערישע בורזשואַזיע פאָרמירט אַלזאָ אַף דער באַזע פון איר פילאָסאָפיע אַן אייגענע קריגערישע עסטעטיק און שטרעבט זי גלייַך פאַרווירקלעכן און דעמאָנסטרירן אין ליטעראַרישע ווערק. באַלערנדיק אין דער הינזיכט איז לעסינג, וואָס האָט, אַנערקענענדיק די גרויסע אַגיטאַטאָרישע באַדייַטונג פון טעאַטער, אַי געשאַפן די דראַמאַטורגישע און טעאַט־

ראַלע בורזשואַזע טעאָריע, אי געשריבנ אַליינ דראַמעס, אי אַקטיוו מיטגעהאָפנ בא דעמ אויפבוי פונ א בורזשואַזער בינע. אַזוי אַרומ פאָרמירט אויס די בורזשואַזיע אַנ אייגענעמ ליטעראַרישנ סטיל.

איר רעכטעסטער פליגל, וואָלטער אַשטייגער, וואָס רעפּרעזענטירט דעמ פאַרבירגער־לעכטנ אַדל, ציט נאָכ ווײַטער די טראַדיציע פונ דער הויפישער, קלאַסישער דראַמע, עמעס, אָנפילנדיק זי שוינ מיט א בורזשואַזנ אינהאַלט. דער קערנ אָבער פונ דער בורזשואַזער מאַכנע—דאָס „מיטעלע און קליינע בירגערטומ, וואָס ווערט פאַרוואַנדלט אינ מאָדערנע בור־זשואַ", שאַפט שוינ אייגענע ליטעראַרישע זשאַנרעס, דעמ סענטימענטאַלנ ראָמאַנ, די סענ־טימענטאַלע קאָמעדיע און דראַמע—א סטיל, וואָס דריקט אויס יענעמ צושטאַנד, ווענ די בורזשואַזיע שטרעבט זײַנ אַלצ און איז נאָכ שוואַכ, און האָט דערווײַל ראַכמאָנעס אַפ זיכ אַליינ און באַגיסט זיכ מיט טרערנ. שפּעטער, סאָפ יאָרהונדערט, ווענ די רעוואָליוציאָנערע בורזשואַזיע איז שוינ געקומענ צו דער מאַכט, ווערט אַנ אַנאַכראָניזמ אויכ דאָס צעקראָכענע קלאָגעניש פונ דעמ סענטימענטאַלנ סטיל, און ווידער לעבט אויפ די קלאַסישע דראַמאַטור־גיע, איצט שוינ א געווער פונ דער טריומפירנדיקער בורזשואַזיע,—„יואָרעמ, זאָגט מאַרקס, פאַר די גלאַדיאַטערנ פונ דער בורזשואַזער אָרדענונג האָבנ די שטרענגע, קלאַסישע טראַ־דיציעס פונ דער רוימישער רעפּובליק געגעבנ יענע אידעאַלנ, יענע קינסטלערישע פאָר־מעס און מיטלענ פונ זעלבסאָפּנאַרנ, אינ וועלכע זיי האָבנ זיכ גענייטיקט, בכדי צו באַ־האַלטנ פונ זיכ אַליינ דעמ באַגרענעצטנ אינהאַלט פונ זייער קאַמפ און אויפהאַלטנ זייער ענטוזיאַזמ אַפ דער הייכ פונ א היסטאָרישער טראַגעדיע"... (18־טער בריומער).

דער אויפקלערערישער סטיל פונ דער ליטעראַטור איז אַלזאָ קעמפעריש און פובליציס־טיש; די ליטעראַטור איז א מיטל אינ פּאָליטישנ קאַמפ פונ דער בורזשואַזיע, און דאַרפ באַלערנ און מאָראַליזירנ; זי דאַרפ קעגנשטעלנ דער צעפוילטקײַט פונ דער אַריסטאָקראַטיע די מאָראַל און טוגנט פונ דער בורזשואַזער פאַמיליע און סטאַמ פונ בורזשואַזנ מענטשנ זי דאַרפ אַרײַנפירנ אינ דער ליטעראַטור דעמ בורזשואַזנ טיפּאַזש און אַרויסוואַרפנ די ביזאַהער דאָרט הערשנדיקע מעלאָכימ, גראַפנ און אַדעליקע. די בורזשואַזיע נעמט אַלזאָ אײַנ די ליטעראַטור, אָנזאָגנדיק אויכ דערמיט איר נאָענטנ פּאָליטישנ זיג.

3

די האַסקאָלע איז די אויפקלערונג, איבערגעבראָכנ דורכ דער פּריזמע פונ די באַדינ־גינגענ פונ דער ייִדישער סוויווע. געוויס פאַרמאָגט זי אויכ אייגענע, ספּעציפישע שטריכנ אָבער זי איז ניט א דערשײַנונג, וואָס איז אייגנטימלעכ בלויז דער ייִדישער סוויווע. אויכ די האַסקאָלע איז די אידעאָלאָגיע פונ דעמ ייִדישנ מיטל־בירגער, וואָס וואַקסט איבער אינ מאָדערנער בורזשואַזיע. אויכ די האַסקאָלע איז אַרויסגערופנ דורכנ אַרײַנדרינגענ פונ קאַ־פּיטאַליזמ אינ דער אָפּגעשטאַנענער האַלב־פעאָדאַלער סוויווע, אינ וועלכער ס'לעבט די ייִדישע באַפעלקערונג, און זי באַגריסט די דאָזיקע קאַפּיטאַליסטישע אַנטוויקלונג, אָריענטירט זיכ אַפ איר און דערוואַרט פונ איר אַנ עפּאָכע פונ אַלגעמײַנעמ וווילשטאַנד. אויכ זי טיילט אײַנ די געשיכטע פונ דער מענטשהײַט אינ צוויי גרויסע טקופעס—די טקופע פונ פינצטער־ניש ביז דער האַסקאָלע, דער הימלישער טאָכטער, און די נײַע טקופע, פול ליכט און גליק. „אַלע גליקנ פונ דער וועלט שטייענ מיר אָפנ"—שרײַט אויס באַגײַסטערט אַקסענפעלדס א העלד, אינמיטנ פונ דער פינצטערער ניקאָלײַעווטשינע.

די האַסקאָלע־אידעאָלאָגיע, ווי א טיפּישע אויפקלערונג־אידעאָלאָגיע, איז ראַציאָנאַליס־טיש, און דער עצעמ טערמינ „האַסקאָלע" איז אייגנטלעכ פולשטענדיק אַדעקוואַט צו דעמ טערמינ „ראַציאָנאַליזמ" (סייכל—ratio). צומ ערשטנ מאָל אינ דעמדאָזיקנ זינענ באַגעגענענ מיר דעמ טערמינ „האַסקאָלע" בא דעמ אויפקלערער יעהודע יעיטעלעס אינ יאָר 1832, אינ

דעמ מאסקילישנ אָרגאנ „בכורי העתים“. אויכ די מאסקילישע דענקער שטרעבנ פּאָפּולער
אויסלייגנ זייער פילאָסאָפיע, בעלעטריסטיש מאכנ זייער וויסנשאפט אונ פּובליציסטיש פאר־
שארפנ זייער בעלעטריסטיק. דער פילאָסאָפ מענדעלסאָנ שאפט א פּאָפּולערנ זשורנאל
„קוהלת מוסר“, דעמ ערשטנ העברעיִשנ זשורנאל, פארפאסט אויכ פאבלענ, אונ ס'איז פאר־
ראנ אפילע זײַנס א ליד אינ העברעיִש; נאפטאָלע הערצ ווײַזל איז א דענקער, פאָרשער —
אָבער אויכ דער גרונטלייגער פונ דער נײַער העברעיִשער ליטעראטור. דער גאליצישער
ראפּאָפּאָרט איז א היסטאָריקער אונ פּובליציסט, האָט אָבער אויכ גרויסע ליטערארישע פאר־
דינסטנ; אזוי אויכ פּערל אונ אנדערע; דער בארימטער געזעלשאפטלעכער קעמפער לעווינ־
זאָנ שרײַבט לידער אונ פראָזע, אונ זײַנ פּובליציסטישע בראָשור „העפקער־וועלט“ קליידט
ער אינ בעלעטריסטישע פאָרמעס.

פרוּונ מיר רעווידירנ די ייִדישע האסקאָלע אינ ליכט פונ לענינס דרײַ סימאָנימ פונ
אנ איפקלערער, ווערט גלײַכ קאָנטיק סײַ דאָס אלגעמיינ־גילטיקע, וואָס איז פאראנ אינ
דער ייִדישער האסקאָלע, סײַ אירע ספּעציפישע שטריכנ. אויכ פאר דער ייִדישער האסקאָלע
איז אייגנטימלעכ די הייסע פארטיידיקונג פונ בילדונג; בילדונג איז פאר איר א פּאנאצייע,
א ווינטשפינגערל, וואָס קענ איינציק אראָפּברענגענ דעמ אלגעמיינעמ גליק אונ וווילשטאנד;
אויכ זי קעמפט פאר אייראָפּעיִשע פאָרמעס פונ לעבנ אונ פאר דער אלזײַטיקער אייראָפּעיִ־
זירונג פונ ייִדישנ לעבנ; אויכ די ייִדישע האסקאָלע, זײַענדיק אינ טאָכ א בורזשואזע
אידעאָלאָגיע, קעמפט אופריכטיק פאר די אינטערעסנ פונ די פאָלקמאסנ. ניטאָ אָבער אינ
די שריפטנ פונ דער ייִדישער האסקאָלע ביז אינ די זעכציקער יאָרנ, ביז דער פּויערימ־
באפרײַונג, קיינ שומ קאמפ קעגנ לײַבייגנטומ! דאָ אנטפּלעקנ זיכ שוינ ספּעציפישע שטריכנ
פונ דער ייִדישער אופקלערונג. צוליב פארשיידענע היסטאָרישע סיבעס, הויפטזעכלעכ צוליב
דער שוואכער אנטוויקלונג פונ אינדוסטריִעלנ קאפּיטאליזמ אינ דער ייִדישער
סוויווע, איז די האסקאָלע אינ אלע פאלנ באדײַטנד קאָנסערוואטיווער פונ דער אייראָ־
פּעיִשער אופקלערונג, אסאכ ענגער פארבונדנ מיט דער אבסאָליוטער מאָנארכיע, אונ איר
קאמפ קעגנ פעאָדאליזמ איז באדײַטנדיק אָפּאָרטוניסטישער. אָנשטאָט „לײַבייגנטומ“ באַ־
קעמפט די האסקאָלע מיטנ גרעסטנ אימפּעט די פעאָדאלע אינסטיטוציע אינ דער ייִדישער
סוויווע, דעמ קאָהאָל מיט זײַנ סאָלידארישער אכרײַעס. פאכדאָניש אונ שטאדלאָניש איז
איר קאמפ פאר עמאָנציפּאטיע, פאר פּאָליטישער פרײַהײַט, פאר פּאָליטישע רעכט. אויב עס
ליגט אינ מעהוס פונ דער בורזשואזיע, אז אפילע אינ איר רעוואָליוציִאָנערנ פּעריִאָד קענ
זי ניט דערפירנ דעמ קאמפ קעגנ רעליגיע ביזנ סאָפ, איז אָבער נאָכ מער פשאָרעדיק גע־
ווענ דער אנטירעליגיעזער קאמפ פונ די ייִדישע אופקלערער. מע קענ פאקטיש ניט ריידנ
פונ אנ אנטירעליגיעזנ קאמפ פונ דער האסקאָלע — ס'איז אינ טאָכ בלויז אנ אנטיקלעריקאַ־
לער קאמפ. ביז אטעיִזמ דערעדט זיכ ניט קיינ שומ מאסקיל, אונ די העכסטע שטופע פונ
מאסקילישער אנטירעליגיעזער פּראָפּאגאנדע איז דער וואָלטעריִאניזמ פונ א מיזעס, פונ א יע־
הוישוע העשל שאָר אונ דער גרופּע ארומ דעמ „החלוץ“. מעסיקער דעיִזמ איז די רעוואָ־
ליוציִאָנערסטע מאדרייגע פונ דעמ מאסקילישנ געדאנק אפּנ רעליגיעזנ געביט. די דיסטאנצ,
וואָס טיילט אָפּ אינ אָט דער פראגע מענדעלסאָנענ אונ לעסינגענ, גיט גלײַכצײַטיק די
מאָס פארנ אָפּאָרטוניזמ פונ דער ייִדישער האסקאָלע אינ פארגלײַכ מיט דער אייראָפּעיִשער
אופקלערונג. אָבער אפילע שאָר אונ זײַנע כאוויירימ זײַנענ בלויז דער העכסטער אופשטײַג
פונ מאסקילישער אנטירעליגיעזער פּראָפּאגאנדע. דער דורכשניט פונ דער האסקאָלע באווײַזט
פיל מוט אונ קעמפערישקײַט אינ קאמפ קעגנ כסידעס, שאנעוועט אָבער, פארשווײַגט אונ
אָפּט קאָקעטירט ער מיטנ ראַווינימ.

אויב די אופקלערונג איז די אידעאָלאָגישע באוועגונג פונ מיטלבירגער, וואָס ווערט
פארוואנדלט אינ א מאָדערנעמ בורזשוא, איז אינ דער ייִדישער האסקאָלע ביז גאָר דײַט־
לעכ דער מיטלבירגער, אונ אסאכ שוואכער זעט זיכ ארויס דער מאָדערנער פּאָנעמ פונ

א בורזשוא. די לאנגזאמע אנטוויקלוגג פונ קאפיטאליזמ אינ מיזרעכ־אייראָפּע גייט אָנ נאָכ לאנגזאמער אינ דער ייִדישער סוויווע, אינ גאליציע, אינ טכומ אינ צארישנ רוסלאנד. די באזע פונ דער האסקאָלע אינ גאליציע אונ רוסלאנד איז דערהויפט דער גרויסהאנדל, דער האנדל־קאפיטאל, וואָס וואקסט לאנגזאמ אריבער אינ אינדוסטריעלנ קאפיטאל. דאָס איז די הויפּטסיבע פונ דער אָפּגעשטאנענקייט פונ דער ייִדישער האסקאָלע אפילע אינ פארגלייכ מיט דער אופקלערונג אינ דיזעלביקע לענדער. אָבער אזא מינ אריבערוואקסנ, אזא מינ פארוואנדלונג אינ מאָדערנער בורזשואזיע איז דאָ אפילע אינ דער ייִדישער האסקאָלע — אז ניט, וואָלט קיינ האסקאָלע ביכלאל ניט געווענ. לייקענענ דאָס אינגאנצנ, ווי דאָס טוט פראָפ סאָסיס, לויט וועלכנ די אופקלערונג ביכלאל, אפילע אינ פראנקרייכ, אינ דייטשלאנד „איז פארבונדנ מיט דער אנטוויקלונג פונ דער יונגער בורזשואזיע, פונ שטאָטישנ האנדל־קאפיטאל" (די געשיכטע פונ די ייִדישע געז. שטרעמונגענ, מינסק 1929, ז. 39) איז א שווע־רער מעטאָדאָלאָגישער פעלער.

ניט ווייניקער שעדלעכ איז דאָס אנטיהיסטאָרישע באהאנדלענ די ייִדישע האסקאָלע, ווי אינ גאנצקייט, מיכוץ צייט אונ רוימ. די האסקאָלע אנטוויקלט זיכ צייטלעכ אפ א שעטעכ פונ א קנאפנ יאָרהונדערט. אויב נעמענ אינ באטראכט בלויז די האסקאָלע־באוועגונג, וואָס גייט אָנ אינ העברעיִש אונ ייִדיש, איז איר צייט פונ דעמ לעצטנ פערטל פונ 18־טנ י. ה. ביזנ לעצטנ פערטל פונ 19־טנ י. ה. טעריטאָריעל אנטוויקלט זיכ די האסקאָלע אינ דייטש־לאנד, גאליציע אונ רוסלאנד (אונ אינ אנדערע לענדער, וואָס האָבנ אָבער ניט קיינ ווירקונג אפ דער האסקאָלע אינ דער ייִדישער שפראכ, וואָס איז דער געגנשטאנד פונ אונד־זער ארבעט). אינ יעדנ פונ דידאָזיקע לענדער באקומט די האסקאָלע אנ אנדערע באפאר־בונג, ווערט איבערגעבראָכנ דורכ דער פריזמע פונ די אָרטיקע באדינגונגענ. די אנטוויקלונג פונ קאפיטאליזמ אינ יעדנ פונ דידאָזיקע לענדער גייט אָנ אינ פארשיידענע טעמפּנ, אפ פארשיידענע וועגנ. די בערלינער האסקאָלע האָט ספּעציפישע שטריכנ אינ פארגלייכ מיט דער גאליצישער אונ רוסישער, די רוסישע האסקאָלע אונטערשיידט זיכ אָבער אויכ היפש פונ דער גאליצישער. 1848 איז יענע אנטשיידנדיקע דאטע אינ דער געשיכטע פונ גאליציע, וואָס אנטשפּרעכט 1861 אינ דער רוסישער געשיכטע. דערמיט דערקלערט זיכ, וואָס שאַרס וואָלטעריאַניזמ קומט אופ אינ די 50־ער יאָרנ, בייס ליליענבלומס אנטשפּרעכנדיקע אנטי־קלעריקאלע פּראָפּאגאנדע ערשט סאָפ 60־ער אונ אָנהויב 70־ער יאָרנ. דידאָזיקע אלע מאָ־מענטנ מוז דער היסטאָריקער נעמענ אינ אכט.

דער געזעצ פונ דער ניטגלייכמעסיקער אנטוויקלונג פונ קאפיטאליזמ באשטימט אלזאָ אויכ די געשיכטע פונ דער ייִדישער האסקאָלע. זי קומט אופ צוערשט אינ פּרייסנ (די „בערלינער האסקאָלע"), וואָרעמ דאָרט ווערט פריִער צייטיק א קלאס פונ ייִדישע פאברי־קאנטנ אונ באנקירנ, קומט גיכער פאָר די פארוואנדלונג פונ ייִדישנ האנדל־קאפיטאל אינ אינדוסטריעלנ. דידאָזיקע אינדוסטריעל־באנקירישע באזע באווירקט אָבער אויכ דעמ גיכנ טעמפּ פונ דער בערלינער אופקלערונג. נאָכ אינ יאָר 1746 האָט מענ צוליב א דייטשישנ בוכ ארויסגעשיקט פונ בערלינ, אפ דער פאָדערונג פונ דער קעהילע, א ייִדישנ יונגנמאנ — דעמ באגרינדער פונ דער שפּעטערדיקער באנקירנ־מישפּאָכע בלייכרעדער [1]). אָבער שוינ צענ יאָר שפּעטער איז דערשינענ מענדעלסאָנס ערשטע דייטשישע שריפט, אונ 40 יאָר שפּעטער, אינ די ניינציקער יאָרנ, זיינענ די סאלאָנענ פונ דער ייִדישער בורזשואזיע דער צענטער פונ דייטשישנ געזעלשאפטלעכ־ליטערארישנ לעבנ. ערשט שפּעטער פארפעסטיקט זיכ די האסקאָלע אינ גאליציע אונ רוסלאנד — איר טעמפּ איז אָבער אסאכ לאנגזאמער, ווי אינ דייטשלאנד, וואָרעמ אויכ איר סאָציאלע באזע איז אסאכ שמאָלער אונ ווייניקער רייפ. עס איז אָבער דורכויס געזעצמעסיק, אז די ייִדישע בורזשואזיע, וואָס רייפּט אָנ אינ איינ

[1]) זע קייזערלינג 12, ווו ס'ווערט געגעבנ דערציילט די גאנצע געשיכטע. (ערשטע אויסגאבע, 1862).

לאנד שפּעטער, נעמט איבער די דערפאַרונגענ אונ דערגרייכונגענ פונ אירע קלאַסנ־ברידער אינ א פריִער־אנטוויקלטנ לאנד. עס איז א שווערער מעטאָדאָלאָגישער פעלער צו באטראכטנ די האסקאָלע ווי איינ שטראָמ, ניטדיפערענצירנ זי טעריטאָריעל אונ צײַטלעכ. ניט ריכטיק איז אָבער אויכ צו לייקענענ דעמ ענגנ צוזאמענבונד, די יערושע־ אונ האשפּאָע־באציִונגענ, וואָס זײַנענ פאראנ, לאָמיר זאָגנ, צווישנ די פרײַסישע „מאספים“, די גאַליציִשע „בכורי העתים“ אונ לעווינזאָנענ אונ זײַנ שול. די „בכורי העתים“ (אָנגעהויבנ דערשײַנענ 1820), די ערשטע גרויסע טריבונע פונ דער גאַליציִשער האסקאָלע, האָבנ טאקע זיכ באטראכט ווי א פאָרזעצונג דעמ דײַטשישנ „המאסף“, אונ שוינ פונ ערשטנ באנד גענומענ איבערדרוקנ „אויסצוגנ פונ די שענסטע אופזאצנ פונ המאסף“. ב. וואכשטיינ מיינט צוליב דעמ, אז „די בכורי העתים דארפ מענ באטראכטנ ניט ווי אינ א פאָרזעצונג אָדער גאָר ווײַטער אנ־טוויקלונג פונ מעאסעפ, נאָר ווי א ריינע איבערכאזערונג פונ אימ אפ אנ אנדער טעריטאָריע“. („Die hebr. Publizistik in Wien“ XV, 1930). דאָס איז נאטירלעכ ניט ריכטיק. ניטאָ קיינ ריינע איבערכאזערונגענ אינ דער געשיכטע. אויכ די בורזשואזיע יארשנט פריִער־דיקע דערגרייכונגענ פונ אירע קלאַסנ־ברידער ניט מעכאניש, נאָר איבעראַרבעטנדיק אונ צופאסנדיק זיי לויט אירע נײַע באדערפענישנ. אונ די „בכורי העתים“ האָבנ טאקע גלײַכ באקומענ אנ אייגענע, זעלבסטשטענדיקע פיזיאָנאָמיע. א מאָנאָגראפיע וועגנ לעווינזאָנענ וידער, וואָס וועט געגוי ניט אויספאָרשנ די גאַליציִשע יערושע אינ זײַנ שאפנ, וועט זײַנ געגוי אזוי אומפרוכטבאר, ווי א מאָנאָגראפיע וועגנ די גרויסע אוטאָפּיסטנ פונ 19־טנ י.ה. וואָס וועט ניט נעמענ אינ אכט זייער ענגנ צוזאמענבונד מיט דער אופקלערונג פונ 18־טנ י.ה.,—וואָס ס'האָט קעסיידער אונטערגעשטראָכנ ענגעלס. א געשיכטע פונ דער האס־קאָלע אינ רוסלאנד, וואָס וועט ניט נעמענ אינ אכט איר צוזאמענהאנג מיט דער בערלינער אונ גאַליציִשער האסקאָלע, וועט אויכ ווײַט ניט פארפאָרנ.

א דריטע דיפערענציר־ליניע גייט דורכ דעמ עצעמ לאגער פונ דער האסקאָלע. די אופ־קלערונג איז אינ גרונט א בורזשואזע אידעאָלאָגיע; איר באווײַזנ זיכ סיגנאליזירט דאָס ארײַנדרינגענ פונ קאפּיטאליזמ אינ דער האלב־פעאָדאלער סוויווע, דריקט אָבער אויכ אויס די שטרעבונג צו קעמפנ פאר אָט דער קאפּיטאליסטישער אנטוויקלונג, ריינ מאכנ איר דעמ וועג אונ פארגיכערנ אירע טעמפּנ. דאָס שליסט ניט אויס, אז אינ דעמ לאגער פונ דער אופקלערונג זאָלנ זיכ אפ א באשטימטנ עטאפּ, אפנ עטאפ פונ „דריטנ שטאנד“, וואָס גיימ אָפּשאפנ די שטאנדנמעלוכע, אײַנגעפינענ פארשיידענע קלאַסנ־גרופּירונגענ: פריצימ, וואָס ווערנ פארוואנדלט אינ קאפּיטאליסטנ, מיטעלע האנדל—אונ אינדוסטריִעלע בורזשואזיע, אונ אפילע קליינבירגערטומ, וואָס גייט מיט מיט דער אָנפירערקע פונ דריטנ שטאנד, פונ דער בורזשואזיע. רוסאָ איז געווענ אנ אופקלערער אונ האָלבאכ איז געווענ אנ אופקלערער. ניטדיפערענצירנדיק די אופקלערונג, וועלנ אונדז אָבער קיינמאָל ניט קלאָר ווערנ די ספּעציפיש ע שטריכנ פונ רוסאָס אידעאָלאָגיע. ביים די פראנצויזישע פילאָסאָפנ פונ 18־טנ י. ה. זײַנענ אינ זייער גרויכער מאסע „מאטעריִאליסכנ אונטנ אונ אידעאליסכנ אויבנ“, מאטע־ריִאליסטנ אינ זייער דערקענטעניש־פילאָסאָפיע אונ אידעאליסטנ אינ זייער קוק אפ גע־שיכטע, איז רוסאָ אנ אידעאליסט אינ זײַנע פילאָסאָפישע אָנשויונגענ אונ היפּש מאטעריִא־ליסטיש אינ זײַנע געזעלשאפטלעכע קאָנצעפּציעס—א כאראקטעריסטישער שטריכ פונ א קליינבירגערלעכנ אופקלערער. אָבער „רוסאָס מעלוכע פונ סייכל אונ זײַנ גע־זעלשאפטלעכער אָפּמאכ האָבנ זיכ ארויסגעוויזנ אונ געקאָנט זיכ ארויסווײַזנ אינ דער פראק־טיק בלויז ווי די בורזשואזע, דעמאָקראטישע רעפּובליק“. (אנטי־דיורינג, 12). אזוי מוזנ אויכ דיפערענצירט ווערנ די קלאַסנ־גרופּירונגענ אינ לאגער פונ דער ייִדישער האסקאָלע גופע.

פאר דער אופקלערונג פונ די דײַטשישע ייִדנ זײַנענ צ.ב. כאראקטעריסטיש ניט נאָר אירע גיכע טעמפּנ, נאָר אויכ דער ראדיקאלער פארלויפ פונ דער אופקלערונג בא אייניקע שיכטנ פונ דער ייִדישער בורזשואזיע, וואָס דערפירט אינ א קורצער צײַט ביז צו דער־

שמאד־עפּידעמיע. שוינ אינ דער בערלינער אופקלערונג צייכענענ זיכ אָנ צוויי שטראָמענ, וואָס אינ א ריי פראגעס גייענ זיי האנט־בא־האנט און אינ אנדערע שיידנ זיי זיכ פאנאנדער ראדיקאל: אנ אופקלערונג־שטראָם, וואָס זײַנ באזע זײַנען די שפּיצנ פונ דער יידישער בורזשואזיע אינ דײַטשלאנד (און אינ עסטרײַכ), וואָס פארוואנדלענ זיכ אינ מאָדערנע קאפּיטאליסטנ, און וואָס ענדיקט מיט פולשטענדיקער אסימיליאציע, און א מער־קאָנסערוואטיווער „האסקאָלע״־שטראָם, וואָס זײַנ באזע איז דאָס מיטעלע בירגערטום, וואָס אנטוויקלט זיכ לאנגזאם אָנ מאָדערנער בורזשואזיע, גייט אָפּ צוליב דעם זייער ניט אנטשלאָסנ פונ דער פריערדיקער טראדיציע, איז נאָכ ענג פארבונדנ מיט די יידישע בירגערישע און קליינבירגערלעכע שיכטנ און מוז זיי נעמענ אינ אכט, און שאפט אנ אופקלערונג־ליטעראטור אינ העברעיִש און דײַטש־יידיש. מענדעלסאָנ אליינ שטייט צווישנביידע שטראָמענ, אָבער אינ לעצטנ פעריאָד פונ זײַנ לעבנ דערנענטערט ער זיכ צומייסטנ צום צווייטנ שטראָם, צו דער קאָנסערוואטיווער „האסקאָלע״. הערצ האמבערג און זײַנ טעטיקײַט אינ גאליציע סאָפ 80־ער יאָרנ און שפּעטער, שפּיגלט אָפּ בלי־סאָפעק דעם ערשטנ שטראָם, בייס די גרונט־מאסע פונ די גאליצישע מאסקילים קענ יארשענענ בלויז דעם צווייטנ, מעאסעפּ־שטראָם. אָבער אויכ די א. ג. „בראָדער האסקאָלע״ איז ניט אינגאנצנ האָמאָגענ; לעבנ דער גרויסער מאסע פונ מאסקילים, וואָס האלטנ זיכ באם „מיטעלנ וועג״, איז פאראנ א לינקער פליגל (אשטייגער מיזעס) און א רעכטער (קראָכמאל), און ביק צ. ב. דער אָנהענגער פונ כסידעס און דער קעמפער פאר יידיש, האָט בלי־סאָפעק שוינ קיינ שום שאפנ פונ אנ אופקלערער, נאָר ריקט אויס די קליינבירגערלעכע רעאקציע קעגנ דער האסקאָלע. אנ ענלעכע דיפערענצירונג איז דײַטלעכ אינ דער רוסיש־פּוילישער האסקאָלע אויכ אינ דער עפּאָכע ביז די 60־ער יאָרנ, אָבער ברויזנדיק ווערט איר טעמפּ ערשט זינט די 70־ער יאָרנ.

עס וואָלט אָבער געווענ א שעדלעכע אײַנשטעלונג באזונדערס אינ שײַנ פונ די איצטיקע קאָנטר־רעוואָלוציאָנער נאציאָנאל־דעמאָקראטישע שפּראכ־טעאָריעס, די קלאסנ־ליניִענ לויטנ שפּראכ־סימענ, באטראכטנ אנ אופקלערער, וואָס שרײַבט דײַטש אָדער רוסיש, שוינ אָפּ דעם סמאכ פאר אנ אידעאָלאָג פונ דער העכערער שיכט פונ דער יידישער בורזשואזיע, א העברעיִשנ מאסקיל — פאר אנ אידעאָלאָג פונ דער מיטעלער בורזשואזיע, א מאסקיל, וואָס שרײַבט אינ יידיש — פאר א קליינבירגערלעכנ אידעאָלאָג. דעמראָזיקנ פעלער מאכט צ. ב. נ. שטיפ אינ דעם ארײַנפיר צו זײַנ כרעסטאָמאטיע „די עלטערע יידישע ליטעראטור״, קיעוו 1929. די שפּראכ אליינ באווײַזט נאָכ גאָרניט. זײַענדיק פּרינציפּיעלע קעגנער פונ דער יידישער שפּראכ, האָבנ סײַ לעווינזאָנ, סײַ אנדערע מאסקילים (און אפילע פערעצ אינ זײַנ ארײַנפיר צו דער „יידישע ביבליאָטעק״) געשריבנ און געשאפנ אינ יידישאקסענפעלד, עטינגער האָבנ געשאפנ בלויז אינ יידיש, און זײַנענ דאָכ אויסגעשפּראָכענע בורזשואזע, און ניט קליינבירגערלעכע אידעאָלאָגנ. ביק האָט יידיש ניט געשריבנ, און איז דאָכ א קליינבירגערלעכער אידעאָלאָג.

דערפונ קענ אָבער אויכ ניט געמאכט ווערנ דער אויספיר, אז ס'איז פּרינציפּיעל ניט מעגלעכ א געשיכטע פונ דער האסקאָלע־ליטעראטור אינ יידיש, אז די האסקאָלע־ליטעראטור אינ יידיש האָט ניט קיינ ספּעציפישע שטריכנ, אויכ דאָס וואָלט געווענ ניט ריכטיק. דאָס ספּעציפישע אינ דער האסקאָלע־ליטעראטור אינ יידיש איז, וואָס זי ווענדט זיכ צום האמוינ, צו דער ברייטער, ווייניק דיפערענצירטער מאסע פונ יידישנ קליינ־און מיטל־בירגערטום, באארבעט אים אינ גײַסט פונ דער בורזשואזער אידעאָלאָגיע און וויל אים פאר אגיטירנ ווי א שוטעפ אינ די קאמפנ פונ דער בורזשואזיע פאר דער עמאנציפּאציע, דאָס דיקטירט שוינ אנ אנדער צוגאנג, אנ אנדערע טעמאטיק, אנדערע סטיל־מיטלענ אינ ברייטסטנ זינ פונ וואָרט, ווי צ. ב. אינ דער העברעיִשער ליטעראטור. גענוג צו דערמאָנענ, אז אינ דער יידישער ליטעראטור פונ דעמראָזיקנ פעריאָד, ביז די 80־ער יאָרנ, — איז ניטאָ קיינ שום שפּור פונ יענער ראָמאנטישער שטרעמונג, וואָס איז כאראקטעריסטיש פאר דער העב־

רעבֿרעיִשער ליטעראַטור אין דעם פּעריאָד 1830—1850. ניטאָ אויך אין דער ייִדישער ליטעראַטור יענע פּסעוודאָ־קלאַסיק, וואָס בליט אין דער העברעיִשער האַסקאָלע־ליטעראַטור זינט ווייזלס „מאָזאיִדע“ (1789 — 1785). די העברעיִשע האַסקאָלע־ליטעראַטור האָט לאַנגע צענדליקער יאָרן ניט געקאָנט זיך דערשלאָגן צו אַ רעאַליסטישער דראַמע, בעת די געשיכטע פֿון דער ייִדישער האַסקאָלע־ליטעראַטור עפֿנט זיך מיט צוויי בורזשואַזע פֿאַמיליען־דראַמעס, אייכלס „רעב הענעך“ (1792—3) און וואָלפֿזאָנס „לײַכטזין און פֿרעמעלײַ“ (1796). ניטאָ אויך אין דער ייִדישער האַסקאָלע־ליטעראַטור יענע מעליצע, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פֿאַרן העברעיִשן האַסקאָלע־סטיל.

און נאָך אַ וויכטיקער מאָמענט באַרעכטיקט אַ באַזונדערע געשיכטע פֿון דער ייִדישער האַסקאָלע־ליטעראַטור: דער פֿאַקט, וואָס זי פֿירט צו סײַ ביז דער קלאַסישער קליינבירגער־לעכער ליטעראַטור (מענדעלע, ש. א., פּערעץ), סײַ ביז דער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור־(ווינטשעווסקי), סײַ ביז דער ליטעראַטור פֿון די קליינבירגערלעכע מיטלויפֿער פֿון דער פּראָלעטאַרישער באַוועגונג. די גרויסע עפּאָכע פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור, וואָס הייבט זיך אָן זינט די זעכציקער יאָרן פֿון 19־טן י. ה., שטייט אויף די פּלייצעס פֿון דער האַסקאָלע זי קען אַלזאָ ניט פֿאַרשטאַנען ווערן אָן דער אויספֿאָרשונג פֿון יענעם היסטאָרישן פּראָ־צעס, וואָס איז אָנגעגאַנגען אין דער האַסקאָלע־ליטעראַטור אויף דער ייִדישער שפּראַך.

4

די האַלב־און גאַנץ אַסימילירטע ייִדישע גרויסבורזשואַזיע פֿון 19־טן און 20־טן י. ה האָט אין גרונט אַדאָפּטירט סײַ די ייִדישע ראַדיקאַלע אויפֿקלערונג, סײַ די קאָנסערוואַטיווע האַסקאָלע. דאָס ווערט דײַטלעך אין יענע אָפּשאַצונגען, וואָס גרעץ און זײַן שול פֿון יאָ־הודישע היסטאָריקער גיבן דער האַסקאָלע־עפּאָכע. די ייִדישע גרויסבורזשואַזיע אַדאָפּטירט די אויפֿקלערונג, ווי איר אייגענע אידעאָלאָגיע, וואָס האָט מיטגעהאָלפֿן איר יעציִאַס מיצ־רײַים, איר אַרויסגיין פֿון געטאָ „מיט מענטשן גלײַך“ צו די ברייטע געדעקטע טישן פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג. זי נעמט אָבער אָן אויך די מער קאָנסערוואַטיווע האַס־קאָלע, די אידעאָלאָגיע פֿון מיטלער בורזשואַזיע, ווײַל ס'איז שוין נאָך דער בורזשואַזער רעוואָליוציע, און די גרויסבורזשואַזיע פֿילט זיך קאָנסערוואַטיווער, קוקט זיך מער אום אויף טראַדיציעס. און אַן עמעסן קולט שאַפֿט זי אַרום מענדעלסאָנען, וואָס האָט פֿאַרבונדן ביידע שטראָמען פֿון דער אויפֿקלערונג אין דײַטשלאַנד. מענדעלסאָנס כאַווערשאַפֿט מיט לעסינגען, זײַן גרויסע פּאָפּולערקייט צווישן דעם האַלב־געבילדעטן אויפֿגעקלערטן האַמוין אין דײַטש־לאַנד אין דער צווייטער העלפֿט פֿון 18־טן י. ה., אימפּאָנירט די יאַהודים; זיי זעען דאָ פֿאַרווירקלעכט זייער טרוים פֿון אַ כאַווערישן צוזאַמענלעבן און אויסמישן זיך מיט דער ניט־ייִדישער בורזשואַזיע; מענדעלסאָנס קאָנסערוואַטיווקייט אין רעליגיעזע איניאָנים רעדט וואָס ווײַטער אַלץ מער צום האַרצן דער גרויסבורזשואַזיע; מענדעלסאָנס אויפֿטוען ווידער פֿאַר די געטאָ־ייִדן, זײַן „בעיער“ און שטאַדלאָנעס סימוואָליזירן ווידער יענעם אינטערעס, וואָס די יאַהודים ווײַזן אויף פֿאַר אַרויס פֿאַר זייערע „אומגליקלעכע ברידער“, וועלכע קענען טאָמיד אויסגעשפּילט ווערן אין די פֿאַרשיידענע פּאָליטישע קאָמבינאַציעס פֿון דער ייִדישער גרויסבורזשואַזיע.

די מיטלע און קליינע ייִדישע בורזשואַזיע גייט אָפּ פֿון דער האַסקאָלע, ווען די ער־שטע רעזולטאַטן פֿון פֿאַנאַנדערגעוויקלטן קאַפּיטאַליזם צעשטערן יענע אַלע אילוזיעס וועגן אַלגעמיינעם גליק און וווילשטאַנד, וואָס די אויפֿקלערונג האָט פֿאַרשפּרייט. די מיטלע ייִדי־שע בורזשואַזיע, דער ייִדישער קרעמער און סוחר, שטויסן זיך אָן אויף דער אויסגעוואַק־סענער קאָנקורענץ פֿון דער היימישער ניט־ייִדישער בורזשואַזיע; און גאָר אומבאַראַכמאָנעס־דיק טרעט דער אַנטוויקלטער קאַפּיטאַליזם איבערן קליינבירגערטום. גאָר דײַטלעך ווערט

עס זינט די פּאָגראָמען פון די אכציקער יאָרן פון 19־טן י. ה; אָבער דערדאָזיקער פּראָצעס איז אָנגעגאַנגען אַ סך פריִער. שוין פון די זעכציקער יאָרן הויבט זיך אָן די שקיִע פון דער האַסקאָלע. די פּאָגראָמען האָבן בלויז שאַרפער אונטערגעשטראָכן שוין פריִער ווירקנדיקע פּראָצעסן. בא גרויסע שיכטן פון דער יידישער מיטל־און קליין־בורזשואַזיע נעמט אָן דער „פּראָטעסט" קעגן די אויסווירקונגען פון קאַפּיטאַליזם די אידעאָלאָגישע פאָרם פון כיוועווי־ציוניזם, און אַזוי שאַפט זיך פּלאַץ פאַר קאָלערליי נאַציאָנאַליסטישער ראָמאַנטיק. דידאָזיקע אַלע נאַציאָנאַליסטישע טעאָריעס הויבן אָבער אָן אַ פאַרביטערטן קאַמף ניט קעגן דער ראַדיקאַלער אופקלערונג, ניט קעגן דער קאָנסערוואַטיווער האַסקאָלע, באַשולדיקן זי אין אַסימיליאַציע, קאָנסערוואַטיזם, מאַנגל אין נאַציאָנאַלן געפיל א.א.וו. ביז גאָר כאַראַקטעריסטיש איז, אַז די באַרימטע סעריע אַרטיקלען פון סמאָלענסקין קעגן מענדעלסאָנען און דער בערלינער האַסקאָלע, „עת לטעת", אַ מאַניפעסט פון קריגערישן נאַציאָנאַליזם, וואָס איז מער פון דריי יאָר געגאַנגען אין „השחר", איז דערשינען נאָך פאַר די פּאָגראָמען פון די אכציקער יאָרן (1875—1878). סמאָלענסקיס שטאַנדפּונקט האָט אַ לאַנגע צייט געהערשט אין דער ציאָניסטישער פּובליציסטיק. נאָך שאַרפער האָט אים באַגרינדעט ש. בערנפעלד אין זיין ווערק „דור תהפוכות" (וואַרשע, 1897), וואָס איז אין טאָך אַ טעמפּעראַמענטפולער פּאַמפלעט קעגן דער בערלינער האַסקאָלע און מענדעלסאָנען.

אויך די יידישיסטישע אידעאָלאָגן פון יידישן קליינבירגערטום האָבן ניט געקאָנט אָדאָפּטירן די האַסקאָלע. שוין אין זיינע „בילדער פון אַ פּראָווינצרייזע" (1890) גיט פּערעץ אַ פאַרניכטנדיקע שילדערונג פון אַ מאַסקיל. פּערעץ טרעט דאָ אַרויס קעגן דעם בורזשואַזן טאָך פון דער האַסקאָלע. אין זיינע שפּעטערדיקע דראַמעס קעמפט ער קעגן דעם ראַציאָנאַליזם פון דער האַסקאָלע. אין סך־הכל באַקעמפט דער יידישיזם (אין דער ליטעראַטור און אין זיין פּובליציסטיק) דעם בורזשואַזן קלאַסן־אינהאַלט פון דער האַסקאָלע און שטעלט אים אַנטקעגן זיין אידעאַליזאַציע פון קליינבירגערטום; ער באַקעמפט דעם ראַציאָנאַליסטישן אָפּטימיזם פון דער האַסקאָלע, וואָס בינדט זיך ניט מיט דער טרויעריקער פּעסימיסטישער דערפאַרונג פון יידישן קליינבירגערטום, וואָס ווערט צעקוועטשט אונטער די שווערע רעדער פון קאַפּיטאַליזם; עס קען אים ניט זיין צום האַרצן דער אַנאַציאָנאַליזם פון דער האַסקאָלע, וואָס איז אַן אויסדרוק פון דער שטרעבונג פון דער יידישער בורזשואַזיע אַרויסצוררייסן זיך פון געטאָ צו דער ברייטער וועלט פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט; די עסטעטישע טעאָריע פון יידישיזם, וואָס איר גלאַנץ־פּעריאָד זיינען די רעאַקציע־יאָרן, וואָס נאָך דער רעוואָליוציע פון 1905, קען ניט אָננעמען דעם קעמפערישן פּובליציסטישן טאָן פון דער האַסקאָלע; די פעטישיזירונג פון דער יידישער שפּראַך מוז פירן צו אַ שאַרפער קריטיק פון דער מאַסקילישער שפּראַכן־טעאָריע, וואָס האָט מיט רעכט יידיש אָנערקענט ווי אַ מיטל צום ציל, ווי אַ פּראָפּאַגאַנדע און אַגיטאַציע־געווער.

דאָס בילד בייט זיך, ווען ס'הויבט זיך אָן דער פאַשיזירונג־פּראָצעס פון אַלע שיכטן פון דער יידישער בורזשואַזיע און צווישן געוויסע מאַסן פון יידישן קליינבירגערטום אין קאַפּיטאַליסטישן אויסלאַנד. דער יאַהודי, זיינע אָרגאַניזאַציעס, זיין אידעאָלאָגיע רוקן זיך אַרויס אין צענטער פון דער יידישער מיטעלער און קליינער בורזשואַזיע. אַן אַנטשיידנדיקן קער מאַכט איצט דורך די ציאָניסטישע אָפּשאַצונג פון דער האַסקאָלע. מוישע קליינמאַן, דער רעדאַקטער פון „העולם", דעם ציאָניסטישן צענטראַל־אָרגאַן, פאַרעפנטלעכט אַ ווערק „דמוית וקומת" (פּאַריז, 1928), ווו ער פאָדערט אַן אַנטשיידנדיקע רעוויזיע פון דעם ביזאיצטיקן קוק אויף דער האַסקאָלע, און רוקט אַרויס אין פאָדערגרונט די נאַציאָנאַליסטישע מאָמענטן אין דער האַסקאָלע. די מאַסקילים זיינען לויט קליינמאַנען געווען ראַפינירטע קעמפער פאַר „קיום האומה", זיי האָבן געשטרעבט אין אַ צייט פון אַן אַסימיליאַציע־פאַרפלייצעניש ראַטעווען, וואָס עס לאָזט זיך נאָר (17—18): „בלויז אַ שוואַכער אַריינבליק קען פירן צום קוואַליפיצירן די האַסקאָלע ווי אַ נעגאַטיווע באַציִונג צו די נאַציאָנאַלע

ווערטנ... א מער טיפער אנאליז באוויַזט פארקערט, אז אונדזער גאנצע נאציאָנאלע אידעאָלאָגיע איז שוינ צוגעגרייט געוואָרנ דורכ דער האסקאָלע־ליטעראטור". „איצט... ווערנ מיר נישטוימעמ צו זענ, ווי טיפ ס'איז אינ דער האסקאָלע געווענ דער נאציאָנאלער געפיל אונ ווי אנטוויקלט דער נאציאָנאלער כוש... „א רעהאביליטאציע פונ דער האסקאָלע פונ שטאנדפונקט פונ ציאָניזמ אונ העברעיִזמ שטעלנ אויכ פאָר די לערנביכער פונ דער געשיכטע פונ דער העברעיִשער ליטעראטור פונ לאכאָווער („תלדות הפדרות העברית החרשה". טעל־אָוויוו 1929), אונ קלויזנער („היסטור'ה של הספרות העברית החדשה", 1930). קלויזנער גיט נאָכ צו מיט היספּיַלעס, אז „קיינ שום העברעיִשער שריַבער (פונ דער האסקאָלע) האָט ניט געוואגט אינ זיַנע העברעיִשע ווערק אָפּצולאכנ פונ די איקרימ פונ דער יִדישער רעליגיע". (ז. 290). דעמ שענסטנ ספעקטאקל האָבנ מיר דערלעבט מיט ד״ר ש. בערנפעלדנ. דער מעכאבער פונ „דור תהפוכות", דעמ שארפסטנ ציאָניסטישנ פאמפלעט קעגנ דער בערלינער האסקאָלע אונ מענדעלסאָנענ (1897), פארפאסט איצט (1929) א יובילײ־ארטיקל וועגנ מענדעלסאָנענ (אינ זאמלבוכ „Moses Mendelsohn", בערלינ, 1929), ווו ער רעווידירט אלע זיַנע ביזאיצטיקע אָנשויוּנגענ אפ דעמ געביט.

אפנ אידעאָלאָגישנ געביט שפיגלט זיכ דאָ אָפּ דער פאקט, אז די ציאָניסטישע מיטלע אונ קליינע בורזשואזיע גייט איצט אונטער דער קאָמאנדע פונ דער יאהודישער גרויסבורזשואזיע אונ שטרעבט זיכ צוצופאסנ אויכ צו דער אָפיציעלער אידעאָלאָגיע פונ די יאהודימ. אזוי ארומ שאפנ די ציאָניסטישע פובליציסטנ אונ ליטעראטור־פאָרשער זייער „האסקאָלע־לעגענדע". ענלעכ ווי די דיַטשישע בורזשואזע ליטעראטור־וויסנשאפט האָט געשאפנ איר לעסינג־לעגענדע, קאסטרירנדיק די דיַטשישע אופקלערונג אינ איר גרעסטנ קעמפער אונ איבערקליידנדיק זי אינ דעמ אידעאָלאָגישנ לעוווש פונ דער האָהענצאָלערנ־מאָנארכיע, — רוקט איצט ארויס די יִדישע בורזשואזיע אינ פאָדערגרונט דאָס רעאלאטיוו־קאָנסערוואטיווע אינ דער האסקאָלע, פארטושירט איר פראָטעסטאנטישנ, קעמפערישנ מעהוס, פארוואנדלט די מאסקילימ אינ כוועוויי ספאס אייוער אונ העברעיִשע מעלאמדימלעכ.

אָבער אויכ די יִדישיסטישע פאָרשער שטייענ ניט אָפּ, אויכ זיי שאפנ זייער „האסקאָלע־לעגענדע", ארויסרוקנדיק פאָרויס יענעמ שטויס, וואָס די מאסקילימ האָבנ געגעבנ דער אנטוויקלונג פונ דער יִדישער ליטעראטור, אונ ביפראט יענע „פאָלקסטימלעכע" שטריכנ, וואָס זיַנענ פאראנ אינ דער האסקאָלע, ד.ה. איר אופריכטיקנ קאמפ פאר די אינטערעסנ פונ די קליינבירגערלעכע פאָלקמאסנ. די סוביעקטיווע אופריכטיקיַט פונ דער האסקאָלע ווערט בא די יִדישיסטנ פארוואנדלט אינ דעמ אָביעקטיוונ טאָכ פונ דער האסקאָלע־באוועגונג, ס'ווערט פארשמירט דער בורזשואזער כאראקטער פונ דער האסקאָלע־אידעאָלאָגיע, די מאסקילימ ווערנ פארוואנדלט אינ פאָרגייער פונ פרילוצקעס, שאבאדס אונ דובנאָווס דעמאָקראטישער פאָלקפארטיי. שריַבט טאקע שטיפ (ז. 7 l. c.) וועגנ די מאסקילימ, אז זיי זיַנענ „די פריִענדיקע אָנזאָגער פונ א דעמאָקראטישער אינטעליגענצ, פונ א ניַער קליינבירגערלעכער דעמאָקראטיע בא יִדנ ביכלאל".

ניט קיינ ווונדער, אז דער מענדעלסאָנ־יובילײ, וואָס איז געפיַערט געוואָרנ אינ יאָר 1929, האָט געוויזנ א רירנדיקע אכדעס, אנ איינמוטיקנ ענטוזיאזמ פונ דער יִדישער גרויסבורזשואזיע, פונ די ציאָניסטנ, יסאָציאל־פאשיסטנ אונ די יִדישיסטנ. עס איז פארגעסנ געוואָרנ מענדעלסאָנס נעגאטיווע באציִונג צו יִדיש; זיַנ „בעיער"; זיַנ נישטיקער אָנטייל אינ דער העברעיִשער ליטעראטור; זיַנ רעליגיעזער קאָנסערוואטיזמ; עס איז פארשוויגנ געוואָרנ די דורכשניטלעכקיַט אונ אָפּגעשטאנענקיַט פונ זיַנע פילאָסאָפישע שריפטנ, זיַנ פיליסטערישקיַט אפ אלע געביטנ פונ זיַנ טעטיקיַט. עס האָט געהערשט אנ איינמוטיקער ענטוזיאזמ, אָנהויבנדיק פונ דעמ יִדישנ וויסנש. אינסטיטוט אינ ווילנע, ביז דער ציאָניסטיש־יאהודיסטישער „ענציקלאָפּעדיא יודאיִקא" אונ די פראנקפורטער טאָרא־יִדנ.

רעשטלעך פון דער ייִדישיסטישער „האסקאָלע־לעגענדע" בלאָנקען זיך אַרום אויך אין דער סאָוועטישער פאָרשונג. דאָ זײַנען שוין ציטירט געוואָרן אייניקע ניטריכטיקע פאָרמולירונגען פון נ. שטיף און י. סאָסיס. שטיף, ווי געזאָגט, דעקלארירט די מאסקילים, ווי „די פריִענדיקע אָנזאָגער פון א דעמאָקראטישער אינטעליגענץ, פון א נײַער קליינבירגערלעכער דעמאָקראטיע" (ז. 7), און נאָך ווײַטער (ז. 18) זאָגט ער נאָך דײַטלעכער, אז די מאסקילים זײַנען „א נײַער שיכט, א שיכט, וואָס וועט זיך שפּעטער קלאָר אויספאָרמירן פאר א ייִדישער קליינבירגערלעכער דעמאָקראטיע". דאָ ווערט אראָפּגענומען דער בורזשואזער טאָך פון דער אופקלערונג; די מאסקילים זײַנען טאקע אידעאָלאָגן פון א נײַעם שיכט, וואָס פאָרמירט זיך אָבער אויס ווי בורזשואזיע, ניט ווי „קליינבירגערלעכע דעמאָקראטיע". אין שטיפס באהאנדלונג ווערט די האסקאָלע ביכלאל ניט גענומען ווי א טייל פון דער אייראָפּעיִשער אופקלערונג, און אלץ קומט אויס שטיפן אויסטערליש אין דער האסקאָלע א נאטירלעכע דערשײַנונג בא אידעאָלאָגן, פון א קלאס, וואָס אָטעמט מיט סאָציִאלן אָפּטימיזם, וואָס האלט, אז מיט אים הייבט זיך אָן א נײַע עפּאָכע, די עפּאָכע פון אלגעמיינעם וווילשטאנד, וואָס איז מיטן פּאָנעם געווענדעט צו דער צוקונפט און ברויכט צוליב דעם ניט פארשענערן און פארטיידיקן די פארגאנגענהײַט,—רופט ארויס גרויס וווּנדער בא שטיפן. שטיף רעגיסטרירט ריכטיק א ריי שטריכן פון דער האסקאָלע, פּלאָנטערט זיך אָבער אין זייער דערקלערונג, וויבאלד דער סאָציִאָלאָגישער עקוויוואלענט פון דער האסקאָלע איז לעכאטכילע פאלש בא אים געגעבן. א ייִדישיסטיש רעשטל איז אויך דער טערמין „ייִדישע שרײַבער" אין דעם זין, ווי שטיף באנוצט אים קעסיידער.

נאָך מער פּלאָנטערדיק איז אָבער פּראָפ. סאָסיסעס האסקאָלע־קאָנצעפּציע. קעגן דער מיינונג פון די גרונטלייגער פון מארקסיזם, איז פאר סאָסיסן די אופקלערונג ביכלאל, ניט נאָר די ייִדישע האסקאָלע, „די אידעאָלאָגיע פון שטאָטישן האנדל־קאפּיטאל" (39). פון דער אנדערער זייט איז לויט סאָסיסן די האסקאָלע א ריינע אינטעליגענטישע באוועגונג, א באוועגונג פון „ייִדישער יוגנט, מיט אירע אינדיווידועלע באדערפענישן אין איר אופקלערונג און אירע שטרעבונגען צו א נײַעם עמאנסיפּירטן פּערזענלעכן לעבן" (סאָסיסעס קורסיוו, 29). אינטעליגענץ דערשײַנט בא סאָסיסן ווי א זעלבשטענדיקער קלאס; סאָסיס רײַסט ארויס בא דער האסקאָלע איר קלאסן־באזע. דאָס איז אָבער א טיפּיש־פּאָלקיסטישער קוק: „דער דריטער כאראקטעריסטישער שטריך פון פּאָלקיזם—זאָגט לענין—איז דאָס איגנאָרירן פון דער פארבינדונג פון אינטעליגענץ און פון די יורידיש־פּאָליטישע אינסטיטוציעס פון לאנד מיט די מאטעריִעלע אינטערעסן פון באשטימטע געזעלשאפטלעכע קלאסן". (ב. 2, 335) ניט קיין ווּנדער, אז סאָסיס קומט צום אויספיר, אז „דער אידעאליזם פון די מאסקילים האָט זיך געשפּײַזט מיט זייער פולשטענדיקער סאָציִאלער באָדנלאָזיקײַט" (45). די אידעאָלאָגן פון אָנקומענדיקן אינדוסטריִעלן קאפּיטאליזם זײַנען אלזאָ געווען „פולשטענדיק ס ציִאל באָדנלאָז"! סאָסיסעס פּאָלקיסטיש־אידעאליסטישע קאָנצעפּציעס גייען אָבער האנט־בא האנט מיט וווּלגארן מאטעריִאליזם: די מאסקילישע אינטעליגענץ ווערט לויט סאָסיסן געבאָרן פון די „פרײַע אינטעליגענטישע פּראָפעסיעס" און איר דראנג צו האסקאָלע דערקלערט זיך בלויז מיט די „גרויסע אויסזיכטן פאר דער ייִדישער יוגנט, וואָס זוכט נײַע ליבעראלע פּראָפעסיעס" (ז. 7). אין דעם זינען האָט אלזאָ סאָסיס אונטערגעשטראָכן די שטרעבונג פון די מאסקילים צו „א נײַעם פּערזענלעכן לעבן". נאָכמער. אין אָט די פּראָפעסיעס דארף מען זוכן דעם סאָד פון דעם סאָציִאלן אָפּטימיזם פון דער אופקלערונג: „די פרײַע אינטעליגענטישע פּראָפעסיעס, וועלכע וואקסן אויס אפן באָדן פון נײַעם שטאָטישן לעבן, רופן ארויס בא דער נײַער בורזשואזער אינטעליגענץ יענע סאָציִאלע זיכערקײַט, וואָס גיט איר די מעגלעכקײַט דרייסט ארויסצוטרעטן אלס אוואנגארד פון א נײַעם קלאס" (39). ניט דער אופשטײַג פון אייגענעם קלאס, דער היסטאָריש־באשטימטער זיג זײַנער רופט אלזאָ ארויס דעם סאָציִאלן אָפּטימיזם פון די אופקלערער, נאָר זייערע שטע־

לעס און פּראָפעסיעס.. דאָס איז וווּלגאריזירטער מאטעריאַליזמ. געוויס האָבנ א ריי מאסקילימ געשטרעבט צו שטעלעס און נייַע אינטעליגענטישע פּראָפעסיעס, צו מענטשנ גלייַכ; אָבער הונדערטער פונ זיי האָבנ, ניט טראכטנדיק וועגנ פעטע שטעלעס, מיט דער גרעסטער מעסירעס־נעפעש געקעמפט פאר זייער קלאס, די האסקאָלע איז געווענ א באוועגונג פונ א גאנצנ קלאס, יונגע און אלטע, אינטעליגענטנ לויט זייערע פּראָפעסיעס און סטאמ סאָכרימ, פאבריקאנטנ א.א.וו. א „סויכער פונ דריטער גילדיע" איז געווענ אקסענפעלד; מענדעלסאָנ איז ניט געווענ קיינ יוגנטלעכער אינ וויכטיקסטנ פעריאָד פונ זייַנ טעטיקייַט; דער מוטיקסטער, אומדערשראָקנסטער און קאָנסעקווענטסטער פונ די פראנצויזישע מאטעריאַליסטנ פונ 18־טנ י. ה., העלוועציוס, איז געווענ א „גענעראלער פאכטער" פונ דער פראנצויזישער רעגירונג. זייַט 73, נאָענט צו די זעכציקער יאָרנ, זעט שוינ סאָסיס צוויי סאָרטנ פונ מאסקילישער אידעאָלאָגיע: איינע אנ „אינטעליגענטישע אידעאָלאָגיע מיט ראבינאָוויטשנ און דומאשעווסקינ אינ דער שפּיצ, און די צווייטע, וואָס נאָר זי האָט אנ אויסגעשפּראָכענע קלאסנ־אָריענטאציע, „פארטיידיקט די אינטערעסנ פונ ייִדישנ דריטנ שטאנד" (די טארנאָפּאָל־דיכטונג). אינטעליגענצ האָט ניט אלזאָ לויט סאָסיסנ אנ „אויסגעשפּראָכענע קלאסנ־אָריענטאציע".

אָט דער עקלעקטישער, קליינבירגערלעכ־פּאָלקיסטישער און וווּלגאר־מאטעריאַליסטישער פּלאָנטער הערשט אינ סאָסיסעס גאנצנ בוכ.

דער פּראָלעטאריאט איז דער איינציקער קלאס, וואָס איז ניט פארינטערעסירט צו שאפנ וועלכע ס'איז לעגענדעס, דערינ אויכ לעגענדעס ארומ דער האסקאָלע־באוועגונג. פארקערט נאָר די פּראָלעטארישע וועלט־אָנשויונג און איר פארקערפּערונג אינ דיאַלעקטישנ מאטעריאַליזמ גיט די מעגלעכקייַט אופצודעקנ די גאנצע היסטאָריש־באדינגטע באגרענעצטקייַט פונ דער אופקלערונג־אידעאָלאָגיע.

דאָס באדייַט אָבער ניט, אז דער פּראָלעטאריאט ווארפט אָפּ אינגאנצנ די ירושע פונ די אופקלערער. די רעוואָליוציאָנערע בורזשואזיע און אירע אידעאָלאָגנ, די אופקלערער, האָט אויסגעשטעלט א גאנצע ריי וועקסלענ, וואָס זי איז ניט אימשטאנד געווענ, לויט איר עצעמ מעהוס, צו רעאליזירנ. דידאָזיקע וועקסלענ הויבט אופ דער פּראָלעטאריאט אינ זייַנ קאמפ אינ זייער גאנצער ברייט. די יונגע בורזשואזיע האָט אָפּגעשאפט די שטאנדנ־מעלוכע, אָבער זי איז ניט געווענ אימשטאנד לויט איר עצעמ קלאסנ־נאטור אָפּשאפנ די קלאסנ־מעלוכע. זי האָט געפאָדערט פרייַהייַט, און געמיינט די בורזשואזע פרייַהייַט פונ קאמפ פונ אלעמענ קעגנ אלעמענ. זי האָט געקעמפט פאר גלייַכקייַט, און געמיינט די בורזשואזע גלייַכקייַט פארנ געזעצ. זי האָט געפּרעדיקט ברידערלעכקייַט, און דערמיט אויסגעדריקט איר שטרעבונג ארופּווארפנ א שלייער פונ קלאסנ־שאָלעמ, פונעמ אוטאָפּישנ גערדאנק, אז ס'איז מעגלעכ א שאָלעמ צווישנ עקספּלואטאטערנ און עקספּלואטירטע.

דער מאטעריאַליזמ פונ די אופקלערער איז געווענ מעטאפיזיש — דער פּראָלעטארישער קאמפ האָט אימ גע'ירשנט און אופגעהויבנ אפ א נייַער מאדרייגע — אפ דער מאדרייגע פונ דיאַלעקטישנ מאטעריאַליזמ. די יונגע בורזשואזיע איז געווענ אנטיקלעריקאל און אָפּט אטעיִסטיש — בלויז דער פּראָלעטאריאט דערפירט דעמ היסטאָרישנ קאמפ קעגנ רעליגיע קאָנסעקווענט ביזנ סאָפ, פּראָקלאמירנדיק דורכ מארקסנ, אז די רעליגיע איז אָפּיומ פארנ פאָלק, אז די פולשטענדיקע פארניכטונג פונ דער רעליגיע, ווי אנ אילוזאָרישנ גליק פארנ פאָלק, איז אנ אומבאדינגטע פאָרבאדינגונג פונ זייַנ עמעסנ גליק. אינ איינער פונ זייַנע לעצטע ארבעטנ (1922) האָט אָבער לענינ געלערנט, אז מע דארפ (און ווי מע דארפ) יאָרשענענ די אנטירעליגיעזע פּראָפּאגאנדע פונ די אופקלערער פונ 18־טנ י. ה. אפנ איצטיקנ עטאפּ פונ פּראָלעטארישנ קאמפ. ער קוואליפיצירט דידאָזיקע אלטע אופקלערערישע ליטעראטור ווי א „לעבעדיקע, טאלענטירטע אטעיִסטישע פּובליציסטיק, וואָס באקעמפט אָפנ און שארפזיניק די הערשנדיקע פּאָפּאָווטשינע", און וואָרנט: „עס וואָלט געווענ דער גרעס־

טער טאָעס אונ דער ערגסטער טאָעס, וואָס עס קאָנ מאכנ א מארקסיסט, צו טראכטנ, אז די פילמיליאָניקע-פאָלקמאסנ ביפראט די (פויערשע אונ האנטווערקערישע), וואָס זײַנענ פארמישפּעט דורכ דער גאנצער הײַנטיקער געזעלשאפט אפּ פינצטערניש, אמעראצעס אונ אָבערגלויבנ, קענענ ארויסגייג פונ דערדאָזיקער פינצטערקײַט בלויז אפנ גלײַכנ וועג פונ ריינ-מארקסיסטישער אופקלערונג". („О значении воинствующего материализма").

אונ אינ זײַנ שוינ ציטירטער הויפּטארבעט וועגנ דער אופקלערונג זאָגט לענינ קאטעגאָריש, אז דער מארקסיזמ זאָגט זיכ ניט אָפּ פונ דער ירושע פונ דער אופקלערונג: די מארקסיסטנ זײַנענ פארקערט „אסאכ קאָנסעקווענטערע, אסאכ מער געטרײַע היטער פונ אָט דער ירושע, ווי די פאָלקיסטנ". „פארשטייט זיכ — זאָגט לענינ — אז די „טאלמידימ" (ד. ה. די מארקסיסטנ) היטנ ניט די ירושע, ווי ארכיוואריוסנ, היטנ אלטע פאפירנ. היטנ ירושע — הייסט נאָכ ניט זיכ באגרענעצנ מיט דער ירושע, אונ צו די פארטײדיקונגענ פונ די אלטע אידעאלנ פונ אײראָפּעיִזמ פארייניקנ נאָכ די „טאלמידימ" דעמ אנאליז פונ יענע סטירעס, וואָס ליגנ אינ גרונט פונ אונדזער קאפּיטאליסטישער אנטוויקלונג אונ פונ דער אָפּשאצונג פונ דערדאָזיקער אנטוויקלונג פונ דעמ אויבנאָנגעוויזענעמ ספּעציפישנ שטאנדפונקט". (ב. 2, 439—340).

דערפונ איז קלאָר, אז אויכ די ארבעטער וועלנ זיכ ניט אָפּזאָגנ פונ דער ירושע פונ דער האסקאָלע, פארקערט, זיי היטנ זיי אָפּ מער געטרײַ, ווי די ייִדישיסטנ. זיי וועלנ זי אָבער היטנ ניט ווי די ארכיוואריוסנ פונ ייִדישנ וויסנשאפטלעכנ אינסטיטוט, וואָס קאָנסערווירנ יעדע שמאטע, וואָס קענ הייבנ דעמ ייִכעס פונ ייִדיש.

די ייִדישיסטנ ווילנ זיכ איצט צושארנ צו דער האסקאָלע ארײַנעמענ זי אינ זייער ייִכעסקײַט. דאָס איז מעגלעכ בלויז מיט פעלשינגענ, אפילע נעמענדיק אינ אכט דעמ באגרענעצטנ פראָנדע-כאראקטער פונ אונדזער האסקאָלע. די מאסקילימ האָבנ דאָכ געקעמפט, מיט טעמפּעראמענט, שארפזינ, טאלאנט, אָפנ געקעמפט קעגנ כסידעס אונ ראביײִמ, קעגנ אָבערגלויבנ, קעגנ כיידער, קעגנ גאנצנ שימל פונ בעסמעדרעשדיקער טראדיציע. דער ייִדישיזמ אָבער האָט אופגעשטעלט א קולט פונ כסידעס, וואָס גייט אָנ זינט פערעצנ ביזנ הײַנטיקנ טאָג, האָט געדופנ אינ שול ארײַנ, האָט אידעאליזירט די אמאָליקע פארגאנגענהײַט אונ אירע מיטלאלטערלעכע טראדיציעס. די מארקסיסטנ — אונ בלויז זיי — זײַנענ די קאָנסעקווענטע אונ געטרײַע היטער פונ די פּראָגרעסיווע עלעמענטנ אינ דער מאסקילישער ירושע.

לינעצקיס פארביטערטנ קאמפּ קעגנ כיידער, קעגנ כסידימ, קעגנ אָבערגלויבנ; מענדעלעס באשולדיקונג-אקט קעגנ דער טאקסע אונ דער באנדע קאָהאָלשע באלעטויוועס, קעגנ דער ייִדישער טאָרבע, קעגנ דער נאציאָנאלער באגרענעצטקײַט, קעגנ דער בעסמעדרעשקולטור; עטינגערס, אייכלס, וואָלפזאָנס קאמפּ קעגנ די צוואקעס, די טארטיופנ אינ ייִדישנ לעבנ; אקסענפעלדס טאָלענטירטער אונ שארפזיניקער געראנגל מיטנ קאָהאָל אונ מיטנ אָבערגלויבנ אונ פינצטערניש אינ דער ייִדישער סביווע; קאָוונערס זעצנ מיטנ שטעקנ איבער די קעפּ פונ דער רעאקציאָנערער באלעבעסלדיקער פובליציסטיק — פונ אָט דער גאנצער ירושע זאָגט זיכ ניט אָפּ דער ייִדישער ארבעטער. זי שפּילט נאָכ איצט א ראָל אינ אונדזער פעדאגאָגישער ארבעט אונ פּראָפּאגאנדע אפילע אינ סאָוועטנפארבאנד, ווו ס'ווערט ליקווידירט דער לעצטער עקספּלואטאטערישער שלאָס; נאָכ גרעסער קענ זײַנ איר באדײַטונג אינ אונדזער קאמפּ פאר די מיליאָניקע מאסנ פונ אָפּגעשטאנענע ארבעטער אונ האָרעפּאשנעמ קליינבירגערטומ אינ די איצטיקע קאפּיטאליסטישע לענדער, ערעוו אונ בעשאס זייער פּראָלעטארישער רעוואָליוציע. דערמאָנט זיכ, וויפל ס'וועט נאָכ אויסקומענ צו אקערנ אינ דעמ אָפּגעשטאנענעמ פוילנ, אינ רומעניע אונ אינ אנדערע לענדער, ווו כסידעס קלעריקאלנ, ציאָניסטנ, ייִדישיסטישע אונ סאָציאָל-פאשיסטישע „געבילדעטע" אבסקוראנטנ פארנעמענ נאָכ אדהײַעמ אזא מעכטיקע פּאָזיציע אינ דער ייִדישער סוויווע!

דער ייִדישער ארבעטער נעמט אופ די ירושע פונ די מאסקילימ, אונ באפרײַט זי פונ איר באגרענעצטקײַט, דורכפירנדיק זי דורכ דעמ פײַער פונ זײַנ קלאסאָווער דערפארונג, פונ דיאלעקטישנ מאטעריאליזמ.

---

לייב ליטווינאָוו.

# איייניקע באמערקונגען[1].

(צו דער פראגע וועגן שעפערישן מעטאָד אין טעאטער).

1. פאר יעדן, וועלכער אינטערעסירט זיך מיט דער ארבעט און וווּקס פון אונדזער יידישן מעלוכע־טעאטער איז קלאָר, אז אונדזער טעאטער לעבט איבער א קריזיס פון וווּקס אין טעאטער באמערקט זיך א שטארקע שטרעבונג צו באזינען, אויסארבעטן דעם פראָלעטארישן שעפערישן מעטאָד אפן יעסאָד פון דער מארקסיסטיש־לענינישער וועלט־אָנשויונג, א שטרעבונג צו שטעלן אפ א פרינציפיעלער הייך די פראָבלעמען פון זיין שעפערישער פראקטיק (לעמאָשל: דראמאטורגיע־טעאטער, אקטיאָר־רעזשיסאָר, טעמפּן־קוואליטעט, די סטיל־פראָבלעם א א.וו.); א שטרעבונג דורכצוקוקן זעלבסטקריטיש זיינע פאָריקע עטאפּן, אויך דעם קעגנווארט, פעסטשטעלן די פּאָליטיש־קינסטלערישע טאָעסן, זיי פארורטיילן ווי רעשטלעך פון נאצדעמישע ווירקונגען, פאָרמאליזם, עסטעטיזם, טעכניציזם— פון איין זייט, פון דער צווייטער—דיסקאָנטירן די דערגרייכונגען אין אלע געביטן פון זיין פראקטיק (טעמאטיק, א ריי פאָרמעלע דערגרייכונגען, פארבינדונג מיט דעם ארבעטער־צושויער, ארבעט אויסער די ווענט פונעם טעאטער) און איבערגיין אפ א העכערער שטופע פון ארבעט: זיך בעעמעס איינשליסן אין קאמף פארן סאָציאליזם.

די אויבנדערמאָנטע גרונט־שטריכן פונעם שעפערישן געדאנק אין טעאטער זאָגן איידעס וועגן 1) א באדייטנדיקן וווּקס 2) אז דער פראָצעס פאָדערט א מעכטיקע אָנשטרענגונג פון אלע זיינע קויכעס און א סיסטעמאטישע אופמערקזאמקייט מיצאד דער פראָלעטארישער געזעלשאפטלעכקייט צו זיין ארבעט.

2. קאָנסטאטירנדיק דעם פאקט פון א גרויסן דראנג אינעם טעאטער צו גויווער זיין די שווערקייטן און גיין פאָרויס", מוז מען באלויכטן אייניקע מאָמענטן פון זיין לעבן קעדיי קלאָר מאכן די גרונט־אופגאבעס זיינע אינעם רעקאָנסטרוקציע־פעריאָד פון זיין ארבעט ביז דער לעצטער צייט איז געווען כאראקטעריסטיש פארן קאָלעקטיוו פון אונדזער טעאטער (אויסער געציילטע אייסנאמען) א געוויסער אינדיפערענטיזם, אפילע זאָרגלאָזיקייט אין דער פראגע פון דערלערנען, באהערשן דעם דיאַלעקטישן מאטעריאַליזם, ווי א דערקענונג־טעאָריע, וואָס מיט אים דארף זיין דורכגעדרונגען זיין שעפערישע ארבעט.

דער קאָלעקטיוו האָט ניט שטודירט ווי עס באדארף זיין דעם לענויניזם, ער האָט ניט שטודירט ווי געהעריק אפילע די מארקסיסטישע ארבעטן, וואָס זיינען דירעקט נויגייע די פראגעס פון קונסט, שוין ניט ריידנדיק וועגן לענינישן עטאפּ אין אונדזער קונסט־קענטעניש. אזוי ארום איז די פראגע וועגן דער „רעוואָליוציאָנערער טעאָריע" אין טעאטער ניט געשטעלט געוואָרן אין דער גאנצער ברייט. אזא לאגע האָט געשפייזט אָפּאָרטוניסטישן עלבסטפלוס. עס איז ניט אונטערגעשטראָכן געוואָרן, אז „אָן א רעוואָליוציאָנערער טעאָריע איז ניטאָ קיין רעוואָליוציאָנערע באוועגונג" (לענין) און אז „די טעאָריע ווערט קעגנשטאנד־

[1]) צום באהאנדלען—ר ע ד.

לאָז, אויב זי ווערט ניט פארבונדן מיט דער רעוואָליוציאָנערער פראקטיק, פונקט אזוי ווי די פראקטיק ווערט בלינד, אויב זי באלויכט זיך ניט דעם וועג מיט דער רעוואָליוציאָנערער טעאָריע" (סטאלין „פראגעס פון לעניניזם").

צי קאָן מען זאָגן, אז דער טעאטער האָט געארבעט אָן קיין שום טעאָרעטישער באגרינדונג? „עפעס" איז געווען, אזוי אָדער אנדערש האָט דער טעאטער פון פאל צו פאל געמוזט זוכן א טעאָרעטישע, פילאָסאָפישע „באגרינדונג" פון זיין פראקטיק, נאָר דאָס איז געווען ווינציק.

דידאָזיקע לאגע אין אונדזער טעאטער איז איינע פון די גרונט־סיבעס, וואָס די „פאָרמאליסטיש־עסטעטישע נייגונגען", דער „יידישער קוועטש" אין אונדזער טעאטער, וועגן וועלכן עס שרייבט (און ריכטיק) דער כ' ראפאלסקי אין זיין ארטיקל אין „אָקטיאבער" פארן 14 יול 1931 י.—זיינען ניט נאָר „נעגאטיווע זייטן פון אונדזער מאָסקווער פעריאָד" דער „אלטער ווערימל", נאָר אויך נייע, „פרישע" באווייזן, אז דער טעאטער האָט זיך נאָך ניט פארפאנצערט פון פארשיידענע קלאסן־פיינטלעכע ווירקונגען. מיט א נאקעטער „קאָוואָנע", ד. ה., אָן דעם געווער פון דער מארקסיסטיש־לענינישער וועלט־אָנשויונג, וועלכע וועט אונדז געבן די מעגלעכקייט שטעלן יעדע קינסטלעריש־שעפערישע פראגע אף א פּאָליטישער הייך, אָן דעם וועט דעם טעאטער זיין אומגעהויער שווער צו באקעמפן אלע פיינטלעכע ווירקונגען אין בויען דעם פראָלעטארישן טעאטער.

דער טעאטער מוז ד ר י נ ג נ ד י ק און ע ר נ ס ט זיך זעצן לערנען מארקסיזם־לעניניזם, און ניט נאָר אפן ספעציעלן קינסטלערישן געביט, דורכדרינגענדיק דערמיט זיין טאָגטעגלעכער ארבעט.

און טאָן דארף ער דאָס מיט דער הילף פון אונדזערע מארקסיסטיש־לענינישע וויסנשאפטלעכע, פּאָליטישע און קונסט־טוער און אפן ברייטסטן אויפן אנטוויקלענדיק און אויסנוצנדיק די אינערלעכע טעאטער־קרעפטן. אין טעאטער זיינען נאָך ביז היינט ניט אינגאנצן אויסגעלעבט די פאלשע „טענדענצן" פון ניט גלויבן אין די „אינערלעכע קרעפטן", דאָס האָט געבראכט צו דער גרויסער פארשפעטיקונג, מיט וועלכער מיר טרעטן צו צו דער ארבעט. דאָס פארהאלט נאָך איצט דעם טעמפּ פון טעאָרעטישן אונטערשמידן זיך. אָביעקטיוו פירט עס צום פארשמירן די ראָל פון דער וועלט־אָנשויונג אלס א גרונט־קראפט אינעם שאפונג־פּראָצעס און בעמיילע צום פארשטארקן די שעדלעכע פּאָזיציעס פונעם „אינטויִטיוויזם" אין שאפונג (דידאָזיקע „פּאָזיציעס" זיינען נאָך גאנץ שטארק בא א ריי מיטארבעטער פון אונדזער טעאטער, צוזאמען מיט די „טעאָריעס" וועגן „סטיכייִשער באגאבטקייט", אינערלעכן טאלאנט", „הינטערבאוווסטזיין"—ווי „גרונט־סטימולן" פון שאפונג) פארן טעאטער זיינען נאָך ניט דעמאסקירט וואָראָסקעס „טעאָריע" וועגן אומבאוווסטזיניקייט, אינטויִטיוויזם, כאָלעם, ניט אנטפלעקט דער „לעפישער דורכשמוגלען פּאָרמאליסטישע רעצעפּטן, די טעאָריע פון ניט באזינטע ערשטע איינדרוקן, ווי א גרונט פון קונסט־שאפונג, די פּאָרשטעלונג וועגן א קינסטלער; ווי וועגן א „פרייען מייסטער פון זיין טעכנישער ארבעט" א. ד. גל.

דער טעאטער מוז זיך קלאָר מאכן, אז „די טעאָריע פון סטיכייִשקייט איז א טעאָריע פון פארקלענערן די ראָל פון דעם באוווסטזיניקן עלעמענט אין דער באוועגונג, אידעאָלאָגיע פון עקיזם, א לאָגישער פונדאמענט פון י ע ד ן אָפּאָרטוניזם" (סטאלין „פראגעס פון לעניניזם", אונטערגעשטראָכן פון סטאלינען).

אין אונדזער טעאטער זיינען דאָ טענדענצן, וועלכע עס רוקט אויך ארויס דער כ' גורשטיין אין זיין בוך „פראגעס וועגן מארקסיסטישער ליטעראטור־קענטעניש", אז דער בורזשואזער קינסטלערישער רעאליזם (נאטוראליזם) קען דינען ווי אן „אויסגאנג־פונקט" (אלס „ירושע") פאר אונדזערע סטיל־זוכענישן. איך האלט דידאָזיקע טעאָריע פאר אן עקלעקטישע, ווייל זי שמעקט מיט א „רעצעפּט" צו שאפן א געשטוקעוועטן סטיל, זאָליא, באל־

זאק, די שארפסטע קינסטלער פונ דער בורזשואזיע, האָבנ זיכ באמיט באוואָפּענענ זייער קינסטלערישנ מעטאָד מיט די לעצטע דערגרייכונגענ פונ דער וויסנשאפט אינ זייער טקופע, אָבער זייער מעטאָד האָט זיכ ניט אופגעהויבנ העכער פונעם באגרענעצטנ מעכאניסטישנ מאטעריאליזמ. דערדאָזיקער מאטעריאליזמ איז אינ טאָכ ניט געווענ אימשטאנד ארײַנצוציענ די גרינטלעכע טרײַבקראפט פונ דער געשיכטע—דעמ קלאסנקאמפ. דער קינסטלערישער מעטאָד איז דאָכ דעמ קינסטלערס וועלט־אָנשויונג אפּנ קונסט־געביט, אונדזער וועלטאָנשויונג, אונדזער קינסטלערישער מעטאָד דארפ ווערנ דער דיאַלעקטישער מאטעריאליזמ. דער דיאַלעקטישער מאטעריאליזמ איז אומפארגלײַכבאר (אינ פארגלײַכ, לעמאָשל, מיטנ נאטורוויסנשאפטלעכנ מאטעריאליזמ), טיפער, ברייטער, בעעמעס וויסנשאפטלעכ, כאפּט ארומ אלזײַטיק אימ איז ניט גרינג צו באהערשנ. אָבער דאָס באהערשנ אימ איז די גרונט־פארהאנאָכע דער גרונט־באדינג, דער גרונט־פאקטער פאר דער פארשמעלערונג, פארניכטונג פונ דער „שער” צווישנ די טעמפּנ פונ אונדזער סאָציאַליסטישער בויונג מיטנ אָפּשטײַנ פונ דער קונסט”, די גרונט־פארהאנאָכע פאר שאפנ אנ אָריגינעלנ סטיל, די גרונס־פארהאנאָכע פאר די „גרויסע קונסט פונ באָלשעוויזמ”. מיר פארשטייענ די „גרויסע קונט פונ באָלשעוויזמ” ווי „ניט קײנ קונסט פונ אָפּקלאנג און אָפּשפּיגלונג; די גרויסע קונסט פונ באָלשעוויזמ, איז א קונסט פונ באנעמענ דיווירקלעכקײַט, א קונסט פונ א גרויסער רעוואָליוציאָנערער ווירקונג־קראפט, א קראפט, וועלכע ווערט געבאָרנ פונ דעמ טיפנ דערקענענ די סוויווע דורכ א פּראקטישנ מאטעריאליסט, א שרײַבער (אנ אקטיאָר, א רעזשיסאָר א.א.וו.—ל. ל). וועלכער שפאנט אינ די פאָדערשטע רייענ און באאָבאכטעט ניט דורכנ פענסטער” (אווער־באכ, „נא ליטפאָסטו”, נומ. 25).

יעדער קינד דארפ דאָכ פארשטײנ, אז אָנ דעמ, מע זאָל באהערשנ די דיאַלעקטיש־מאטעריאליסטישע וועלט־אָנשויונג, אָנ דעמ, מע זאָל דורכדרינגענ מיט דעמ די פראקטיק, ווערנ די רייד וועגנ דער „גרויסער קונסט פונ באָלשעוויזמ”, וועגנ דעמ פּראָלעטארישנ קינסטלערישנ מעטאָד, סטיל, ווירקלעכ פארוואנדלט נאָר אינ א „דעקלאמאציע”.

דידאָזיקע ארבעט דארפ זײַנ ענג איבערגעפלאָכטנ מיט דער פראקטיק פונ אונדזער אלגעמיינער סאָציאַליסטישער בויונג, מיט דער פראקטיק פונ אלע טעאטערנ און קונסט־געביטנ, מיט דער פראקטיק פונ אונדזער טעאטער, מיט דער פּאָליטיש־טעכנישער איבער־גרייטונג פונ דעמ קאָלעקטיוו.

אינ אונדזער טעאטער, ווי ביכלאל איז אונדזערע טעאטערנ, קומט פאָר א שארפע דיפערענציאַציע ארומ דער אויבנדערמאָנטער פראגע.

צי איז די פּראָבלעמ פונ „אנ אייגענעמ אויסגעהאלטענעמ סטיל” אינ אונדזער ייִדישנ מעלוכע־טעאטער די אקטועלסטע באמ איצטיקנ מאָמענט, ווי עס שרײַבט דער כ׳ אָרשאנסקי אינ זײַנ ארטיקל אינ „אָקטיאבער” נומ. 229, 1931 י.? איכ מיינ, אז אויב מע זאָל די „סטיל־פּראָבלעמ” שטעלנ ניט פּאָרמאליסטיש (ווי א סומע פונ טעכנישע מיטלענ) אויב מע זאָל די סטיל־פּראָבלעמ שטעלנ אינ אנ ענגנ צוזאמענבונד מיט דער וועלט־אָנשויונג־פּראָבלעמ, ניט פארשטײנ באמ הײַנטיקנ טאָג דעמ באגריפ „אנ אייגענעמ”, ווי א סטיל־אויסארבעטונג בלויז „pro domo sua”, איזאָלירט פונ דעמ גאנצנ קאמפ אינ דעמ געביט, אינ אלע קונסט־געביטנ און טעאטערנ (ניט פארגעסנדיק געוויסע ספּעציפישע שטריכנ פונ, לעמאָשל, א נאַציאָנאלנ טעאטער), אויב מע זאָל שטעלנ קוידעמקאָל די פראגע וועגנ דעמ פּראָלעטארישנ קינסטלערישנ מעטאָד א. א. וו.—בא די באדינגונגענ, וועלכע הייסנ שטעלנ די „סטיל־פּראָבלעמ” אינ דער מארקסיסטיש־לענינישער שײַנ—איז דער כ׳ אָרשאנסקי אינ טאָכ גערעכט; די „סטיל־פּראָבלעמ” איז איינע פונ די סאמע אקטועלסטע אינ דעמ „טאָג־סיידער” פונ דער רעקאָנסטרוקציע־ארבעט פונ אונדזער ייִדישנ מעלוכע־טעאטער.

דער קאמפּ פאר שטעלנ אינ „טאָג־סיידער” די פּראָבלעמ פונ סטיל און שעפערישנ מעטאָד, גייט שוינ לאנג אָנ אינ אונדזער טעאטער און מיט א גרויסער כארשפעטיקונג

(וועלכע האָט זיך נעגאַטיוו אָפּגעשפּיגלט אַפֿ זײַנ אַרבעט) ווערט זי איצט באַהאַנדלט, נאָר אויך ניט מ׳ט די געהעריקע מעטאָדנ און טעמפּנ.

נאָך אינ 1927 י. האָב איך געשטעלט פאַר אונדזער טעאַטער די פראַגע וועגנ דער נויטווענדיקײַט פונ באַהאַנדלענ די סטיל־פּראָבלעם. דער כ׳ קנאָרינ האָט מיר אָנגעוויזנ אַפ דער פּריצײַטיקײַט פונ שטעלנ דאַנ די סטיל־פּראָבלעם. איך אָנערקענ, אַז דאַנ האָב איך געשטעלט די פראַגע פאַר אונדזער טעאַטער פּריצײַטיק און ביכלאַל אינ א געוויסער מאָס פאָרמאַליסטיש, נאָר דאָך האַלט איך, אַז די אָנפירונג פונעם טעאַטער האָט געמאַכט א פעלער, ניט פאַרטראַכטנדיק זיך וועגנ דעם, אַז סאָפּקאָלסאָפּ וועט דאָך די פראַגע מוזנ שטײנ און מע דאַרפ דעמ קאָלעקטיוו פונעם טעאַטער פירנ צום באַנעמענ די פּראָבלעם אינ איר פולער קאָמפּליצירטקײַט. אינ דער צײַט, ווענ די טעאַטערנ, וועלכע זײַנענ געוועזנ א מוסטער פאַר אונדז, האָבנ געהאַט, אַזוי אָדער אַנדערש, אויסגעאַרבעטע שעפערישע מעטאָדנ, וועלכע זײ דאַרפנ רעווידירנ, האָט אונדזער טעאַטער אינ זײַנ מאָסקווער סטודיע־פּעריאָד זיך געלערנט „בא אַלעמענ״, נאָר הויפּטזאַכלעך באַם מאָסקווער קינסטלערישנ טעאַטער, ניט קריטיש באַנעמענדיק זײַנ סוביעקטיוו־אידעאַליסטישע שאַפונג־סיסטעם, ניט אָפּוואַרפנדיק זי ניט אָנווענדנדיק זי אַפּ 100%, איינצײַטיק אַרבעטנדיק אונטער א שטאַרקער ווירקונג פונ דער פאָרמאַליסטישער שול. דידאָזיקע „אומבאַשטימטקײַט״, וועלכע האָט זיך אייגנטלעך באַגרענעצט מיטנ עקלעקטיזם, איז געוועזנ און בלײַבט נאָך הײַנט טיילווײַז א געפאַר אינעם טעאַטער.

עס זײַנענ פאַרבײַ יאָרנ. די פּראָבלעם פונעם פּראָלעטאַרישנ סטיל און קינסטלערישנ מעטאָד, וועלכער וועט אויספורעמענ דעם סטיל, איז הייס דעבאַטירט געוואָרנ אינ דער ליטעראַטור און אויך (שוואַכער) אינ אונדזער טעאַטער־וועלט, נאָר בא אונדז האָט ביז די לעצטע 3־4 כאָדאָשים געהערשט א שטילשווײַגנ און ד. ה. ווײַטער אַנ אָפּאָרטוניסטישער זעלבסטפּלוס.

די רעדאַקציע פונ „אָקטיאַבער״, אינ איר באַמערקונג צום כ׳ אָרשאַנסקיס אַרטיקל, שרײַבט: „עס איז ניט ריכטיק צו דערפירנ דעם בילד פונ דעם ייִדישנ מעלוכע־טעאַטער אינ ו.ס.ס.ר. דערצו, אַז אינ אים איז ניטאָ קיינ שאַפונג־מעטאָד א. א. וו.״.

דאָ מוז איך איבערכאַזערנ דאָס, וואָס איך האָב געשריבנ וועגנ דער טעאָרעטישער באַגרינדונג פונ אונדזער אַרבעט: ס׳פאַרשטייט זיך, אַז אָנ א שאַפונג־מעטאָד קענ קיינ טעאַטער ניט אַרבעטנ; אונדזער טעאַטער האָט ניט אויסגעאַרבעט קיינ קינסטלערישנ מעטאָד, ער האָט אָפּטמאָל געלייקנט די מעגלעכקײַט פונ שאַפנ אים איצט—דעריבער האָט ער געמוזט נעמענ זײַנ „שעפערישנ מעטאָד״ בא אַנדערע טעאַטערס, וועלכע זײַנענ געוועזנ אָפּטמאָל פײַנטלעך דער פּאָליטישער אײַנשטעלונג פונ אונדזער טעאַטער; דערצו מוז מענ געדענקענ, אַז דידאָזיקע אײַנשטעלונג איז מער געוועזנ א „קאַוואָנע״ איידער א געניוי מאַרקסיסטישלענינישע פּאָליטיש־קינסטלערישע פּראָגראַם. פּראַקטיש האָט זי זיך אויסגעדריקט אינעם ריכטיקנ קוק אַפ דער ראָל פונ דער רעוואָליוציאָנערער טעמאַטיק, אָבער עס האָט זיך געהאַנדלט נ אָ ר א ו נ ב ל ו י ז וועגנ טעמאַטיק, אָפּרײַסנדיק די פראַגע פונ דער פּראָבלעם פונעם מעטאָד.

די „עפּיגאָנערײַ״ וועגנ וועלכער עס שרײַבנ און ריידנ די כ״כ אָרשאַנסקי און ראַפאַלסקי — פונ אונדזער טעאַטער — איז א פועליוצע פונ דער „סיסטעם״ פונ „סטיכיישקײַט״ אינ דער אַרבעט פונעם טעאַטער.

די אָפּוועזנהײַט פונ א סיסטעמאַטישנ קאַמפּ, פונ אַנ אַרבעט פאַר אויסאַרבעטנ דעם שעפערישנ מעטאָד, סטיל, איז פאַרענטפערט געוואָרנ מיט דעם, אַז „די סטיל-שאַפונג איז א פּראָצעס א דויערהאַפטער און מעכאַניש פאַרגיכערנ אים איז שעדלעך״.

דער געדאַנק איז א ריכטיקער, נאָר מע האָט פאַרגעסנ דערבײַ, אַז לענינ האָט קלאָר געזאָגט (קלאַרע צעטקינס זיכרוינעס):

„די רעוואָליוציע בינדט פאַנאַנדער אַלע, פאַרקאָוועטע ביז איצט, קרעפטן און טרײַבט זיי פון די טיפענישן אַפ דעם אויבערפלאַך פון לעבן... נאָר, פאַרשטענדלעך, אַז מיר זײַנען קאָמוניסטן. מיר טאָרן ניט שטײן מיט פאַרלייגטע הענט און לאָזן דעם כאַאָס זיך אַנטוויקלען וווּהין ער וויל. מיר דאַרפן פולקאָם פּלאַנמעסיק אָנפירן מיט דעמדאָזיקן פּראָצעס און פאָרמירן זײַנע רעזולטאַטן“.

דאָס האָט זיך גערעדט וועגן קולטור און קונסט. דאָס איז פאַר אונדז אַבסאָליוט ריכטיק. און ווען מע פאַרשטייט עס ניט, ברענגט עס צו וואָראָנסקעס „טעאָריעס“, צו אַן אָפּאָרטוניסטישן זעלבסטפלוס. אין דער פאָלעמיק אינעם טעאַטער אַרום דער אָפּשאַצונג פון „דעם טויבן“ איז אַרויסגעזאָגט געוואָרן אַ מיינונג, אַז עס קען ניט זײַן קיין „איינהײַטלעכער סטיל“ אין איין טעאַטער בײַ עטלעכע רעזשיסאָרן, און אַ „צוזאָג“, אַז אין די נאָענטסטע 10 יאָר נעמט זיך ניט אונטער די אָנפירונג דעמדאָזיקן „איינהײַטלעכן סטיל“ אויסצואַרבעטן. דאָס איז געווען אַ פעלער, אַ טענדענץ, וועלכע האָט דעמאָביליזירט די אַרבעט אין קאַמף פאַר אויסאַרבעטן אַ קינסטלערישן מעטאָד. אַן ענלעכער געדאַנק איז אַרויסגעזאָגט געוואָרן מיט 3‒4 כאַדאָשים צוריק. אין דערזעלבער צײַט געפינען מיר אין אייניקע אַרטיקלען פון דעם כ׳ ראַפּאַלסקי דעם טערמין „דיִאַלעקטישער רעאַליזם“, ווי אַ באַשטימונג פון דער „ריכטונג“ פון אונדזער טעאַטער. ניט אַנאַליזירנדיק דאָ דעמדאָזיקן צווייפלהאַפטן טערמין, באַצייכן איך, אַז מיטן אַרויסרוקן אים האַלט דער כ׳ ראַפּאַלסקי פאַר מעגלעך שאַפן אַן איינהײַטלעכן סטיל אין טעאַטער און קאָנסטאַטירט די אָנוועזנהײַט פון געוויסע עלעמענטן פון אַ נײַער סטיל־פאָרמאַציע.

דאָ איז אַ ווידערשפּרוך מיט די פריִערדיקע אַרויסזאָגונגען. אינעם אַרטיקל אין „אָקטיאַבער“ פאַרן 14 יול 1931 י. רירט אָן דער כ׳ ראַפּאַלסקי די סטיל־פּראָבלעם בלויז אין דער פלאַך פון פאָלעמיק מיט די פאָרמאַליסטן, אָן אַ פּאָזיטיווער שטעלונג און ניט ריידנדיק וועגן דער פראַגע אין צוזאַמענהאַנג מיט אונדזער טעאַטער. פון דעם איז לײַכט צו מאַכן אַן אויספיר, אַז דער כ׳ ראַפּאַלסקי דערשאַצט נאָך ביז הײַנט ניט גענוג די פּראָבלעם „מעטאָד־סטיל“ און אָנערקענט ניט זײַנע טאָעסן מיטן איגנאָרירן אין אַ געוויסער מאָס די פראַגע און פאַרטושירן די פּראָבלעם, אָנשטאָט פאַרשאַרפן די אויפמערקזאַמקײַט צו איר, שטעלנדיק זי אין דער געהעריקער ריכטונג.

„עס האַנדלט זיך ניט וועגן אַ קאַמף פון סטילן, נאָר וועגן אַ קאַמף פון אידעאָלאָגיע און אַז אין דעם פאַל איז די הויפּט־פראַגע—אינהאַלט, וואָס באַשטימט די פאָרם און אין לעצטן פאַל אויך דעם סטיל“.

שרײַבט דער כ׳ ראַפּאַלסקי!

איך זע ניט פון אַזאַ מיינונג די „נויטווענדיקײַט“ פון ביכלאַל ניט שטעלן די פּראָבלעם פון שעפערישן מעטאָד, סטיל פאַרן טעאַטער. צווייטנס—„אינהאַלט“ רופט אָן דער כ׳ ראַפּאַלסקי „וואָס צו שפּילן, ד. ה. דעם רעפּערטואַר“, הייסט עס, אַז דער רעפּערטואַר „באַשטימט די פאָרם און אין לעצטן פאַל דעם סטיל“.

דאָ דרינגען אַרויס פראַגעס, ווי למשל:

1) זאָל דען קלאַסיק אָדער אַ פּיעסע פון אַ מיטלויפער „באַשטימען די פאָרם און סטיל“, אָדער מע דאַרף זיי אינטערפּרעטירן פון אונדזער קלאַסן־שטאַנדפּונקט.

2) צי „נעמט“ ניט אַראָפּ דיִאַלעקטיש דער טעאַטער דעם דראַמאַטורג באַם שטעלן אַ פּיעסע, איבערפירנדיק די פּיעסע אין אַ נײַער קוואַליטעט־ספּעקטאַקל?

3) צי קומט אויטאָמאַטיש די „רעוואָליוציאָנערע פאָרם“, ווען מע שטעלט אַ „רעוואָליוציאָנערן אינהאַלט“?

4) צי איז ביכלאַל דיִאַלעקטיש האַלטן די פּיעסע פאַר דעם אויסשעפּנדיקן „אינהאַלט פון אַ ספּעקטאַקל“. ניט קוקנדיק אַפ דעם, וואָס אין אַלגעמיין קען אַ „פאָרם“ זײַן אַן „אינהאַלט“ פאַר אַן אַנדער פאָרם“?

5) צי איז דיאַלעקטיש באטראכטן די צווישנבאציִונגען פון א פיעסע מיט א שטעלונג, ווי באציִונגען פון א „גאנצע" (שטעלונג), וועלכע ווערט „צעצווייט" אף אן „אינהאלט"־פיעסע (ניט די קלאסן־ווירקלעכקייט) און „פאָרם"—ספעציפיש טעאטראלע געשטאלטיקייט? א.א.וו. אלנפאלס איז די לאגע מיט דעם „אינהאלט", וואָס „באשטימט" די פאָרם און אין לעצטן פאל דעם „סטיל"—א קאָמפליצירטערע, ווי עס מאָלט זי דער כ׳ ראפאלסקי, ווײַל שטעלן קירשאָנס „ברויט" איז זייער וויכטיק, נאָר דאָס „באשטימט" נאָך ניט די פראָלעטארישע „פאָרם און סטיל". די פראגע וועגן דעם „אָביעקט" פון טעאטער־שאַפונג איז א וויכטיק באארבעטע פראָבלעם.

איך מיין, אז די גרונט־שטריכן פון דעם טעאטער־ספעציפיק אין דעם פראט באשטייט אין פאָלגנדיקס:

דער אינהאלט פון אלע קונסט־געביטן, ווי פון אלע אידעאָלאָגיע־פאָרמען, איז „דער עקאָנאָמישער באזיס" און דער קלאסן־וועזן" (פריטשע „Основы марксистской методол. литерат."). דער טעאטער, ווי אן אידעאָלאָגיע־געביט איז א „פאָרם־אויסדרוק" (פריטשע) פון דעם אינהאלט, וועלכער וועט בילדן זײַן (דעם טעאטערס) סטיל; טעאטער איז א „פאָרם", ווו עס ווערט געבילדעט דער געשטאלטיקער אויסדרוק פון דעם אלגעמיינעם פאר אלע אידעאָלאָגישע איבערבויען־אינהאלט אין א ספעציפישער פאָרם פון א ספעקטאקל. די גרונט־קאָמפאנענטן פונעם ספעקטאקל זײַנען—די פיעסע, דער אקטיאָר, דער רעזשיסאָר (פליוס אלע איבעריקע קאָמפאנענטן) און די באציִונג צווישן די קאָמפאנענטן זײַנען „קעגנזײַטיקע ווירקונג, נאָר ניט „באדינגטקייט", ד. ה., אז די פיעסע קען ניט באטראכט ווערן, ווי „דער וועזן"־פיעסע, „באשטימט דעם געוויסן"־ספעקטאקל. פון די גרונט־קאמפאנענטן שפילט די פיעסע „די ערשטע פידל" אין דעם שאפונג־פראָצעס, נאָר ווידעראמאָל „נעמט אראָפ" דיאַלעקטיש אין לעצטן סאכאקל דער אקטיאָר די פיעסע און דעם רעזשיסאָר באם שאפן די געשטאלטן, דער רעזשיסאָר „נעמט אראָפ" דיאַלעקטיש דעם דראמאטורג באם שאפן די אידייע און קאָמפאָזיציע פונעם ספעקטאקל. און דאָ שפילט דאָך א גוואלטיקע ראָל ניט נאָר די „טעמאטיק", נאָר אויך די וועלט־אָנשויונג פון די טעאטער־קינסטלער. אזוי ארום איז דער „אָביעקט" פון טעאטער־קונסט דערזעלבער, וואָס בא אלע „אידעאָלאָגיע־פאָרמען".

דער „ראפפ", וועלכער האָט ארויסגערוקט דעם טעזיס וועגן „דער פירנדיקער ראָל פון דער דראמאטורגיע אין טעאטער", פאָרמולירט זײַן פאָזיציע אין דער פראגע אין דעם „דאָקומענט וועגן טעאטער", וועלכער ווערט איצט ענדגילטיק רעדאגירט, אזוי: „די דראמע איז נאָך ניט טעאטער. נאָר דער רעזשיסאָר קען געבן א פארענדיקטע פאָרם, אריבערפירנדיק זי אין א נײַער קוואליטעט" (איך ציטיר לויט דעם לייט־ארטיקל אין דער „ליטעראטורנאיא גאזעטא" נומ. 52, 1931 יאָר). אזוי ארום האלט איך פאר ניט ריכטיק די באשטימונג פון „אינהאלט", ווי בלויז „רעפערטואר". דער אינהאלט, וועלכער באשטימט און וועט באשטימען די פראָלעטארישע „פאָרם און סטיל" אין טעאטער, איז דערזעלבער, וואָס בא אלע קונסט־געביטן—אונדזער קלאסן־ווירקלעכקייט אף דעם געגעבענעם עטאפ.

די אויבנדערמאָנטע געפאר פון אָפרײַסן די טעמאטיק פונעם מעטאָד, פון מעכאניסטיש פארשטיין די ראָל פון דער טעמאטיק א. א. וו. איז דאָ אין אונדזער טעאטער.

די רעדאקציע פון „אָקטיאבער", אין איר באמערקונג צו דעם כ׳ אָרשאנסקיס ארטיקל, שטעלט די פראגע אזוי:

„פארשטייט זיך, אז דער טעאטער האָט נאָך דעם סטיל ניט געפונען, ווײַל דער פראָלעטארישער טעאטער־סטיל פאלט ניט אראָפ פון הימל א פארטיקער"...

און נאָך:

„...אן ערנסטע שעפערישער דיסקוסיע, וואָס וועט פון איר זײַט פירן צו פארייניקן... הײַטלעכן דעם סטיל...

מיט דעם באשטימט די רעדאקציע, אז 1) דער סטיל איז קיינ איינהײַטלעכער, 2) דאָס איז א כעסאָרנ, ווײַל אויב ניט—איז צו וואָס פארייניהײַטלעכנ? 3) מע קאָנ עס דערגרייכנ, 4) די ארבעט האָט זיכ אָנגעהויבנ. איכ בינ מאסקימ מיט דעמ. אויכ ריכטיק מערקט אָפ די רעדאקציע דעמ דראנג אינעמ טעאטער אויסצוארבעטנ דעמ קינסטלערישנ מעטאָד אונ דאָס טאָר מענ ניט ניט דערשאצנ. נאָכמער—אינ א ריי פאָרשטעלונגענ אינ אונדזער טעאטער האָבנ מיר א ריי פראגמענטנ, וועלכע קענענ דינענ פאר אנ אויסגאנג־פונקט אינ די פראקטישע זוכענישנ („לעקערט", „שעפסנקוואל", „באָטווינ", „אפנ 62־טנ" „פּאָעמע", „האָפּליא")

אלזאָ: איכ בינ מאסקימ מיטנ כ' אָרשאנסקי אינ דער הינזיכט פונ אקצענט אפ דער סטיל־פּראָבלעמ. אויכ ריכטיק איז זײַנ געדאנק, אז:

„אָנשטאָט דעמ, אז די פראגע פונ סטיל, די פראגע פונ קינסטלערישנ מעטאָד... זאָל אוועקגעשטעלט ווערנ פארנ טעאטער, פארנ קאָלעקטיוו, אונ נאָכ א דויערנדיקנ אונ ווייט־קדיקנ קאמפּ זאָל זיכ ענדגילטיק אויסבילדנ אָט דערדאָזיקער איינהײַטלעכער סטיל, דער פּאָנעמ פונ טעאטער, אָנשטאָט דעמ איז מענ אוועק אפ דעמ גרינגסטנ פונ די גרינגסטע וועגנ, אפ אָפּלייקענענ אינגאנצנ די מעגלעכקײַט פונ א אויסגעהאלטענעמ איינהײַטלעכנ סטיל אינ טעאטער".

אָט האָט אונדזער טעאטער, לעמאָשל, קלאָר געמאכט פאר זיכ די וויכטיקע ראָל פונ רעוואָליוציאָנערער טעמאטיק, ווי א פּאָרהאנאָכע פארנ נײַעמ מעטאָד, אָבער דאָ האָט ער זיכ... בארויקט.

דער טעאטער האָט קיינמאָל ניט אנאליזירט זײַנ באציִונג, לעמאָשל, צו בערגעלסאָנס נאציאָנאל־אימפּרעסיאָניזמ („דער טויבער"), צו די ליטפּראָנט־פּאָזיציעס („דער שאָס"), צו גאָדינערס סימוואָליזמ („דושימ קופּערקאָפּ"), צו דאַלגאָפּאָלסקיס „שטייגעריזמ" („מאשינ־געראנגל") א.א.וו.

דער טעאטער האָט קיינמאָל סיסטעמאטיש אונ אויסשעפּנדיק ניט דיסקוטירט וועגנ די עקזיסטירנדיקע קונסט־ריכטונגענ ביכלאל אונ טעאטער־ריכטונגענ ביפראט, וועגנ דער פּראָבלעמ פונ דער „נאציאָנאלער פאָרמ אונ סאָציאליסטישנ אינהאלט".

אָבער ווענ דער כ' אָרשאנסקי דערמאָנט אסאכ מאָל דעמ באגריפ „סטיל" אונ אנטוויקלט ניט דעמ אינהאלט פונ דעמדאָזיקנ באגריפ, באקומט זיכ אנ אײַנדרוק פונ א פאָרמאליסטישער אײַנשטעלונג.

נאָכמער, ווענ ער זאָגט ווײַטער:

„דער טעאטער האָט ניט געהאט קיינ סטיל, אונ עס האָט אימ געפעלט די קראפט, וואָס זאָל אויספילנ אזא סטיל".

וועגנ דער „קראפט", וואָס „בילדעט דעמ סטיל" איז אויב דער כ' אָרשאנסקי האלט אז די „קראפט" איז אונדזער קלאסנ־ווירקלעכקײַט, איז זי דאָכ געווענ אונ איז דאָ. אָבער אויב די „קראפט" איז איינ מענטש, דארפ דאָכ דער כ' אָרשאנסקי וויסנ לענינס ווערטער וועגנ „די ספּעציאַליסטנ אפ שאפנ פּראָלעטארישע קולטור" (לענינ וועגנ „פּראָלעטקולט") אונדזער טעאטער־סטיל וועט ניט געשאפנ ווערנ דורכ „איינעמ", דער קאָלעקטיוו דארפ ביזנ לעצטנ פינגער זײַנעמ מאָביליזירט ווערנ אפ דעמ. דער „איינער" דארפ קענענ „פּלאנמעסיק אָנפירנ" מיט דעמדאָזיקנ פּראָצעס. מע טאָר דאָכ ניט פארגעסנ, אז די סטיל־שאפונ איז א דיאַלעקטישער פּראָצעס (ניט קיינ „אימאנענטער" פאר טעאטער), וועלכער (פּראָצעס) איז ניט אָפּגעריסנ פונ קלאסנקאמפּ, וועלכער איז א פאקטער אונ פלאצדארמ פונ קלאסנקאמפּ, דער טעאטער לעבט דאָכ ניט אינ אנ אינקובאטער, ער אנטוויקלט זיכ דיאַלעקטיש.

איינ „קראפט" האָט ווירקלעכ געפעלט אינ אונדזער טעאטער אונ האָט ניט געלאָזט זיכ אנטוויקלענ א שעפערישע דיסקוסיע (ניט ריידנדיק וועגנ סטימולירנ, אָנפירנ מיט איר)—דאָס איז די קנאפּקײַט פונ דער באָלשעוויסטישער קריטיק אונ זעלבסטקריטיק. אלצ האָט מענ קריטיקירט (מער ווייניק פּרינציפּיעל), נאָר „אדקאנ"—ביז דער שעפערישער ארבעט, דאָ פלעגט די קריטיק סיסטעמאטיש אָפּגעטויט ווערנ, די זעלבסטקריטיק—ניט געבוירנ ווערנ.

באם כ׳ אָרשאנסקי באקומט זיך, אז דערפאר, ווײַל דער טעאטער האָט „ניט אויסגעבילדעט קיין סטיל״—האָט אים אים געהערשט די דיקטאטור פונעם „רעזשיסאָר״ און אויב גראנאָווסקי האָט „געבילדעט א סטיל״, האָט דאָס געראטעוועט דעם מאָסקווער מעלוכע־טעאטער פון דערדאָזיקער „דיקטאטור״? דער „סטיל־באגריפ איז דאָך ניט קיין „אבסאָליר־טער״, דאָס איז דאָך א געשיכטלעכע און קלאסן־קאטעגאָריע. דעריבער איז אויך ניט ריכטיק דערפירן די גאנצע סטיל־פּראָבלעם צו דער „דיקטאטור פונעם רעזשיסאָר״, ווי עס איז אויך ניט ריכטיק מאָלן א בילד פון א „כאאָס״ אין דער שטעלונג־ארבעט אין אונדזער טעאטער, ווי דער כ׳ אָרשאנסקי מאָלט (האגאמ ריידן וועגן א געפאר און איבערבויגן דעם שטעקן און טײַטשן די פאָרמולע „מיטן פּאָנעם צום אקטיאָר״ און ניט דערשאצן די ראָל פונעם רעזשיסאָר איז נייטיק, נאָר ניט אזוי היפּערבאָליזירט). דער כ׳ ליטוואקאָוו האָט באשולדיקט אונדזער טעאטער אין „ליטערארישקײַט״, ד. ה., אז דער וואָרט־מאטעריאָל, די פּיעסע דאָמינירט אין אונדזער טעאטער, אז דער טעאטער, הייסט עס, איז „ניט טעאטראָל״ פארשטייענדיק אונטער דעם באגריפ „טעאטראָל״ גראנאָווסקיס שטעלונג־מעטאָדן (ווי עס איז געווען לײַכט צו פארשטיין). קלאָר, אז דער כ׳ ליטוואקאָוו האָט דאָ אָפּגעריסן דעם „אינהאלט״ פון די שטעלונג־מיטלען און האָט פארוואנדלט זיי (די שטעלונג־מיטלען) אין א מעטאפיזישער קאטעגאָריע: „אָדער״ (גראנאָווסקי) „אָדער״ (שלעכט!). דאָס איז פאָרמאַליסטיש און מעטאפיזיש, אזא „שטעלונג״ פון דער סטיל־פּראָבלעם איז א פאלשע (ניט קוקנדיק אפ אייניקע באזונדערע ריכטיקע שטריכן). דער כ׳ ליטוואקאָוו מוז דאָך פארשטיין, אז די באשולדיקונג אין „ליטערארישקײַט״ הייסט אין אונדזערע טעג א באשולדיקונג אין א געוויסער „פּובליציסטישקײַט״, ד. ה. אידייִשקײַט. און אויב „ביניאָמין״ אָדער „מענאַכעם־מענדל״ טאנצן און זינגען אין יעדן ספּעקטאקל זאָל עס הייסן, אז הירש לעקערט אָדער א שלאָגלער „מוזן״ דאָס אויך טאָן אין נאָמען פון מעכאניסטיש איבערטראָגן און פאָרזעצן דעם „סטיל״ פון ייִדישן קוועטש? אָדער וועט עפּשער דער כ׳ ליטוואקאָוו פארטיידיקן דעם כ׳ כאשינס מיינונג, וועלכער ער האָט ארויסגעזאָגט אפ א דיספּוט וועגן אונדזער טעאטער אין מאָסקווע, אז יעדע לידל פון „200,000״ פארמאָגט מער רעוואָליוציאָנערן אימפּעט, איידער גאנץ „באָטווין״ און „שעפּסנקוואל״?

די זשורי פון דער אלפארבאנדישער אָלימפּיאדע פון די נאצטעאטערן האָט אָפּגעצייכנט אין אונדזער טעאטער א רײַ פאָרמאַליסטישע און עסטעטישע טענדענצן—דאָס איז געווען א ריכטיקע אָפּשאצונג, די געפאר צוזאמען מיט דער געפאר פון רעצידיוון פון נאציאָנאַליסטישע טענדענצן—זײַנען די אקטועלסטע פאר אונדז באם איצטיקן מאָמענט.

צום שלוס איז אינטערעסאנט צו מאכן כאָטש א סכעמאטישן איבערבליק איבער דער טעטיקײַט פון אונדזער טעאטער.

דער טעאטער, קומענדיק פון מאָסקווע אין 1926 י., ברענגט א געזונטע פּאָרציע פון קליינבירגערלעכן נאצ-שאָוויניזמ („פּאָליש״, „קאסרילעווקע״) און עסטעטיזם („שיילאָק״); ער דיסקאָנטירט שנעל און געזונט די גערעכטע פּאָדערונגען פון דעם ארבעטער־צושויער נאָכמער—ער האָט נאָך אין מאָסקווע דערפילט די געפאר פון דעם „ייִדישן קוועטש״ און באשטעלט „באָטווין״, „לעקערט״, „שעפּסנקוואל״. דער טעאטער מאכט א שארפן קער צום איבערקוקן זײַנע פּאָזיציעס, איבערוואָפּענען זיך און אײַנשליסן זײַן ארבעט אין קאמף פארן סאָציאַליזם. „באָטווין״, „לעקערט״ „שעפּסנקוואל״—בא אלע זייערע כעסרוינעס, איז געווען א רעאליזאציע פון דעם קער; ווײַטער גייט א דורכרײַס. פון קליינבירגערלעכן צוגאנג צו דער רעוואָליוציע—„צווישן דוירעס״, נאָר לאָמיר ניט פארגעסן דערבײַ די „קאוואָנע״ צו שטעלן סאָוועטישע טעמאטיק; האָבן מיר „האָפּליא״—א פּיעסע מיט געוויסע פרעמדע טענדענצן, אָבער א ריכטיקע שטרעבונג צו אינטערנאציאָנאלער פּראָלעטארישער טעמאטיק. עס קומט א רעצידיוו פון נאצדעמישע טענדענצן—„דער טויבער״, ווו דער קלאסן־טאָך איז פארביטן מיט נאציאָנאַליסטישער ראָמאנטיק, „מאשינען־געראנגל״ מיט עלעמענטן פון ייִדי־

שער אָפּערעטע באגלייַכט מיט א וווּלגאריזירטער שילדערונג פון דער ראַציאָנאַליזאציע פּראָבלעם און שטייגער, אָבער אויך א שטרעבונג צוגיין צו דער טעמאטיק פון רעקאָנסטרוקציע-פּעריאָד, „דזשים"—א פאָרמאליסטישער ספּעקטאקל מיט עלעמענטן פון בורזשואַזעסטעטיזם אין קרענקלעכן עקספּרעסיאָניזם. באַם סוביעקטיוון ווענדן צו קינסטלערישן אויספאָרמירן דעם „אימפּעריאַליזם, ווי דער לעצטער עטאפּ פון קאַפּיטאליזם". „דער שאָס"—א פאָרמאליסטישער ספּעקטאקל מיט עלעמענטן עקספּרעסיאָניזם, באַהאָפטענע מיט שלעכטע „בלויע בלוזע" און „טראם"-טענדענצן, ד. ה. סכעמאטיזם, לאַקירונג פון דערווירקלעכקייט, אָבער ווידער א קער צו די טעמעס פון דעם רעקאָנסטרוקציע-פּעריאָד, „62-טער", און „די פּאָעמע וועגן דער האַק"—ספּעקטאקלען, וווּ דער פאָרמאליזם און עסטעטיזם זיינען נאָך ניט אויסגעלעבט—אָבער אויך די טעמעס פון רעקאָנסטרוקציע-פּעריאָד.

דער קורצער, סכעמאטישער, איינזייטיקער איבערזיכט פון דעם זיגזאַגמעסיקן וועג פון אונדזער טעאַטער זאָגט איידעס וועגן דעם, אַז דער טעאַטער האָט זיך סיסטעמאטיש געווענדעט צו די טעמעס פון דער רעוואָליוציע, אָבער ניט בינדנדיק דערביי אין דער גאַנצער מאָס דעם מעטאָד מיט דער טעמאטיק, האָט ער געמאַכט אַסאַך טאָעסן.

מיט דעם וויל איך ניט פאַרשמירן און פאַרענטפערן די טאָעסן, וואָס אונדזער טעאַטער האָט געמאַכט, איך וויל נאָר אָנמערקן דעם וועג פון אַנאַליזירן זיין טעטיקייט.

ס'איז קלאָר, אַז די סיסטעמאטישע ווענדונג צו דער פּראָלעטאַרישער טעמאטיק האָט אויך פאָרמעל געבראַכט א ריי דערגרייכונגען, אין וועלכע עס איז דאָ געמיינזאַמעס אין הינזיכט פון מעטאָד און סטיל-עלעמענטן, געמיינזאַמעס באַ אַקטיאָרן, רעזשיסאָרן פון אונדזער טעאַטער און אויך געמיינזאַמעס מיט די בעסטע דערגרייכונגען פונעם אַלגעמיינעם פּראָלעטאַרישן טעאַטער-פראָנט.

דער לעצטער פאַקט רעדט שוין וועגן א מעגלעכקייט צו שאַפן אַן איינהייטלעכן סטיל אין איין טעאַטער באַ עטלעכע רעזשיסאָרן, עס דאַרף זיין איין סיסטעם, און אין איר קענען און דאַרפן זיין ניואַנסן, וואַריאַנטן, וועלכע וועלן בילדן די אייגנשאַפט פון דעם געגעבענעם טעאַטער.

ווען די ריכטיקע ליניע פון דער אָנפירונג בענעגייע דער טעמאטיק-פראַגע וואָלט זיך פאַרשפּרייט אַף די מעטאָד-זוכענישן, וואָלטן אַסאַך טאָעסן אויסגעמיטן געוואָרן, דער וועג וואָלט געווען א ווייניקער זיגזאַגמעסיקער.

מע האָט געדאַרפט קאָנסאָלידירן די שעפערישע קויכעס אינעם טעאַטער אַף א פּרינציפּיעלער באַזע. איצט הייבט עס אָן דער טעאַטער טאָן, די אַרבעט מוז זיין פרוכטבאַר.

צום סאָף איז קעדיי אָנווייַזן, אַז אונדזער מאַרקסיסטישע טעאַטער-קריטיק, רעצענזירנדיק, לעמאָשל, אַזוינע פאַרשיידענע ספּעקטאקלען, ווי „מאַשינען-געראַנגל", „דזשים קופּערקאָפּ" און אַפן „62-טן", האָט מען געדאַרפט, אָפּמערקנדיק דעם דראַנג פונעם טעאַטער צו פּראָלעטאַרישן אינהאַלט—סיגנאַליזירן בולטער די נויטווענדיקייט פון קאַמף פאַר אַן איינהייטלעכן שעפערישן מעטאָד. זי האָט דאָס ניט געטאָן: ניט אויסשעפנדיק „דערקלערט", ניט באַלערנדיק „אָפּגעשאַצט".

רעזיומירנדיק, וויל איך אָפּמערקן, אַז איך שטעל די פראַגע:

1) וועגן דער וויכטיקייט פון דער מעטאָד-און סטיל-פּראָבלעם פאַרן טעאַטער;

2) וועגן די ניטריכטיקע איינשטעלונגען און צוגאַנג צו שטעלן און לייזן זיי.

3) וועגן דער פאַרשפּעטיקונג, מיט וועלכער דער טעאַטער הויבט אָן די אַרבעט און אַלס אויספיר פון דעם—די נויטווענדיקייט „אָניאָגן".

4) וועגן דעם, אַז די פּראַקטיק פון טעאַטער און די מאַרקסיסטיש-לענינישע קונסטקענטעניש האָבן געגעבן מאַטעריאַל אַף אָנהייבן דעם קאַמף פאַר מעטאָד און סטיל, ווי אויך אָנגעמערקט די מעטאָדאָלאָגיע.

א דאמעסעק און ה. ציווינ.

# אינ שלאכטנ אפנ פראָנט פונ דער מארקסיסטיש-לענינישער ליטעראטור-קריטיק.

(וועגנ כ. דונעצס „אינ שלאכטנ“).

„אינ שלאכטנ“ איז א זאמלונג פונ ליטעראטור־קריטישע ארטיקלענ, געשריבנ אינ די יאָרנ 1928־1930. דאָס זײַנענ יאָרנ פונ גרויסע איבערברוכנ אינ דער עקאָנאָמיק פונ לאנד, אינ באדינגונגענ פונ פארשארפטע קלאסנ־שלאכטנ. אפנ אידעאָלאָגישנ פראָנט האָבנ מיר דערפאָלגרײַכ אָנגעגריפנ אפ די רעשטלעכ פונ מענשעוויסטישע טעאָריעס, טראָצקיסטישע קאָנצעפציעס אונ רעכטנ אָפּאָרטוניזמ, וואָס האָבנ געפרווט זיכ פארפעסטיקנ אפ אונדזער ליטעראטור־פראָנט. אינ דער גאנצער ברייט איז אינעמ קאמפ קעגנ טראָצקיסטישער קאָנטראבאנדע אונ קעגנ דער רעכטער געפאר אלס הויפט־געפאר אוועקגעשטעלט געוואָרנ די פראָבלעמ פונ לענינישנ עטאפ אינ אלע געביטנ פונ דער וויסנשאפט־ארבעט, ווי אויכ אינ דער ליטעראטור ־ קענטעניש, פאר א פאנאנדערגעוויקלטנ קאמפ, אונטערנ צייכנ פונ לענינס טעאָרעטישער יערושע, אונ פארטייִשקײַט, וואָס דארפ באזונדערס פארשטארקט ווערנ אינ די איצטיקע באדינגונגענ.

„אינ שלאכטנ“ מוז דעריבער גענומענ ווערנ אינ שײַנ פונ אָט דער פארשארפטער פארטייִשער וואכזאמקײַט אונ מארקסיסטיש־לענינישער ציל־געוועגדקײַט צו די פראגעס פונ ליטעראטור אונ ליטעראטור־קריטיק.

שוינ דער צעטל פונ די ארטיקלענ איבער פראגעס פונ ליטעראטור, ליטעראטור־אָרגאניזאציע, ליטעראטור־פּאָליטיק, אָפּהאנדלונגענ וועגנ קאָנקרעטע ווערק אונ שרײַבער אינ דעמ בוכ „אינ שלאכטנ“, באווײַזט די פארשארפטע פארטייִשע וואכזאמקײַט פונ כ׳ דונעצ, זײַנ קעמפערישע באציִונג צו אלע קימאט דערשײַנונגענ פונ אונדזער ליטעראטור־פּ ר א ק ט י ק אונ ליטעראטור־טעאָריע. אונ ווירקלעכ, כ׳ דונעצס נאָמענ איז פארבונדנ מיט די וויכטיקסטע שטרײַטנ, וואָס זײַנענ לעצטנס געפירט געוואָרנ אינ דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראטור אונ קריטיק, מיט די שטרײַטנ פאר דער העגעמאָניע פונ דער פּראָלעטארישער ליטעראטור קעגנ נאצאָפּאָרטוניזמ, פאָרמאליזמ, בורזשואזע ווירקונגענ אונ פארשיידענע אנדערע רעאקציאָנערע ־ טעאָריעס (וועגנ „פּראָסטע רייד“, ניסטעריזמ, מײַסע האלקינ, קאמפ קעגנ נאצ.־אָפּאָרטוניזמ אונ אידעאליזאציע פונ „בונד“, קאמפ קעגנ כ׳ ליטוואקאָווס נאצמענשעוויסטישע, נאצאָפּאָרטוניסטישע אונ פאָרמאליסטישע פעלערנ אינ זײַנע ליטעראטור ־ קריטישע ארבעטנ א. אנד.), כ׳ דונעצ איז געקומענ פונ די יונגע פארטייִשע קאדרענ, וואָס האָבנ מיט זייער באָלשעוויסטישער פראקטיק פונ פארטיי־ארבעט באפרוכפערט דעמ קאמפ פאר דער גענעראלער פארטיי־ליניע אינ דער ליטעראטור אונ צוגעגעבנ אונדזערע טעאָרעטישע שלאכטנ אפנ ליטעראטור־פראָנט טעאָרעטיש־פארטייִשע פארשארפטקײַט. דערפאר טאקע האָבנ אימ אונדזערע פאטענטירטע אונ געשוואָרענע ליטעראטור־קריטיקער באגעגנט מיט אזא אריסטאָקראטישנ ווידערשטאנד. דאָס האָט ניט נאָר ניט אָפּגעשטויסנ

דעם כ׳ דונעצ פון זײַנ ליטעראַרישער טעטיקײַט, נאָר, פאַרקערט, פאַרשטאַרקט זײַנ פּאָליטישע פאַרהאַרטעוועטקײַט און אקשאָנעס צו פאַרשאַרפנ דאָס געווער פון דער מאַרקסיסטיש־לענינישער ליטעראַטור־קריטיק אינ קאַמפ קעגנ אַלע סאָנים פון מאַרקסיזמ־לעניניזמ און קעגנ אַלע אירע פאַרקריפּלער.

באַמ כ׳ דונעצ איז די ליטעראַטור־טעטיקײַט ניט קײנ סטאַמ ליטעראַטור־ליבהאָבערײַ, נאָר א טײל פון דעמ פּאָליטישנ קאַמפ פאַר באָלשעוויזירנ די ייִדישע אַרבעטער און אַרבעטנדיקע מאַסנ. דערפאַר רופט ער זיכ אַזוי אקטיוו אָפּ אַפ דערשײַנונגענ פון ליטעראַרישנ לעבנ, ווענדט אָנ צו דעמ די מאָס פון די פּאַרטײיִשע פאָדערונגענ אינ געגעבענעמ מאָמענט.

קימאַט אינ אַלע זײַנע קריטישע אַרבעטנ ווערט קוידעמקאָל אונטערגעשטראָכנ די קלאַסנבאַשטעלונג פון ווערק. דערבײַ איז זײַנ צוגאַנג ניט קײנ אַבסטראַקטער, נאָר ער גײט אַרויס פון די קאָנקרעטע פאָדערונגענ אַפנ געגעבענעמ עטאַפּ פון דער סאָציִאַליסטישער בויונג. אַזוי זײַנענ די אַרבעטנ קעגנ ניסטעריזמ אַרויסגעשוווּמענ אינ רעזולטאַט פון קאַמפ קעגנ די פּרוּוונ פון אײניקע ליטעראַטור־קריטיקער (נוסינאָוו, ליטוואַקאָוו) צו רעאַביליטירנ און קאָנאָניזירנ ניסטערס סימוואָליסטיש־מיסטישנ שאַפונג־סטיל אַלס קוואַל פאַרנ שאַפנ פון דער רעוואָליוציאָנערער ליטעראַטור; די אַרבעט קעגנ ניגערנ — אינ קאַמפ קעגנ די נאַצאָפּאָרטוניסטישע אָפּשאַצונגענ פון דער ניגערישער־נאַציאָנאַליסטישער און נאַציאָנאַלפאַשיסטישער ליטעראַטור־קריטיק (אוקראַינער ייִדישע ליטעראַטור־כרעסטאָמאַטיע א. אַנד.).

א באַזונדער פאַרדינסט פון כ׳ דונעצס אקטיוו־פּאָליטישער ליטעראַטור־טעטיקײַט איז זײַנ קאַמפ קעגנ די פעלערנ פון כ׳ ליטוואַקאָוו. דאָס איז א רינג פון דעמ גאַנצנ קאַמפ, וואָס די פּאַרטײ האָט געפירט און פירט קעגנ דער אידעאַליזאַציע פון „בונד“, קעגנ נאַצמענשעוויזמ און נאַצאָפּאָרטוניזמ, פון דעמ קאַמפ אַפ צווײ פראָנטנ. כ׳ דונעצ האָט אויפגעדעקט די שעדלעכע טעאָריעס און פעלערנ פון כ׳ ליטוואַקאָוו אינ זײַנ ליטעראַטור־קריטיק, געוויזנ די רעצידיוונ, וועלכע ציִענ זיכ באַמ כ׳ ליטוואַקאָוו פון זײַנ נאַצמענשעוויסטישנ פעריאָד אינ די פראַגעס פון שעפערישנ מעטאָד, באַציִונג צו מיטלויפער, ירושעפראָבלעמ א. אַנד. דידאָזיקע אַרבעטנ, וועלכע זײַנענ זיכ צעוואַקסנ אינ א באַזונדערנ בוכ, הײבנ אויפ פאַר אונדז א גאַנצע רײ פּראָבלעמענ פון דער פּאַרטיפונג אינ דער מאַרקסיסטישלענינישער ליטעראַטור־קריטיק און וואַכזאַמענ קאַמפ אַפ צווײ פראָנטנ.

א באַזונדער אויפמערקזאַמקײַט שענקט ער די יונגע ייִדישע דיכטער דאָס, וואָס אײניקע אונדזערע פּראָפעסיאָנעלע קריטיקער האַלטנ פאַר א „פּכיסאַס־האַקאָוועד“. א באַדײַטנדיקנ אָרט פאַרנעמט אינ זאַמל־בוכ די קריטיק פון „יענער זײַט“, ווו עס ווערנ אָפּגעשאַצט די ערשטע שפראָצנ פון דער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור, ווי אויכ דער וועזנ פון דער בורזשואַזער און קלײנבירגערלעכער ייִדישער ליטעראַטור אינ אויסלאַנד. דאָ האָט פאַקטיש דער כ׳ דונעצ דורכ דער קאָנקרעטער קריטיק געגעבנ א דיפערענצירטע באַציִונג צו דער ייִדישער ליטעראַטור אינ אויסלאַנד, אָנווײַזנדיק אַפ אירע פאַרשײדענע שטראָמענ פון בורזשואַזער, קלײנבירגערלעכער און אָנוואַקסנדיקער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור. דאָס איז באַזונדערס וויכטיק, ווענ מיר נעמענ אינ אַכט די באַדינגונגענ פאַר דער אַנטוויקלונג פון מאַרקסיסטיש־לענינישנ געדאַנק אינ אויסלאַנד און די נויטיקײַט סיסטעמאַטיש מיטצוהעלפנ די ברידערלעכע פּראָלעטאַרישע אָרגאַניזאַציעס אינ זײער קאַמפ פאַר דער אויסבילדונג פון דער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור.

אָט די אַלע מאָמענטנ האָבנ געלײגט דעמ שטעמפּל אַפ דעמ כאַראַקטער פון כ׳ דונעצס קריטיק: זי איז א קעמפערישע, שטעלט דעמ טראָפּ אַפנ אויפדעקנ דעמ „סאָציִאָלאָגישנ עקוויוואַלענט“ אינ די ליטעראַטור־דערשײַנונגענ, אַרויסגײענדיק פון די פאָדערונגענ פון דער פּאַרטײ.

בא דערדאָזיקער ריכטיקער אײַנשטעלונג אין זײַנע ליטעראטור־קריטישע ארבעטן האָט אָבער דער כ׳ דונעצ אין א ריי קאָנקרעטע קריטישע אנאליזן געמאכט אייניקע גרונטיקע פעלערן. זיי דארפן אופגעדעקט ווערן, קעדיי כאווערישע מיטהעלפן אונדזער מארקסיסטיש־לענינישער קריטיק און איר ווײַטערדיקן זיגרײַכן קאמף, פאר דער אנטוויקלונג פון דער פראָלעטארישער ליטעראטור־באוועגונג.

אין כ׳ דונעצס ארבעטן, וואָס זײַנען געדרוקט אין בוך „אין שלאכטן“, זײַנען פאראן אין אייניקע ערטער מעכאניסטישע באהויפּטונגען. אזוי באהויפּטעט ער אין אייניקע ערטער, אז דער פאָרמירנדיקער עלעמענט פון דער געשטאלטן־סיסטעם אין דער ליטעראטור איז אומיטלבאר די סוויווע, ווו דער שרײַבער שעפּט זײַן שאפונג־מאטעריאל און לאָזט אָן א זײַט די אידעאָלאָגיע פונעם שרײַבער. דאָס דערמאָנט אָן פערעווערזעווישן מעכאניציזם. דידאָזיקע באהויפּטונג ווערט בא כ׳ דונעצ איבערגעכאזערט עטלעכע מאָל און שטערט אים אין אייניקע פאלן אופצודעקן דיווירקלעכע קלאסנטענדענצן אין שרײַבערס שאפן.

דידאָזיקע באהויפּטונג איז בולעט אויסגעדריקט אין דעם ערשטן ארטיקל פון בוך. אנאליזירנדיק די יידישע סאָוועטישע ליטעראטור פארן יאָר 1929, באטראכט דער כ׳ דונעצ אירע קוואליטאטיווע ענדערונגען אלס רעזולטאט פון נײַעם אופגעקומענעם מאטעריאל, וואָס האָט פארשוואונקט דעם שרײַבער. ער שרײַבט:

„אונדזער הײַאָריקע ליטעראטור איז שוין אין גרונט ניט קיין שטאמלענדיקע און מאָגערע. מע קען זאָגן, אז אפּ די גרונט־ווערק פון יאָר ליגט דער שטעמפּל פון סטיכיײַשער אָנברויזונג, פון א גרויסער שעפע מאטעריאל, וועלכער איז צום קינסטלער אין האנט געקומען, וועלכער האָט זיך אים ניט שטענדיק געגעבן צו אײַנצוימען, וועלכער האָט דעריבער איבערגעפּלייצט די צאמען פון סטיליסטיק און זיך אָפּט אפילע, ניט אָרגאניזירטערהייט, דורכגעריסן אין ווערק ארײַן“ („אפּן ליטעראַרישן פראָנט“ ז. 5[1]).

ווי עס איז צו זען, ווערט דאָ גערעדט וועגן דער סטיכיײַשער אָנברויזונג פון מאטעריאל, וועגן דער „איבערפלייצונג“ פון מאטעריאל, וואָס באהערשט דעם שרײַבער, וועגן דעם קימאט פאטאלן דרוק פון מאטעריאל, וואָס לאָזט זיך ניט „אײַנצוימען“ דורך דעם שרײַבערס באוווסטזײַן.

דער כ׳ דונעצ האָט זיך דאָ אראָפּגעגליטשט אפּ מעכאניסטישע פּאָזיציעס וועגן דער, אזוי צו זאָגן, דיקטאטור פון מאטעריאל, וועלכער (דער מאטעריאל) דינט אלס באזע פאר אָפּשאצן נײַע איהעאָלאָגיש־קינסטלערישע קוואליטעט.

דעמזעלבן מעכאניסטישן פעלער באגעגענען מיר אויך אין דעם ארטיקל וועגן פעפערס „געפונענע פונקען“. פּאָלעמיזירנדיק מיט די קריטיקער פון פעפערן, שרײַבט כ׳ דונעצ:

„מע פארגעסט אויך, אז דנעפּערבוי איז נאָך ניט אויסגעבויט און דעריבער האָט פעפער ניט געקענט און ניט געדארפט שילדערן דאָס זײַן פון אזא אינדוסטריע־צענטער: ער האָט געדארפט געבן דעם רויש פון די וואסערן, דעם הילך פון די העק, די אופרײַסן אין סאָציאלן ארום און ארום, וואָס ווערט געענדערט בייסן אופשטעלן דנעפּערבוי גופע“ (ז. 70).

ניט ארײַנגייענדיק אין טאָך פון אָפּשאצן פעפערס „דנעפּערבוי“ און צי עס זײַנען באַרעכטיקט די ארויסטרעטונגען פון אייניקע קריטיקער קעגן דעם, איז אָבער כ׳ דונעצס ציטירטע אײַנשטעלונג אן און פאר זיך ניט קיין ריכטיקע. עס קומט אויס לויט דעם, אז דער שרײַבער טאָר זיך ניט פארנעמען מיט קינסטלערישער דערגאנצונג, ער „קען ניט־ווײַזן די ווײַטערדיקע אנטוויקלונג און פערספּעקטיוון פון דערשײַנונגען, דעם וועג פון

---

[1]) אונטערגעשטראָכן דורך אונדז — ר. צ.

פארוואנדלענ די מעגלעכקײַט אינ ווירקלעכקײַט. אונ ווו איז לענינס געדאנק וועגנ דעמ, אז קעמפער האָבנ רעכט אונ דארפנ פאנטאזירנ, פארשטענדלעכ דאנ, ווענ די פאנטאזיע יאָגט נאָר אריבער דעמ „נאטירלעכנ גאנג פונ די געשעענישנ“ אונ גייט ניט אָפּ אָנ א זײַט „דאָרטנ“, ווו דער נאטירלעכער גאנג פונ די געשעענישנ קענ קיינמאָל ניט קומענ“ (לענינ „טשטאָ דעלאט“).

דאָ דארפ שוינ אויכ דערמאָנט ווערנ א וואריאנט פונ דיזעלבע פעלערנ אינעמ ארטיקל „וועגנ פראָסטע רייד אונ ליטערארישע זשאנרענ“. אינ זײַנ צײַט האָט כ' דונעצס ארטיקל געשפּילט א באדײַטנדיקע ראָל אינ דערדאָזיקער פּאָלעמיק וועגנ „פראָסטע רייד“, אויסגלײַכנדיק א רײ פאלשע באהויפּטונגענ, וואָס זײַנענ געמאכט געוואָרנ אינ דערדאָזיקער דיסקוסיע (ליטוואקאָוו, בראָנשטיינ).

אָבער אָט האָבנ מיר דאָ אזא אָרט:

„ווענ שאָלעמאלייכעמ שרײַבט פאר דעמ קליינבירגער אונ פאָלק־מענטש, ווענ ער שעפּט זײַנע בילדער אונ פאָרשטעלונגענ אינ דידאָזיקע פאָלק־מענטשנ, איז אימ נויטיק אונ נאטירלעכ דער פּאָשעטער אונ לײַכטער זשאנר, די געוויינלעכע אָרגאניזאציע פונ דער שפּראכ פונ פאָלקלאָר; פונ ניטסטיליזירטע אונ, אפילע, ניט דורכגעזיפטע רייד“ (זײַט 29).

דאָ דארפנ מיר באטאָנענ פאָלגנדיקע ניטריכטיקע מאָמענטנ: עס איז פעלערהאפט די קאטעגאָרישע האנאָכע, אז שאָלעמאלייכעמ שרײַבט פאר דעמ קליינבירגער אונ פאָלק־מענטש. דעמ שרײַבערס לייענער־פעריפעריע איז א פיל ברייטערע ווי די, פונ וועלכע ער שעפּט זײַנע בילדער אונ געשטאלטנ. עס איז אויכ ניט ריכטיק, אז דער שרײַבער שילדערט זײַנע העלדנ נאָר אינ זייער נאטירלעכער לעקסיק אונ אויסדרוק־מיטלענ,—געוויינטלעכ רייִדנ מיר אזוי וועגנ שרײַבער, וועלכע דערנעענטערנ זיכ צו דער ווירקלעכקײַט, וועגנ סטיל פונ דער פראָלעטארישער ליטעראטור. עס זײַנענ אָבער דאָכ מעגלעכ קלאסנפעלשונגענ, ווענ א באלעגופ, לעמאָשל, ווערט פאָרגעשטעלט מיט די רייד פונ אנ אָרעמפויער, א פראָלעטאריער—אינ דער הויט פונ א קליינבירגער א. א. וו. דריטנס, די פעסטשטעלונג, אז בא שאָלעמאלייכעמענ איז „ניט קיינ סטיליזירטע אונ אפילע ניט גוט דורכגעזיפטע רייד“ איז ניט קיינ מארקסיסטישע, ווײַל זי גייט פארבײַ שאָלעמאלייכעמס אידעאָלאָגישע געווענדקײַט, וואָס האָט זיכ אָפּגעשפּיגלט אינ אלע קאָמפּאָנענטנ פונ זײַנ קונסט — אינ דער שפּראכ אונ רייד פונ זײַנע פערסאָנאזשנ אונ אינ סטיל אלס גאנצעס.

אינ די דרײַ ארטיקלענ וועגנ גאָדינערנ שטעלט כ' דונעצ אינ גרונט אנדערש די פראגע וועגנ דער באציִונג צווישנ אידעאָלאָגיע אונ שאפונג־מאטעריִאל בא די שרײַבער. ער רעדט דאָ וועגנ דער אקטיוו־אָרגאניזירנדיקער ראָל פונ שרײַבער, וועגנ דער נויטיקײַט פונ שרײַבער צו באהערשנ דעמ „מאטעריִאל“, „בײַשטיינ די סטיכיע“. ער שטעלט דאָ די פראגע, פארוואָס האָט גאָדינער אינ „מאָסקווע דרויסנ“ זיכ פארנומענ נאָר מיט די „ווינקעלעכ“ פונ מאָסקווע אונ ניט מיט מאָסקווע גופע, וועגנ באוווסטזיניקנ אָפּקלײַב פונ מאטעריאל א.א.וו. אָבער אויכ דאָ פילט זיכ ניט, אז עס זאָל שארפ אונטערגעשטראָכנ אונ דערקלערט ווערנ די עוואָליוציע פונ גאָדינערס געשטאלטנ־סיסטעמ מיטנ אידעאָלאָגישנ וווקס פונ שרײַבער גופע. אָנשטאָט דעמ ווערט געשענקט די גרעסטע אופמערקזאמקײַט דער אויסטײַטשונג אונ קאָמענטירונג פונ דער סאָציִאל־פּסיכאָלאָגישער כאראקטעריסטיק פונ טיפּאזש. ס'קומט אָפּט אויס, אז די עוואָליוציע פונ די טיפּנ אינ גאָדינערס ווערק גייט נאָר פּאראלעל מיטנ וווקס פונ גאָדינערס אידעאָלאָגיע אונ ניט ווי א רעזולטאט פונ איר. אזוי צ. ב. שרײַבט טאקע דער כ' דונעצ: „ניט נאָר די טיפּנ־גאלעריי, נאָר אויכ גאָדינער אליינ מאכט די גאנצע צײַט דורכ אנ עוואָליוציע פונ עמאָציִאָנעל־אינטויִטיוונ פעסימיזמ צו ראציִאָנאליסטישנ

אָפּטימיזם״. אָדער: גאָדינער ארבעט „פּאראלעל איבער זיך און איבער
דער טיפן־גאלעריי״.

צוליב דעם באקומט זיך שוין אויך פאָלגנדיקעס: כ׳ דונעצ דערקלערט דעם איבערגע־
וויכט פון די „פּאציפיסטישע מאָטיוון״ איבער די „רעוואָליוציאָנערע מאָטיוון״ אין גאָדי־
נערס „דעם מענטש מיטן ביקס״, ווי א רעזולטאט פון דעם, וואָס דאָס ווערק איז „אן עכאָ
פון דעמאָביליזאציע־צעפאלונג״. אין דער צייַט, ווען מיר שטעלן די פראגע, אז די אידיי
פון שרייַבער איז דער אָרגאניזירנדיקער פאקטער אין ווערק.

מיט דעמזעלבן פעלער איז אויך געבונדן כ׳ דונעצס אייַנשטעלונג בענעגייע דער ראָל
פון פייזאזש ׳אין אָרלאנדס „הרעבליעס״, דאָס, וואָס עס האָט שוין אָנגעוויזן דער כ׳ בראָנ־
שטיין אין זייַן „ליטעראריש־קריטישע סאכאקלען״. כ׳ דונעצ האלט, אז דער פייזאזש בא־
אָרלאנדן שטעלט מיט זיך פאָר א „קינסטלעכע באהעפטונג״ אין ווערק.

> „אָפּטמאָל,—שרייַבט כ׳ דונעצ,—דאכט זיך אפילע אויס, אז נאטור־צייכענונגען
> בילדן פּאָשעטע אפּליקאציעס, אָדער אינקרוסטאציע־שטיקער״.

דער אויספיר פון כ׳ דונעצ וועגן דעם, אז דער אופקום פון נאטור־שילדערונגען אין
דער יידישער סאָוועטישער פּראָזע איז א רעזולטאט פון „ייִדן אפ ערד און בא ארבעט״,—
פארטיפערט נאָך דעמדאָזיקן פעלער, וואָדעם דאָס הייסט ארויספירן אלס קלאל דעם פרי־
מאט פון מאטעריִאל. וויבאלד, הייסט עס, די טעמע פון „הרעבליעס״ איז „ייִדן אפ ערד״,
מוזן שוין בעמיילע קומען נאטור־בילדער, און עס ווערט בארעכטיקט זייער אפּליקאציע־
כאראקטער.

מיר גייען איבער צו די ארטיקלען וועגן די דרייַ שרייַבער אין פוילן (פוקס, ווארַ־
שאווסקי, הוראָנטשיק). כ׳ דונעצ באטראכט זיי אלעמען קימאט, ווי מיטלויפער פון דער
רעוואָליוציאָנערער ייִדישער ליטעראטור אין אויסלאנד. אויב בענעגייע פוקסן איז דידאָ־
זיקע אָפּשאצונג, באזונדערס, ווען עס רעדט זיך וועגן זייַנע ערשטע נאָוועלן, מער ווייני־
קער א ריכטיקע, איז זי אָבער בענעגייע די לעצטע צוויי ניט קיין ריכטיקע. איבערהויפּט
שטיצט זיך דאָ דער כ׳ דונעצ אפ דעם, וואָס די טעמאטיק בא דידאָזיקע שרייַבער איז פון
האָרעפּאשנעם לעבן און פון דער ארבעטער־באוועגונג (הוראָנטשיק), אָדער ווייַל דער מעטאָד
פון שרייַבער איז א נאטוראליסטישער (ווארשאווסקי). וועלן מיר באטראכטן יעדערן פון
זיי באזונדער.

וועגן ווארשאווסקין שרייַבט דער כ׳ דונעצ פאָלגנדיקעס:

> „ווארשאווסקיס „שמוגליארעס״ און אויך „שניט־צייַט״ זייַנען אימפּולסירט בלויז
> פון הינטער־לאנד־געשעענישן. דערמיט, מיסטאָמע, דערקלערט זיך אויך דאָס, וואָס
> סאָציִאלע קאָנפליקטן, וועלכע ליגן אין גרונט פון דער אימפּעריִאליסטישער מילכאָמע,
> האָבן בא ווארשאווסקין אָפּגעטראָטן דעם אָרט פאר קליינינקע טראגעדיעס פון
> א קליינינקן שיכט און פון זייַנע העלדן. אין דעם דארף מען שוין, מיסטאָמע, אויך
> זוכן דעם ענטפער דערויף, לעמיי מע פילט ניט אין דידאָזיקע טעמאטיש בוילעטע
> ביכער דעם שרייַבערס סאָציִאלע אָריִענטאציע, לעמיי אפ זיי ליגט דער שטעמפּל פון
> געזעלשאפטלעכערע אינדיפערענטקייַט״.

און ווייַטער:

> „אייזער ווארשאווסקי האָט זיך געהאָדעוועט אין דער „ווידערשפעניקער״ ווייַסנ־
> בערגס ליטעראַרישער שול. מיט זייַן גאנצן קינסטלערישן מעהוס איז ווארשאווסקי
> א שפּיי אין פּאָנעם דעם שטעטל פון די שלוימע נאָגידס. עמעס, ווארשאווסקי גיט
> אויך ניט ווייַסנבערגס האלב־פּראָלעטארישע, פון ערעוו־רעוואָליוציע, שטעטל־טיפּן:
> א קינד פון אן אנדער עפּאָכע—פון דער מילכאָמע־עפּאָכע און ניט פון דעם ערעוו־

פינפטן יאָר—האָט וואַרשאַווסקי ניט געאָטעמט מיטן גײַסט פון אופשטאַנד־אַנוווּקס. אין דער מילכאָמע, וואָס האָט אים באַײַנפלוסט, האָט ער קיין סאָציִאַלע באַפאַרבונג ניט געקאָנט זען".

מיר וועלן זיך ניט אָפּשטעלן אָפּ די פאָרמולירונגען אין די געבראַכטע ציטאַטעס, וואָס באַרעכטיקן און פאַרענטפערן דעם שרײַבער, ניט אַרויסשטעלנדיק צו אים קיין סאָציִאַל־העכערע פאָדערונגען צוליב דעם, נאָר ווײַל זײַן טעמאַטיק איז אַ „באַגרענעצטע" („הינטערלאַנד־געשעענישן", „קלייניקע טראַגעדיעס פון אַ קליינינקן שיכט"), אָדער צוליב דעם, וואָס ער איז „אַ קינד פון אַן אַנדער עפּאָכע—פון דער מילכאָמע־עפּאָכע און ניט פון דעם ער/וו פינפטן יאָר". עס איז קלאָר, אַז ניט די געשעענישן פון הינטערלאַנד און פון דער דײַטשישער אָקופּאַציע האָבן באַשטימט די אידיי פון ווערק, נאָר דער קלאַסן־צוגאַנג פון שרײַבער צו די געשעענישן, וואָס ע ר האָט אין זיי געזען.

מיר וועלן זיך אָפּשטעלן אָפּ דונעצס אַרגומענט וועגן וואַרשאַווסקיס נאַטוראַליסטישן אַרט שילדערן. וואַרשאַווסקיס נאַטוראַליזם איז, ריכטיק, אַן אויסדרוק פון ניט קענען סינטעזירן, פאַרשווימען ווערן אין די דעטאַלן פון די הינטערלאַנד־געשעענישן. דאָך אָבער קען מען ניט זאָגן, אַז וואַרשאַווסקי מאַכט ניט קיינע אויספירן, אַז אָפּ זײַנע ווערק ליגט, ווי עס שרײַבט כ׳ דונעץ, דער שטעמפּל פון „סאָציִאַלער דעזאָריענטאַציע און אידייענלאָזיקייט", אָדער אַז בא אים איז אָביעקטיווע (כ׳ דונעץ דריקט זיך אויס „אומיטלבאַרער וויטיק") „דערינערונג־אויסלאָדונג". וואַרשאַווסקי שילדערט דעם הינטערלאַנד פון דער מילכאָמע אין פּוילן—די ברוטאַלע עקספּלואַטאַציע פון דעם דײַטשישן אימפּעריִאַליסטישן אָקופּאַנט אין פּוילן,—ווי אַן אויסדריק בלויז פון כײַישקײַט, פון פאַרלירן דאָס מענטשלעכע געשטאַלט א. א. וו. די מענטשן לײַדן בא אים שטום, גריבלען זיך אין די נאַרעס, וווהין די דײַטשישע פעלדפעבעלס און יונקערס האָבן זיי אַרײַנגעוואָרפן. זייער גאַנצער, מישטיינס געזאָגט, „פּראָטעסט" דריקט זיך אויס אין צופּאַסן זיך צו די באַגרענעצטע מעגלעכקײַטן פון ספּעקוליאַציע, אויסנוצנדיק די צעפּוילטקײַט און צעלייגונג פון דער דײַטשישער אָקופּאַנטישער מאַכט. צי באַטײַט עס ניט קיין פּאַציפיזם בענעגייע דערדאָזיקער ברוטאַליטעט, וועלכע האָט געראַפט געגומענ ווערן אין ליכט פון די קלאַסן־שלאַכטן אין דער אימפּעריִאַליסטישער מילכאָמע? אויב באַפרידיקן זיך מיט דער אַנטבלויזטער דעמאָראַליזאַציע און כײַישע האַנדלונגען פון די דײַטשישע וואַכמײַסטערס אינעם ווערק, קען מען דאָך דאָסזעלבע אין אַ פּיל נאָך גרעסערער מאָס זאָגן וועגן אַ גרויסן טייל פּאַציפיסטישע ווערק, וואָס זײַנען דערשינען נאָך דער מילכאָמע, באַזונדערס וועגן רעמאַרקס „אויפן מײַרעוו־פראָנט ניטאָ קיין נײַס"? כ׳ דונעץ האַלט עס פאַר „אָביעקטיוו־רעוואָליוציִאָניזירנדיק", ער באַנוגנט זיך מיט דער דערקלערונג:

„שטעטל—דאָס איז די סוויווע, שמוגלערס—דאָס איז דער מענטשן־מאַטעריִאַל, וואַרשאַווסקי איז אין די גרענעצן פון שטעטל און אין פּסיכישן קלעם פון זײַן פּערסאָנאַזש".

ניין, וואַרשאַווקי איז דאָ ניט אין „פּסיכישן קלעם פון זײַנע פּערסאָנאַזשן", בא אים איז ניטאָ קיין „געזעלשאַפטלעכע אינדעפּערענטקײַט", נאָר ער טרעט דאָ אַרויס אַלס אידעאָלאָג פון זײַנע פּערסאָנאַזשן, וואָס זוכן בלויז שפּאַרונקעלעך אָפּ דורכצולעבן זיך. די אויפגאַבע פון דער מאַרקסיסטישער קריטיק איז אויפצודעקן דידאָזיקע טענדענצן און דערווײַזן, ווי ווײַט דאָס קען נ י ט טראָגן קיין רעוואָליוציִאָניזירנדיקן כאַראַקטער.

אַ פעלער האָט אויך דערלאָזן דער כ׳ דונעץ אין זײַן אַלגעמיין־ריכטיקער אָפּשאַצונג פון האַראָנטשיקן. האַראָנטשיק האָט זײַנע ערשטע שריט, עמעס, געמאַכט מיט דער בראָכע פון ווײַסנבערגן, וועלכער האָט אים ניט בלויז אַטעסטירט אַלס שרײַבער, נאָר קאָנקרעט אַרויסגעהאָלפן אים מיט אַ דעמאַסקירנדיקן פאַרשאַרפטן קאַפּיטל וועגן דער דעגענעריטער

ליטעראַרישער וואַנצן־קיבעצאַרניע פון וואַרשעווער ליטעראַטן־פאַריין („פאַרפלאָנטערטע וועגן״). נאָכן דערשײַנען פון דעמדאָזיקן בוך און דעם קאַבאָלעס־פּאָנעם, וואָס עס האָט באַקומען פון די בורזשואַזע און קלײנבירגערלעכע „ליטעראַטור־מעווינים״ אין וואַרשע, האָט האַראָנטשיק גלײַך דערפילט, אַז ער לײַדט „צוליב פרעמדע זינד״, אַז די עמעסע אידײיִשע קריוועשאַפט האָט ער גאָר מיטן בורזשואַז־קלײנבירגערלעכן לאַגער, איז ער געקראָכן אַף אַלע פיר פאַר די לײַט פון די „ליטעראַרישע בלעטער״ און האָט געשוואָרן געטרײַשאַפט דעם סאָציִאַל־פאַשיסטישן „בונד״. דידאָזיקע „עוואָליוציע״ שפּיגלט זיך אויך אָפּ אין זײַנע ווערק. אָנגעהויבן פון די קלוימערשט־ווײַסנבערגיִאַנישע „פאַרפלאָנטערטע וועגן״, דורך די האַלב־טשוועדיקע „אין גערויש פון מאַשינען״, ווו ער שטרעקט שוין אויס די האַנט צו די נאַציִאָנאַל־ און סאָציִאַל־פאַשיסטישע קרײַזן, פאַרענדיקנדיק מיט „1905״, אין וועלכן ער שנײַדט שוין צו די געשיכטע פון דער אַרבעטער־באַוועגונג לויט די בונדישע סאָציִאַל־פאַשיסטישע רעצעפּטן.

כ׳ דונעצ, אָנווײַזנדיק, אַז האַראָנטשיק שנײַדט צו די אַרבעטער־באַוועגונג לויט אַ בונדישער מעסטל, זאָגט אָבער אַרויס די מײנונג, אַז האַראָנטשיק געהערט צו די „אָפּאָזיציִאָנעל־געשטימטע״ שרײַבער אין פּוילן, אַז „אין דער ייִדישער ליטעראַטור פון פּוילן איז האַראָנטשיקס בוך („אין גערויש פון מאַשינען״—ד. צ.) דאָך אַ לופטשיק אין דער אַרבעטער־גאַס אַרײַן״. אַף וואָס פאַר אַ גרונט?

כ׳ דונעצ שאַצט אַלײן זײער ריכטיק אָפּ דעם צושטאַנד פון דער הערשנדיקער געזעלשאַפטלעכקײַט אין פאַשיסטישן פּוילן און פון אירע בורזשואַז־קלײנבירגערלעכע קאָכלעפל אין דער ייִדישער ליטעראַטור (דאָ דאַרף מען נאָר אויפמערקזאַם מאַכן אַף דער פאַלשער פאָרמולירונג וועגן „אידײיענלאָזיקײַט״ פון דער הערשנדיקער אַטמאָספער אין פּוילן. די הערשנדיקע אַטמאָספער אין פּוילן האָט אירע בורזשואַזע אידײען, מיט וועלכע זי באַמיט זיך צו באַאײַנפלוסן די אַרבעטער און אַרבעטנדיקע מאַסן. ווען מיר רײדן וועגן קריזיס פון דער קאַפּיטאַליסטישער קולטור, שטרײַכן מיר בלויז אונטער איר צעפוילונג, וואָס איז פאַרבונדן מיטן אַלגעמײנעם קריזיס, איר ירידע און דעגענעראַציע, די אומפײיִקײַט צו שאַפן נײַע ווערטן פון קולטור). וועגן האַראָנטשיקס אין „גערויש פון מאַשינען״ ווײַזט כ׳ דונעצ אין אַ געוויסער מאָס ריכטיק אויף דעם פּוילן ווערט פון ווערק, אין וועלכן ער מערקט אויך אָן פאַשיזירנדיקע טענדענצן (האַראָנטשיק לערנט געשיכטע פון דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג באַם „בונד״ א. א. וו.) אָבער דעם כ׳ דונעצ האָט דאָ ווידער פאַרפירט די אַרבעטער־טעמאַטיק פון בוך, וואָס ווערט באַ אים אַן און פאַר זיך אַ סימען פון רעוואָליוציִאָנערישקײַט. באַוונדערס קען אַזאַ אײַנשטעלונג פאַרפירן, אַף וויפל די פאַשיסטישע און סאָציִאַל־פאַשיסטישע ליטעראַטור אָפּערירט איצט קעסיידער מיט אַרבעטער־טעמאַטיק און מאַנעווּרירט אַפילע מיט פּראָ־סאָוועטישער טעמאַטיק. זײ זוכן אויך צו „עפענען אַ לופטשיק אין דער אַרבעטער־גאַס״, אָבער נאָר קעדײ צו וואַרפן אַ שטײן. אין דעם לופטשיק, וואָס האַראָנטשיק עפנט מיט זײַן אַרבעטער־טעמאַטיק, קוקט ניט אַרויס קײן פרײַנט פון אַרבעטער־קלאַס און דער אַרבעטער־באַוועגונג, אויך ניט קײן „נאַיִווער קלײנבירגער״ ווי כ׳ דונעצ וויל אים פאָרשטעלן, נאָר אַן אָפענער מיטגײער פון „בונד״. אומזיסט פרווט זיך כ׳ דונעצ צו באַשיצן האַראָנטשיקן מיט אַזאַ סכאָלאַסטישער פראַזע, ווי:

„האַראָנטשיק איז אידײענלאָז, כאָטש ניט אידײען־פײַנטלעך, ניטאָ דאָ קײן גלויבן אין מענטשן, — כאָטש האַראָנטשיק איז ניט גלויבן־פײַנטלעך אין זײַן אומגלויבן״.

האַראָנטשיק האָט אויך אין זײַן שאַפן שוין קלאָר געמאָלדן, מיט וועלכע מענטשן ער איז, ווו איז זײַן אידײ און זײַן גלויבן. כ׳ דונעצ האָט פון דער „טעמאַטישער פּאָזיציע״ דעמדאָזיקן איקער פאַרזען.

א גרויסע ארבעט ווידמעט כ׳ דונעצ דעם נאציָאנאל־פאשיסטישנ ליטעראטור-קריטיקער ניגער. דער כ׳ דונעצ האָט זיכ דאָ פארגעבנ מיטנ ציל אופצודעקנ דעם סאָציַאלנ טאָכ פונ ניגערס „אקאדעמיזם“. דאָס איז א גרויסער פארדינסט אונ א וויכטיקע ארבעט, באזונדערס אפנ איצטיקנ עטאפ פונ פארשארפטע קאמפנ אינ דער ליטעראטור־מעטאָדאָלאָגיע. וואָרעם ניגער איז דאָכ געווענ דער קאנאָניזירטער דייע־זאָגער אינ דער ייִדישיסטישער פאר־אָקטיאבערישער ליטעראטור־קריטיק, אונ אויכ איצט אינ נאציָאנאל־ אונ סאָציַאליסטישנ לאגער אינ ייִדישנ אויסלאנד. ניגער איז דאָכ דאָרטנ פארוויגט אלס דער אָביעקטיווער „פינטעלע ייִד“־עסטעט אונ פרײַנט פונ יעדנ גרויסנ שאפנ אינ ייִדיש! דידאָזיקע מיינונג איז נאָכ טיילווײַז ניט אויסגעוואָרצלט אפילע בא אייניקע טוער אפנ ליטעראטור געביט אויכ בא אונדז אינ סאָוועטנפארבאנד אונ זי שפיגלט זיכ אָפ אינ ליטוואקאָווס אינטויִטיוויסטישע טעאָריעס, לעמאָשל, די מיינונג, אז בא די רעאקציָאנערע קריטיקער, אלא ניגער, זײַנענ דאָכ פאראנ געזונטע קערנער פונ „אָביעקטיווער קריטיק“ אונ אז מע קענ דידאָזיקע טיילנ, אָדער אפילע אָבזאצנ, ארויסרײַסנ פונ גאנצנ קאָנטעקסט אונ דערציִענ אפ זיי די פראָלע־טארישע יוגנט,—דידאָזיקע מיינונג האָט באקומענ איר בוילעטנ אויסדריק אינ דער בארים־טער אוקראַיִנישער כרעסטאָמאטיע פונ דער ייִדישער ליטעראטור-קריטיק. כ׳ דונעצס ארבעט איז דער שטארקסטער קלאפ איבער דידאָזיקע מיינונגענ אונ דעקט אופ דעם וועזנ פונ דער ייִדישיסטיש־עקלעקטישער ניגערישער קריטיק אונ די פאָדערונגענ, וועלכע ניגער האָט ארויסגעשטעלט פאר דער ייִדישער ליטעראטור, איינצײַטיק לייקנט דאָס אָפ אויכ דעם כ׳ ליטוואקאָווס פאלשע אײַנשטעלונג אינ זײַנ ניט לאנג דערשינענעם בוכ „אפ צוויי פראָנטנ“. כ׳ ליטוואקאָוו שרײַבט:

„ביז דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע האָט מענ צו דער ייִדישער ליטעראטור בא־וווּסזיניק ניט געשטעלט קיינ סאָציַאל־פאָליטישע פאָדערונגענ, האגאמ פאקטיש, אָביעקטיוו, האָט די באשטימטע סאָציַאל־פאָליטישע פאָדערונגענ באפרידיקט. מע האָט בא איר ניט געפאָדערט א סאָציַאל-פאָליטישע ציל־געווענדקײַט. („אפ צוויי פראָנטנ“ ז. 58“)

ווער, דער ארבעטער־קלאס האָט ניט געשטעלט קיינ פאָדערונגענ? אָדער גאָר די ייִדי־שיסטישע קריטיק? אונ עפשער ניגער? כ׳ ליטוואקאָוו גלויבט, זעט אויס, אפנ וואָרט דעם קריטיקער, ווענ ער דערמאָנט ניט „סאָציַאל־פאָליטישע פאָדערונגענ“ אונ רעדט ניט וועגנ קלאסנ אונ קלאסנ־קאמפ. כ׳ דונעצס אנאליז פונ דעמדאָזיקנ ניגערישנ „אקאדעמיזם“ איז א באדײַטנדיקע דעמאסקירונג פונ דידאָזיקע סאָציַאל־פאָליטישע פאָדערונגענ, וועלכע עס זײַנענ ארויסגעשטעלט געוואָרנ דער ליטעראטור, באזונדערס מיצאד די ייִדישע בורזשואזיע אונ קליינבירגערלעכע קריטיקער—אָט די פארטרעטער פונ דער ייִדישער בורזשואזיע אינ דער ליטעראטור.

מיר רעזומירנ: אינעם בוכ זײַנענ פאראנ מעכאניסטישע פעלערנ, וואָס טרעפנ זיכ באם כ׳ דונעצ, אָבער דער גאנצער זאמלבוכ איז א בוכ פונ קאמפ פאר די פאָזיציעס פונ מארק־סיזם־לענינִיזם אינ אונדזער ליטעראטור־קענטעניש. כ׳ דונעצ, ווי אונדזער גאנצע מארק־סיסטיש־לענינישע ליטעראטור־קריטיק, דארפ נאָכ מער פארשארפנ זײַנ וואכזאמקײַט, אויס־וואָרצלענ יעדנ רעשטל פונ מעכאניציזמ, קעדיי אינ זײַנ ארבעט אפנ געביט פונ דער ליטעראטור־קריטיק זיכ אופהייבנ אפנ לענינישנ עטאפ.

---

## באמערקונג פונ רעדאקציע.

דער ארטיקל פונ די כ״כ דאמעסעק אונ ציוויג הויבט אופ בלויז עטלעכע פראגעס, וואָס דארפנ אופגעהויבנ ווערנ אינ אנ ארטיקל וועגנ כ׳ דונעצס ליטעראריש־קריטישער ארבעט. א מער פאנאנדערגעוויקלטע אָפשאצונג פונ כ׳ דונעצס טעמאטישנ אונ פראקטישנ

קאמפ פאר לעניניזמ אונ מארקסיזמ אפנ ליטעראטור־פראָנט, װעט נאָכ געגעבנ װערנ אפ די זײַטנ פונ אונדזער זשורנאל. באזונדערס דארפ באהאנדלט װערנ די פראגע װעגנ דעמ טאָכ פונ כ׳ דונעצס שטעלנ די פראָבלעמ פונ „מאטעריאל“. די אױטערנ פונעמ ארטיקל פאלנ אײַינ ארײַנ אינ סוביעקטיװנ אידעאליזמ, װענ זײ לײקענענ אָפ דאָס אָביעקטיװע אינ קונסט־װערק; די ריכטיקע אָנװײַזונגענ, װאָס זײַנענ פאראנ אינעמ ארטיקל, װעלנ אָנ שומ סאָפעק מיטהעלפנ דער װײַטערדיקער פאנאנדערװיקלונג פונ זעלבסטקריטיק אינ אונדזערע אײגענע רײענ.

באזונדערס דארפ מענ אָנװײַזנ, אז די באשולדיקונג אינ אידעאליזירנ די אױסלענדישע ייִדישע ליטעראטור איז א ניט באגרינדעטע. אױב דער כ׳ דונעצ האָט אינ 1928־טנ יאָר גערעדט װעגנ האראָנטשיקנ ניט פארשארפט װי װעגנ א סאָציִאל־פאשיסטישנ שרײַבער, איז עס געװענ אפ יענעמ עטאפ, װענ עס האָט געקענט געמאָלט זײַנ א פרוװ צוציִענ האראָנ־טשיקנ צו אונדזער מיטלױפערישער ליטעראטור. כ׳ דונעצ האָט דאָכ אָבער לעצטנס אָפגעדרוקט א שארפנ ארטיקל קעגנ האראָנטשיקס סאָציִאל־פאשיסטישער „ארבע־טער־ליטעראטור“, דערמיט באװײַזנדיק די סאָציִאל־פאשיסטישע עװאָלױציע פונ האראָנטשיקנ.

די פאָרזיכטיקע באציִונג צו פוקסנ אונ װארשאװסקינ איז אױכ ניט קײנ כעט. פאר־קערט, מיר מוזנ זענ מיט אלע קױכעס אָפשפאלטנ פונ דער אױסלענדישער ייִדישער ליטע־ראטור דאָס, װאָס קענ װערנ אָפגעשפאָלטנ אונ אריבערגעפירט אפ די רעלסנ פונ מיט־לױפערײַ „לינקע“ קװיטשערײַ אונ טעאָריעס פונ „דורכױסיקער רעאקציִאָנערקײַט“ קענענ בלױז גיסנ װאסער אפ די רעדער פונ אונדזערע סאָנימ.

# ערשטע אלווייַסרוסישע באראטונג פונ די ייִדישע קאָמיוגישע שרייַבער.

פונ 12־טנ ביזנ 15־טנ יאנוואר איז אינ מינסק פאָרגעקומענ די ערשטע אלווייַסרוסישע באראטונג פונ די ייִדישע קאָמיוגישע שרייַבער. אפ דער באראטונג האָבנ אָנטיילגענומענ אלע קאָמיוגישע שרייַבער פונ ווייַסרוסלאנד, ארבעטער־שלאָגלער גערופענע אינ דער ליטעראטור, מיטגלידער פונ „בעלאפפ“ אונ טראמאָוועצעס.

די באראטונג האָט דעמאָנסטרירט א גרויסנ וווּקס פונ דער קאָמיוגישער ליטעראטור אינ ווייַסרוסלאנד, וועלכע איז לעצטנס געגאנגענ באזונדערס אפנ כעשבנ פונעמ צוּרופ פונ ארבעטער־שלאָגלער אינ דער ליטעראטור. עס האָט זיכ באזונדערס שארפ געלאָזט הערנ די שטימ פונ דער באראטונג קעגנ די פארשיידענע אָפּאָרטוניסטישע אייַנשטעלונגענ אינ דערדאָזיקער פראגע, וועגנ דעמ, אז מיר האָבנ ניט קיינ קאָמיוגישע ליטעראטור (ווי דאָס באהויפּטנ ליטוואקאָוו, קלעטניק אונ רעמיניק). דער קאמפ קעגנ דידאָזיקע אָפּאָרטוניסטישע אייַנשטעלונגענ האָט פארנומענ א באדייַטנדיקנ אָרט אינ די דעבאטנ איבער די פּאָרטראגנ פונ די כ״כ בראָנשטיינ, דובראָוויצקי, צארט אונ איטקינ, וועלכע זייַנענ געפירט געוואָרנ זאכלעכ אונ זייַנענ אינ גרונט געווענ געווידמעט די שפּעצישע פראגעס פונ אונדזער קאָמיוגישער ליטעראטור.

קאָנסטאטירנדיק דעמ באדייַטנדיקנ וווּקס פונ דער קאָמיוגישער ליטעראטור בא אונדז אינ ווייַסרוסלאנד (אינ די ווערק פונ די כ״כ יודלסאָנ, טאלאלייַ, אייַזיק קאהאנ, עליע קאהאנ, הארצמאנ, דעכטיאר, רייזינ, קאצאָוויטש, קאפלאנ, א. א.) האָט די באראטונג אייַנצייַטיק באזונדערס אונטערגעשטראָכנ דעמ מאָמענט, וואָס אינ די ווערק פונ אייניקע קאָמיוגיסטנ דיכטער (ליפשיצ, שווּעדיק א. א.) פילט זיכ ניט דער קאָמיוג, די קאָמיוגישע טעמאטיק. די באראטונג האָט אונטערגעשטראָכנ, אז די מיטגלידער פונ דער ייִדסעקציע בעלאפפ אונ באזונדערס די יוגנטלעכע שרייַבער האָבנ זיכ נאָכ ניט גענוג מאָבילזירט אפ אָפּשפּיגלענ אינ זייער שאפנ דעמ העלדישנ קאמפ פאר סאָציאַליסטישער בויונג, וואָס עס פירט דער קאָמיוג אונטער דער אָנפירונג פונ דער פארטיי, אז מיר האָבנ אינ אונדזער קאָמיוגישער ליטעראטור נאָכ זייער ווייניק אזוינע געשטאלטנ, וואָס זאָלנ קאָנענ דינענ פאר א בייַשפּיל פאר טויזנטער אונ מיליאָנענ, אז מיר האָבנ נאָכ ניט אינ דער ליטעראטור די געשטאלט פונ קאָמיוגיסט־ענטוזיאַסט. עס איז דער באראטונג אויסגעקומענ צו קאָנסטאטירנ, אז די קאָמיוגישע שרייַבער האָבנ נאָכ זייער ווייניק געטאָנ אפ צו ווייַזנ דעמ העלד פונ פינפיאָר, דעמ העלד פונ אונדזער סאָציאַליסטישער בויונג.

די כ״כ צארט אונ איטקינ האָבנ אינ זייערע פּאָרטראגנ גענוי אנאליזירט די שאפונגענ פונ די קאָמיוגישע דיכטער אונ שרייַבער אינ ווייַסרוסלאנד. די באראטונג האָט באוויזנ, אז אינ די שטעט אונ שטעטלעכ פונ ווייַסרוסלאנד, באזונדערס דאָרטנ. ווו עס זייַנענ פאראנ גרויסע אונטערנעמונגענ, וואקסנ נייַע קאדרענ פונ קאָמיוגישע שרייַבער. דעריבער איז ברייט באהאנדלט געוואָרנ אפ דער באראטונג די פראגע וועגנ שאפנ א פארברייטערטע נעצ פונ ליטקרייַזנ אינ די שטעט אונ שטעטלעכ פונ ווייַסרוסלאנד, וועלכע זאָלנ אָרגאני־

זירנ דידאָזיקע יונגע אָנפאנגער שרײַבער אונ אָנפירנ מיט זײער שעפערישער ארבעט. באזונדערס איז דער בעראטונג אויסגעקומענ שטארק אונטערצושטרײַכנ דאָס אָפשטײנ פונ אונדזער קריטיק אונ די אָפטמאָל זײער נידעריקע קוואליטעט פונ דער קריטיק איבער דער שלאָגלערישער ליטעראטור. די דעלעגאטנ פונ דער בעראטונג האָבנ גערופנ די עלטערע מארקסיסטישע קריטיקער ווידמענ מער אופמערקזאמקײַט דער שאפונג פונ די נײַע קאדרענ אונ באזונדערס פונ די קאָמיוגישע שרײַבער. די פאָרטראגנ אונ די דעבאטנ אפ דער בעראטונג זײַנענ געפירט געוואָרנ אינ שײַנ פונ כ׳ סטאלינס היסטאָרישנ בריוו אינ רעדאקציע פונ „פראָלעטארסקאיא רעוואָליוציא״, אונ זײַנענ באזונדערס געווענ געווענדעט קעגנ רעכטע אָפאָרטוניסטישע אײַנשטעלונגענ אינ דער יידישער ליטעראטור אונ קעגנ דעמ פוילנ ליבעראליזמ צו זײ, אונ קעגנ „לינקס״, קעגנ די פרווונ אָפצורײַסנ די קאָמיוגישע ליטעראטור פונ דער אלגעמײנער פראָלעטארישער ליטעראטור.

די בעראטונג האָט באופטראָגט אלע דעלעגאטנ ברײט פאנאנדערוויקלענ אפ די ערטער דעמ שעפערישנ איבערקוק פונ דער קאָמיוגישער ליטעראטור.

דעמ שעפערישנ איבערקוק פונ דער קאָמיוגישער ליטעראטור אונ דער ערשטער אלווײַסרוסישער בעראטונג פונ די יידישע קאָמיוגישע שרײַבער וועט אויכ זײַנ געווידמעט דער קומענדיקער נומער פונ זשורנאל „שטערנ״.

---

# עס הויבט אָנ דערשײַנענ דער „ליטקאָמיוג״

לויט דער איניציאַטיוו פונ רעדאקציע „יונגע גווארדיע״ אונ הויפט־ביוראָ פונ „ווסספּ״ הייבט אָנ דערשײַנענ באמ מעלוכישנ נאצמינר־פארלאג אינ אוקראַינע א צווייכאָדשימדיקער זאמלבוכ פונ קאָמיוגישער ליטעראטור— „ליט־קאָמיוג״. דער זאמלבוכ שטעלט פאר זיכ די אופגאבע צו אָרגאניזירנ די קאָמיוגישע אונ יוגנטלעכע שרײַבער אינ קאמפ פאר דורכפירנ אינ לעבנ די באשלוסנ פונ דער 1־טער אלוקראַינישער בעראטונג פונ די יידישע קאָמיוגישע שרײַבער, פאר שאפנ די ליטעראטור פונ פילמיליאָניקנ לענינישנ קאָמיוג.

עס איז אָנגעמערקט געוואָרנ א רעדקאָלעגיע אינ פאָלגנדנ באשטאנד: א. פעפער, בערדיטשעווסקי, כ. גילדינ, יא. לעזמאנ, א. גרינזייד, י. קאָטליאר, פ. אלטמאנ, נ. לוריע (אָדעס), ר. באליאסנע (קיִעוו), א. מאלאמוד (סטאלינא).

דער 1־טער נומ. פונעמ זאמלבוכ וועט דערשײַנענ ניט שפעטער פונעמ 1־טנ אפּרעל ה. י.

קעדיי דער זאמלבוכ זאָל דערשײַנענ צו דער צײַט אונ רעגולער, איז נייטיק דער מאקסימאל־אקטיווער כטייל אינ אימ פונ די קאָמיוגישע אונ פראָלעטארישע שרײַבער סײַ אינ שעפערישנ, סײַ אינ אָרגאניזאציאָנעלנ זינענ.

דער „ליטקאָמיוג״ דארפ ווי ווײַט מעגלעכ פאָפּוליאריזירט ווערנ צווישנ די שרײַבער שלאָגלער אינ דער ליטעראטור אונ צווישנ דער ארבעטער־געזעלשאפטלעכקײַט, די בעסטע קאָמיוגישע ווערק דארפנ צוגעשיקט ווערנ פאר דעמ זאמלבוכ (נאָוועלעס, לידער, דערציילונגענ, קריטיק, ארטיקלענ, עפּיגראמענ, הומאָר), ניט שפעטער ווי צומ 1־טנ מארט ה. י. אפנ אדרעס פונ רעדאקציע:

כארקאָוו.

**מעלוכישער נאצמינד־פארלאג**

**רעדאקציע „יונגע גווארדיע״ פארנ „ליטקאָמיוג״**

# אינהאלט פון זשורנאל „שטערן"
# פארן 1931 יאָר.

## ארטיקלען אפ פּאָליטישע טעמעס.



## בעלעטריסטיק.

# קריטיק אונ ביבליאָגראפיע.

---

**רעדקאָלעגיע:** י. בראָנשטיינ, כ. דונעץ, א. וואָלאָברינסקי, אי. כאריק, ל. קאצאָוויטש, ר. ראיק, ל. ראָזענהויז.

בײַלאַגע צום זשורנאל „שטערן" נומ. 1—2

# טעזיסן

## צום אלפארבאנדישן צוזאמענפאָר פון די ייִדישע פראָלעטארישע שרײַבער

מנסק.—1932.

# דער צושטאנד אפן ליטעראטור-פראָנט און די אופגאבעס פון דער ייִדישער פראָלעטארישער ליטעראטור אין פעריאָד פון רעקאָנסטרוקציע.

(טעזיסן פון כ׳ בראָנשטיין צום ערשטן אלפארבאנדישן צוזאמענפאָר פון די ייִדישע פראָלעטארישע שרײַבער).

1. דער אנטשיידנדיקסטער פאקטאָר פון אונדזער הײַנטצײַטיקײַט, א פאקטאָר פון אלוועלטלעכער היסטאָרישער וויכטיקײַט איז דער קאמף פון צוויי אנטאגאָניסטישע געזעלשאפטלעכע סיסטעמען: פון דער סאָציִאליסטישער סיסטעם (די סיסטעם פון פראָלעטארישער דיקטאטור און סאָציִאליסטישער בויונג) און דער קאפיטאליסטישער סיסטעם (די סיסטעם פוןווירטשאפטלעכער צעפוילונג און פאשיסטישער דיקטאטור, וואָס ווערט אופגעריסן דורך די קלעפּ פון דער אָנוואקסנדיקער אלוועלטלעכער קאָמוניסטישער רעוואָליוציע).

דער זיג פון פסס״ר אף די פראָנטן פון דעם 3־טן אנטשיידענעם יאָר פונעם פינפיאָר, די פערספעקטיוון פון צווייטן פינפיאָר, דער וווּקס פון דער אלוועלטלעכער קאָמוניסטישער באוועגונג, די אומופהערנדיקע געפאר פון אן אימפעריאַליסטישן אָנגריף קעגן פ.ס.ס.ר. — דעם פאָטערלאנד פון אלוועלטלעכן פראָלעטאריאט און פון די אונטערדריקטע ארבעטנדיקע — דאָס אלץ, גענומען אונטערן צייכן פונעם אָנוווּקס פון קראך פון דער אלוועלטלעכער קאפיטאליסטישער ווירטשאפט און פון דער אומופהערלעכער פאשיזאציע פון די בורזשואזע און סאָציאל־פשאָרע־מאכערישע פארטייען, שטרײַכט נאָך מער ווי ווען עס איז אונטער דעם באשליסנדיקן כאראקטער פון דעם לעצטן און אנטשיידענעם קאמף פון די צוויי אנטאגאָניסטישע סיסטעמען: די סאָציִאליסטישע און קאפיטאליסטישע.

2. אין שײַן פון דעמדאָזיקן קאמף דעקט זיך פולקום אוף דער קלאסן־טאָך פון קאמף פון צוויי קולטור־סיסטעמעס — די סיסטעם פון פראָלעטארישער קולטור (וואָס באקרוינט די לעניניסטע קולטור־רעוואָליוציע אין פסס״ר און דעם וווּקס פון פראָלעטארישער קולטור אין די לענדער פון קאפיטאל) און די סיסטעם פון דער בורזשואזע־פאשיסטישער קולטור (וואָס באקרוינט דעם פאשיסטישן מארש פון די בורזשואזע און מענשעוויסטישע קולטור־טרעגער קעגן פסס״ר, קעגן די ארבעטער און ארבעטנדיקע פון דער גאנצער וועלט) — און גייט אונטערן צייכן פון אומפארמײַדלעכער צעפוילונג, פון צוריקער צום מיטלאלטער, פון אידייִשער פאראָרעמונג, פון צעגויפוואקסן זיך מיטן קריגערישן פאשיזם מיטן אבסקוראנטיזם און אבסאָליוטער פינצטערניש פון בולוואר־כאלטורע.

3. ענדערנדיק, מיט א זיכערער האנט, דעם פּאָנעם פון א זעקסט כיילעק פון דעם ערדקוגל, אויסבויענדיק דעם פונדאמענט פון דער סאָציִאליסטישער עקאָנאָמיק, שאפנדיק א מאטע־

ריעלע באזע פאר ליקווידירן די קלאסן אין אונדזער לאנד אין צווייטן פינפיאָר, פאר א נאָך אין דער וועלט ניט געזעענעם קולטורעלן אופשטײַג פון מיליאָנען מאסן ארבעטער און ארבעטנדיקע, נעמט אײַן דער ארבעטער־קלאס פון פ.ס.ס.ר., אונטער דער אָנפירונג פון דער קאָמוניסטישער פארטיי, איין פאָזיציע נאָך דער אנדערער אפן פראָנט פון דער לענינישער קולטור־רעוואָליוציע. אין קאמף פאר דורכויסיקער איוורעדיקײַט, פאר אלגעמיינער פאָליטעכנישער בילדונג, פאר באהערשן די קאָמאנדיר־הויכן פון דער טעכניק, וויסנשאפט און קונסט, פאר באוואָפענען מיליאָנען מאסן ארבעטער און ארבעטנדיקע מיט די אידייען פון מארקס, ענגעלס, לענין און סטאלין שארפט אויס דער ארבעטער־קלאס פון פ.ס.ס.ר. זײַן רעוואָליוציאָנערן קלאסן־באוווסטזײַן און שאפט זײַן פראָלעטארישע קולטור, אלס א געווער פון ארבעטער־קלאס אין קאמף פארן סאָציאַליזם.

דערדאָזיקער קאמף פאר דער פראָלעטארישער קולטור, פאר דער מארקסיסטיש־לענינישער טעאָריע גייט דורך אין באדינגונגען פון פארשארפטע פרווון פון קלאסן־סוינע צו פארסאמען די קוואלן פון דער לענינישער טעאָריע מיטן סאם פון פאלסיפיקאציעס און אנטיפארטייִשער קאָנטרעוואָליוציאָנערער טראָצקיסטישער און אנד. קאָנטראבאנדע. דער ארבעטער־קלאס פון פ.ס.ס.ר., אָנגעפירט דורך דער באָלשעוויסטישער פארטיי, ענטפערט אף כ׳ סטאלינס בריוו מיטן פארשטארקן די באָלשעוויסטישע וואכזאמקייט און אומשפּאָרעדיקייט אין פראגעס פון לעניניזם, מיט אן אומבאראכמאָנעסדיקן קאמף קעגן דער קאָנטער־רעוואָליוציאָנערער, טראָצקיסטישער קאָנטראבאנדע, מיטן אויסוואָרצלען יעדע שפּור פון פוילן ליבעראליזם און מיטן פארטיפערטן לערנען זיך בא מארקסן, ענגעלסן, לענינען און סטאלינען.

4. קעגן די קאפיטוליאנטיש־ליקווידאטערישע, קאָנטער־רעוואָליוציאָנערע טראָצקיסטישע טעאָריִעס וועגן דער אומעגלעכקײַט פון שאפן א פראָלעטארישע קולטור, א פראָלעטארישע קונסט האָט דער ארבעטער־קלאס פון פ.ס.ס.ר. אונטער דער אָנפירונג פון דער קאָמוניסטישער פארטיי ניט נאָר פארפעסטיקט זײַנע קלאסן־פּאָזיציעס אפן קולטור־פראָנט, ניט נאָר, וואָס ער באשאפט זײַן פראָלעטארישע ליטעראטור, נאָר ער ווערט דער איינציקער אלוועלטלעכער קוואל פון שעפערישער ענערגיע, צוציִענדיק צו זיך די בעסטע פאָרשטייער פון דער בורזשואזער און קליינבירגערלעכער שרײַבערישער אינטעליגענץ, וואָס איבערצײַגט זיך טראָט בא טראָט אין דער צעפוילונג פון דער בורזשואזער געזעלשאפט און אין דער וואקסנדיקער קראפט פון דער סאָציאַליסטישער בויונג און פון דער פראָלעטארישער קולטור.

5. דער קאמף אפן ייִדישן קולטור־פראָנט, בא דער גאנצער ספעציפישקייט פון די קאָנקרעטע נאציאָנאלע באדינגונגען פון דעמדאָזיקן קאמף, איז א באשטאנד־טייל פון דעם אלגעמיינעם קאמף פון ארבעטער־קלאס פארן זיג פון דער איינהײַטלעכער אלוועלטלעכער קולטור פון פראָלעטאריאט, פון דער קולטור, וואָס איז פראָלעטאריש לויטן אינהאלט און נאציאָנאל לויט דער פאָרם. זײַענדיק אן אויסדרוק פון דיזעלביקע קלאסן־פארהעלטענישן אין קאמף פון די צוויי סיסטעמעס—סאָציאַליסטישע און קאפיטאליסטישע—כאראקטעריזירט זיך דער קאמף אפן ייִדישן קולטור־פראָנט אין אלגעמיין מיט דיזעלבע גרונט־שטריכן, וואָס זײַנען אויבן אָנגעמערקט געוואָרן.

6. די פאשיזאציע פון דער ייִדישער בורזשואזער און פון א טייל קליינבירגערלעכער אינטעליגענץ, איר אָפענער צענויפוואקסן זיך מיט דעם שווארצמייעדיקן ייִדישן שאָוויניזם און קלעריקאליזם, די קאטאסטראָפאלע פאראָרעמונג פון אירע שעפערישע מעגלעכקײַטן — דאָס אלץ קאָן ניט פארבאָרגן ווערן דורך קיינע צוגעפוצטע נאציאָנאליסטיש־ייִדישיסטישע פראזעס וועגן דעמאָקראטיע און דורך סאָציאַל־פאשיסטישער דעמאגאָגיע וועגן „ארבעטער־ליטעראטור“.

דאָס דעמאסקירן דעם שאָוויניסטישן און פאשיסטישן טאָך פון נאציאָנאל־סאָוועטיזם פון לייוויקס גרופּע (אמעריקע), די אָפענע פאשיסטישע, אנטיסאָוועטישע העצע, וואָס ווערט

סיסטעמאטיש דורכגעפירט דורך דער ייִדישיסטישער בורזשואזער און סאָציִאַל-פאשיסטישער ייִדישער ליטעראטור, דאָס אומפארשעמטע כיינדלען זיך מיט די סאמע רעאקציאָנערסטע עלעמענטן פון דעם ייִדישן קלעריקאליזם (דער צוזאמענשלוס פון „בונד“ מיט די קלעריקאלן, דער בלאָק פון די ייִדישיסטן מיט דער קלעריקאלער אָרגאניזאציע „יאנג ייִזראיעל“)—דאָס אלץ באגלייט מיט א שארפן פאלן פון דעם אידייִשן ניוואָ, מיט כאלטורעוען און פארקויפטקײַט, כאראקטעריזירט די ייִדישע בורזשואזע, סאָציִאַל־פאשיסטישע און נאציִאָנאליסטישע ליטעראטור אין די קאפיטאליסטישע לענדער.

7. אפן פאָן פון צעפוילונג פון דער ייִדישער בורזשואזער און קליינבירגערלעך־נאציִאָנאליסטישער ליטעראטור טיילט זיך אויס א קליינע, וואקלדיקע גרופע „לינקע“ שרײַבער וואָס זײַנען לאנגזאם און מיט גרויס מי גיוועור זייער אלטע בורזשואזע ירושע. די פארשארפונג פון קלאסן־קאמף אין די לענדער פון קאפיטאל, די פאשיזאציע פון רעזשים און דער אָנוווקס פון דער געפאר פון א מילכאָמע־ארויסטריט קעגן פ.ס.ס.ר. רײַסט אומבעראכמאָנעסדיק אראָפּ די מאסקעס פון דער בורזשואזער דעמאָקראטיע, פון דער בורזשואזער ליסנשאפט און פאציפיזם און דיפערענצירט אָט דידאָזיקע קליינצאָליקע גרופע, אריבער פירנדיק די בעסטע אף די רעלסן פון פארבינדעטע פון ארבעטער־קלאס (נאדיר אין אמעריקע) און פון וואקלענדיקע פרײַנט פון פ.ס.ס.ר. (בערגעלסאָן). מע דארף אונטערשטרײַכן די קליינצאָליקײַט פון דערדאָזיקער גרופע ליטערארישע מיטלויפער אין אויסלאנד, וואָס דערקלערט זיך מיט דער נאציִאָנאליסטישער און פאשיסטישער פראָפּאגאנדע, וואָס די בורזשואזע פירט צווישן דעם ייִדישן קליינבירגערטום, וועלכער ווערט צעקוועטשט אונטער די רעדער פון קאפיטאליסטישן קריזיס.

8. נאָר קליינצאָליקע, אָפּט אומלעגאלע קעמערלעך פון דער פראָלעטארישער ליטעראטו אף יענער זײַט גרענעץ, שטעלן פאר א פעסטע באזע אין קאמף פאר דער אלוועלטלעכער פראָלעטארישער רעוואָליוציע און פראָלעטארישער קולטור (פראָלעט־פען אין אמעריקע, די ארבעטער־שרײַבערישע גרופעס אין פוילן, גאליציע, ארגענטינע א. א.). באשפײַטע פון די בורזשואזע און קליינבירגערלעכע ליטערארישע סאלאָנען, נאָר ארומגערינגלטע מיט דער ליבע פון די רעוואָליוציִאָנערע מאסן, שטארקן זיך פון יאָר צו יאָר די קעמערלעך פון דער פראָלעטארישער ליטעראטור אין די לענדער פון קאפיטאל, בײַקומענדיק „די קינדער־קראנקײַטן“ פון וווקס, שעפנדיק זייערע קויכעס אין דעם ברידערלעכן פארבאנד מיט דער פראָלעטארישער ליטעראטור פון פ.ס.ס.ר.

9. אונטערשטרײַכנדיק די גרויסע רעוואָליוציִאָניזירנדיקע ווירקונג פון דער ייִדישער פראָלעטארישער ליטעראטור אין פסס״ר ניט נאָר אפן וווקס פון דער יונגער ייִדישער פראָלעטארישער ליטעראטור אין אויסלאנד, נאָר אויך אף דעם גאנג פון דער קלאסן־דיפערענציאציע פון דער גאנצער אויסלענדישער ייִדישער ליטעראטור, דארפן מיר אָבער געבן אן אומבעראכמאָנעסדיקן ווידערשטאנד יעטווידער בורזשואז־נאציִאָנאליסטישער שטעלונג צו דער פראָבלעם פון העגעמאָניע פון דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראטור „אין אלוועלטלעכן מאסשטאב“. דער אָפּאָרטוניזם און דער נאציִאָנאליזם פון דערדאָזיקער קאָנצעפּציע באשטייט דערין, וואָס באַם שטעלן די פראָבלעם פון העגעמאָניע ווערט גענומען די גאנצע ייִדישע ליטעראטור פון פ.ס.ס.ר. אין פלאן פון אן „איינהײַטלעכן שטראָם“, טעריטאָריִעל, אויסערן קלאסן־קאמף אף דעם ליטעראטור־פראָנט פון פ.ס.ס.ר. בא איר לינקאטשישער פראזעלאָגיע פארשמירט אזא שטעלונג צו דער פראָבלעם פון העגעמאָניע די געפאר פון בורזשואזער און באלעגופישער ליטעראטור אפן ייִדישן ליטעראטור־פראָנט אין פ.ס.ס.ר., זי נעמט אראָפּ די פראָבלעם פון איבער־ארבעטן דעם סאָוועטישן מיטלויפער אונטער דער אָנפירונג פון דער פראָלעטארישער ליטעראטור, זי טײַטשט אויס אָפּאָרטוניסטיש־פארברייטערט דעם צוזאמענשלוס

פון דער פראָלעטארישער און מיטלויפערישער ליטעראטור און דערשאצט ניט, ענדלעך, די שפּראָצונגען פון דער פראָלעטארישער ליטעראטור אין אויסלאנד.

10. די געשיכטע פון קאמף פאר דער העגעמאָניע פון דער ייִדישער פראָלעטארישער ליטעראטור אין פסס״ר האָט באוויזן אף א גאנצער ריי בײַשפּילן, אז די אינערלעכע עמיגראנטן, די בורזשואז־נאציאָנאליסטישע און יערידע־עלעמענטן פון דער ייִדישער ליטעראטור אין פסס״ר האָבן אונטערגעהאלטן און האלטן אונטער נאָך ביז איצט א פארבינדונג, זאָל עס זײַן א דירעקטע אָדער אן אומדירעקטע, מיט דער אויסלענדישער בורזשואז־נאציאָנאליסטישער ייִדישער ליטעראטור, פאָרזעצנדיק די טראדיציעס פון אן „איינהײַטלעכער" ייִדישער ליטעראטור. (דער מאניפעסט פון דער גרופּע „שטראָם" אין יאָר 1922, די מיטארבעטערשאפט פון די סאָוועטישע שרײַבער אין דעם בורזשואז־קלעריקאלן אויסלענדישן ייִדישן זשורנאל „מילגרוים", די מיטארבעטערשאפט פון אייניקע בורזשואז־נאציאָנאליסטישע און אפילע מיטלויפערישע שרײַבער אין די ווארשעווער ייִדישיסטישע און סאָציאל־פאשיסטישע „ליטערארישע בלעטער" א. א. וו.), לייזנדיק די פראָבלעם פון קולטור־ירושע און גײַסט פון נאציאָנאליסטישן און בורזשואזן פארשטיין די נאצקולטור.

11. די פראָבלעם פון דער נאציאָנאלער קולטור און פון דער קולטור־ירושע איז געוואָרן דאָס לאקמוס־פאפירל, וואָס האָט באשטימט און באשטימט ביז הײַנטיקן טאָג די שטופע פון דערנעענטערן זיך פון דער ייִד. שרײַבערישער מיטלויפערישער אינטעליגענץ צו דעם פאנאנדערוויקלען די לענינישע קולטור־רעוואָליוציע צווישן די מאסן פון די ייִדישע ארבעטער און ארבעטנדיקע. אופדעקנדיק דעם עמעסן קלאסן־זין פון „נאציאָנאלן פאפאָס" פון די ראדיקאל־נאציאָנאליסטן פון טיפּ לייוויק און דעם קלאסן־טאָך פון די נאציאָנאלע קולטור־אידעאלן פון דער ייִדישער פאשיסטישער און סאָציאל־פאשיסטישער ליטערארישער עזעלשאפטלעכקײַט — האָט די ייִדישע פראָלעטארישע ליטעראטור מיט מײַסים דערוויזן, ווי אזוי זי לייזט לעניניש, סטאליניש די פראָבלעם פון נאציאָנאלער קולטור און פון קולטור־ירושע, אָפּשלאָגנדיק די אטאקע, סײַ פון רעכטס — מיצאד די פארשיידענע קאָנטררעוואָליוציאָנערע נאציאָנאליסטישע עלעמענטן און פון „לינקס", מיצאד די נאציאָנאל־ניהיליסטן און „אינטערנאציאָנאליסטן", די מיטהעלפער פון גרויס־מעלוכישן שאָוויניזם (דער קאמף קעגן דעם ייִדישן נאצדעמאָקראטיזם אפן ליטעראטור־פראָנט, אפן טעאטער־פראָנט, אפן פראָנט פון אנשויילעכער קונסט).

12. די ניטמארקסיסטישע, אנטילענינישע שטעלונג פון דער פראָבלעם פון נאצ־קולטור און קולטור־ירושע האָט געהאַט אויך אן אָרט אין די רייען פון דער ייִדישער פראָלעטארישער ליטעראטור, וואָס האָט געבראכט צו פארקריפּלונגען אין דער פראקטיק און אין דער טעאָריע אף אונרזער ליטעראטור־פראָנט.

ארויסגייענדיק פון דער נאציאָנאליסטישער טראקטירונג פין דער פראָבלעם פון נאצ.־קולטור איז דער כ׳ נוסינאָוו אומפארמײַדלעך געקומען צו דער טראָצקיסטישער אָפּלייקענונג פון דער מעגלעכקײַט צו שאפן א ייִדישע פראָלעטארישע ליטעראטור און צו דער אידעאליזאציע פון די רעאקציאָנערע קויכעס אין דער ייִדישער ליטעראטור פון פ.ס.ס.ר. און אויסלאנד (דאָס פארטיידיקן קיפּניסן אין יאָר 1926 און שפּעטער דעם סימוואָליסט ניסטערן, דאָס פארשמירן דעם רעאקציאָנערן קלאסן־טאָך פון אפּאטאָשו).

ארויסגייענדיק פון דיזעלבע נאציאָנאליסטישע פּאָזיציעס, ניט באפרײַענדיק זיך אינגאנצן פון די רעצידיוון פון נאצ־מענשעוויזם, האָט דער כ׳ ליטוואקאָוו, שוין זײַענדיק א מיטגליד פון דער פארטיי, פאָרגעזעצט זײַן נאציאָנאליסטישע סיסטעם פון אָנשויונגען אף דער „נאציאָנאלער מיסיע" פון דעם ייִדישן פראָלעטאריאט, ווי דעם יורעש פון דער גאנצער ייִדישער קולטור (אײַנשליסלעך די רעאקציאָנער קלעריקאלע עלעמענטן אפילע) און אף דער נאציאָנאליסטישער קאָנצעפּציע פון דער געשיכטע פון דער ייִדישער ארבעטערבאוועגונג, ייִדישער שפּראך און ליטעראטור (די אָפּשאצונג פון די פאָרגייער פון דער ייִדישער

פּראָלעטארישער ליטעראטור, די אָפּשאצונג פון די קלאסיקער, פון אשן, ניסטערן, בערגלסאָנען, האלקינען, דאָס ניט דערשאצן די אָנהייבער פון דער אָקטיאבערישער ייִדישער פּראָלעטארישער ליטעראטור, די אידעאליזאציע פון „בונד״, דאָס אָפּלייקענען די קלאסן פונקציע פון דער פּאראָקטיאבערישער ייִדישער ליטעראטור א.א.וו.).

13. אין דער ליטערארישער פּראקטיק האָט דידאָזיקע נאציאָנאליסטישע און בורזשואזע אויסטײַטשונג פון דער נאצקולטור און קולטור־יערושע געבראכט צום קאמף קעגן דער ייִדישער פּראָלעטארישער ליטעראטור פון פ.ס.ס.ר., קעגן דער לענינישער קריטישער איבערארבעטונג פון דער קולטור־יערושע, און האָט אָביעקטיוו גענערט פארשיידענע טראָצקיסטישע בונדישע טעאָריעס וועגן דער אווטאָנאָמיע פון דער ייִדישער פּראָלעטארישער ליטעראטור־באוועגונג (דער ליטערארישער בונדיזם בא פעלדמאנען).

14. אפן „לינקן״ פלאנג האָט די פארקריפלונג פון דער פּראָבלעם פון נאצקולטור און קולטור־יערושע געבראכט צו דער טעאָריע פון א באשטימטן אָפּלייקענען די קולטור־יערושע, צו אן אנטידיאַלעקטישער „רעוויזיע״ פון דער געשיכטע פון דער ייִדישער ליטעראטור און צו א מעכאניסטישן אָפּרײַסן פאָרם פון אינהאלט באם לייזן די פראגע וועגן קולטור און ליטעראסור־יערושע (וועוויאָרקע).

15. דאָס אומפארמײַדלעכע צוזאמענקומען פון די רעכטע און „לינקע״ אָפּנייגן אין דער פראגע פון נאצקולטור און קולטור־יערושע האָט אן אָרט אויך אין פאָלגנדיקן פאל: די פילמאָליקע ארויסזאָגונגען פון דעם „מעסוירעניק״ ליטוואקאָוו וועגן דעם „פּוסטן כאָלעל״ אין וועלכן עס וואקסט קלוימערשט די ייִדישע סאָוועטישע ליטעראטור. זײַן פּרווו „דיאַלעקטיש״ צו בארעכטיקן די אָפּלייקענונג פון קולטור־יערושע און פון דער צווייטער זײַט דאָס פארשמירן די נאציאָנאליסטישע אידיי בא שאָלעם־אליכעמען; בא דעם „אָפּלייקענער״ און „אנטימעסוירעניק״ וועוויאָרקע — סײַ דאָ און סײַ דאָרטן ווערט מעכאניש צעריסן די איינהײַט פון פאָרם און אינהאלט באם שטעלן די פּראָבלעם פון קולטור־יערושע. (דער כ׳ ליטוואקאָוו לייקנט אָפּ די מעגלעכקײַט פון יארשענען ליטערארישע ווערק „מיטן א שוואנגער פאָרם״ און דער כ׳ וועוויאָרקע האלט פאר מעגלעך יארשענען שאָלעם־אליכעמע־דערפאר, וואָס שאָלעם־אליכעם האָט קלוימערשט ניט קיין אידיי).

16. די קולטור־יערושע דארף מען בעשומויפן ניט פארשטיין טראָצקיסטיש אין דעם זין, אז דער פּראָלעטאריאט דארף פריִער „פארייגענען די הײַנטצײַטיקע קולטור״ און דערנאָך ערשט שאפן זײַן קולטור. אזא ריס צווישן דעם פארייגענען די הײַנטצײַטיקע קולטור און דעם שאפן אן אייגענע קולטור ברענגט צו דער טראָצקיסטיש־מענשעוויסטישער ליקווידירערײַ אין דער פראגע פון דער פּראָלעטארישער קולטור און צו א ניטקריטישן בוקן זיך פאר דער קולטור־יערושע. אזא מין טראָצקיסטישער פארשטיין דאָס פארייגענען און דעם שאפן האָט אן אָרט בא דעם כאווער ליטוואקאָוו און האָט אים געבראכט אָף דער פּראקטיק צום אָפּלייקענען די פּראָלעטארישע ליטעראטור.

17. דער עסטעטיש־נאציאָנאליסטישער בוקן זיך פאר דער קולטור־יערושע איז בא די קעגנער פון דער ייִדישער פּראָלעטארישער קולטור און ליטעראטור באגלייט געוואָרן מיט א מענשעוויסטיש־אָביעקטיוויסטישן פארשטיין דעם פּראָצעס פון אויסבילדונג פון דער ייִדישער פּראָלעטארישער ליטעראטור, וואָס האָט געבראכט בא א גאנצע ריי כאווײרים (נוסינאָוו, ליטוואקאָוו, עפּשטיין א. אנד.) צו א ניטדערשאצן די ערשטע טריט פון דער ייִדישער פּראָלעטארישער ליטעראטור־באוועגונג (דאָס אָפּשאצן די ערשטע יאָרן פון דער ייִדישער פּראָלעטארישער ליטעראטור־באוועגונג ווי א פעריאָד פון ליטערארישער פּאָליטיק און ניט פון ליטערארישער שאפונג, אָדער ווי א „ליטערארישן קוריאָז״ און „טאראראם־ליטעראטור״)

18. דאָס ניטדיאַלעקטישע פארשטיין די פּראָבלעם פון פארייגענען די בורזשואזע קולטור און פון שאפן א פּראָלעטארישע קולטור האָט געבראכט אפן „לינקן״ פלאנג צום מעכאניסטישן פארשטיין דעם געשיכטלעכן פּראָצעס פון דער ייִדישער פּראָלעטארישער ליטעראטור,

ווי א לאבאראטארישער אקט פון „אויסטראכטן“ א פראלעטארישע ליטעראטור, עס האט געבראכט צו דער „לינקער“ פראזע וועגן „א ריינישקער“ פראלעטארישער ליטעראטור, ס׳האט געבראכט צום אראפנעמען די פראבלעם פון אריבערפירן די מיטלויפער אף די רעלסן פון פראלעטאריאט. דער אנטילענינישער כאראקטער פון די קאנצעפציעס פון די רעכטע און לינקאטשעס ברענגט זיי נאטירלעך אויך דא צו זייער צוזאמענשלוס (די טעאריע פון אן „איינהייטלעכן שטראם“ און „פארברייטערטן צוזאמענשלוס“ פון די כ״כ נוסינאוו, עפשטיין, ליטוואקאוו וואקסט אויס אונטער מעליצעדיקן טומל וועגן דער נויטיוענדיקייט צו שאפן א „הונדערטפראצענטיקע“ „ריינישקע“ פראלעטארישע ליטעראטור, וואס איז קלוימערשט איצט נאך ניטא).

19. צוזאמען מיט דער פראבלעם פון קולטור־ירושע איז אויך די פראבלעם פון מיטלויפעריי געווארן פון די ערשטע טריט פון דער אקטיאבערישער יידישער פראלעטארישער ליטעראטור א וויכטיקע פראבלעם פון דער טעאריע און פראקטיק פון דער פראלעטארישער ליטעראטור־באוועגונג. די אויסלענדישע בורזשואז־נאציאנאליסטישע און סאציאל־פאשיסטישע רעכילעסדיקע קאמפאניע וועגן די „שוידערלעכע מייסים“ פון דער דיקטאטור פון דער „יעווסעקציע“ אין דער יידישער סאוועטישער ליטעראטור, וועגן „די טשעקיסטישע מיטלען“ פון דרוק אף דער שעפערישער פרייהייט ווערט פולקאם אפגעלייקנט דורך יענער גרויסער און פרוכטבארער דערציערישער ארבעט, וואס די ארגאניזירטע יידישע פראלעטארישע ליטעראטור פון פ.ס.ס.ר. האט דורכגעמאכט אין דער סוויווע פון די ליטעראַרישע מיטלויפער, איבערדערציענדיק זיי, איבעראַרבעטנדיק זייער וואקלדיקע סאציאלע נאטור אין גייסט פון דער לענינישער לערע וועגן דער דיקטאטור פון פראלעטאריאט און וועגן אנפירן מיט די ארבעטנדיקע און איבעראנדערשן זיי.

20. אף דעם רעכטן און „לינקן“ פלאנג איז די פראבלעם פון מיטלויפעריי געלייזט געווארן אדער אין גייסט פון דער אפארטוניסטישער טעאריע, וועגן א „פארברייטערטן צוזאמענשלוס“ (ליטוואקאוו, נוסינאוו, עפשטיין) בא וועלכער די אנפירונג פון פראלעטאריאט ווערט פארביטן מיטן קורס אף אן „איינהייטלעכן שטראם“, אדער אין גייסט פון דער באגדאנאווישער צעכישקייט, וואס איזאלירט די פראלעטארישע ליטעראטור פון דעם גאנצן ליטעראַרישן פראצעס אונטער דעם אויסרייד פון איינהיטן איר „קלאסן־ריינקייט“. (ליטוואקאוו וועגן דער קאמיוגישער און ארבעטער־ליטעראטור).

ארייַנשפארנדיק די פראלעטארישע ליטעראטור אונטער אן אראנזשעריי־גלאז פון צעכישער שמאלקייט האט זיך דער באגדאנאווישער מענשעוויזם איבערגערופן מיט דער ליקווידאטארישער טראצקיסטישער טעאריע פון „פאריינעגען די היינטצייטיקע קולטור“ צוזאמענשליסנדיק זיך מיט איר (מיט דער טעאריע צומאל), אפילע אין איין און דערזעלבער פערזאן (כ. ליטוואקאוו).

21. די ריכטיקע לענינישע לייזונג פון דער פראבלעם פון מיטלויפעריי אין פארלויף פון דעם לעצטן יאר־צענדליק, וואס האט זיך אויסגעדריקט אין קענען אוועקשטעלן אף יעדן געגעבענעם עטאפ אנטשפרעכנדיקע קאנקרעטע אופגאבעס אף איבעראנדערשן די מיטלויפער, האט געזיכערט דעם וווקס פון דער גאנצער סאוועטישער ליטעראטור און פון דעם באוועגן זיך פארויס פון די בעסערע קאדרען מיטלויפער. די יידישע פראלעטארישע קריטיק, שטייענדיק אף דער וואך פון דער גענעראלער ליניע פון דער פארטיי אין דער ליטעראטור, האט ניט איינמאל געגעבן א ווידערשטאנד אלע רעכט־אפארטוניסטישע און לינקאטשישע אפנויגן אין דער שטעלונג פון דער פראבלעם פון מיטלויפעריי (די דיסקוסיע וועגן האלקינס בוך, די דיסקוסיע ארום קיפניסעס בוך, ארום ארלאנדס „הרעבלעס“ א.א.וו.).

22. מיט דער ריכטיקער שטעלונג פון דער פראבלעם פון קולטור־רעוואליוציע, נאציאנאלער קולטור, פראלעטארישער קולטור, פון דער פראבלעם פון מיטלויפעריי, מיט דעם קאמף קעגן אפארטוניזם און מענשעוויזם פון פארשיידענע קאלירן, האט די פארטיי באוואפנט די

פראָלעטאַרישע ליטעראַטור מיט א שאַרפן געווער פון ליטעראַטור־פּאָליטיק און האָט באשטימט אירע גרויסע דערפאָלגן. די פּאַרטייִשע אָנפירונג מיט דער ייִדישער ליטעראַטור אין פ.ס.ס.ר. האָט ניט איינמאָל ארויסגערופן א מעשוגענע העצע מיצאַד דער אויסלענדישער קאָנטררעוואָליוציע און אן אומצופרידנקײַט מיצאַד פאַרשיידענע אָפּאָרטוניסטן און עסטעטישע אגענטן פון דעם קלאַסן־פײַנט אין די רייען פון דער סאָוועטישער ליטעראַטור (איניען קוויטקאָ, האָפשטיין). אָבער אין פאַרלויף פון דעם יאָרצענדליק האָבן די בעסערע עלעמענטן פון דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור זיך איבערצײַגט אין דער פּרוכטבאַרקײַט פון דער אויסגעפּרוווטער פּאַרטייִשער אָנפירונג מיט דער ליטעראַטור, פאַרבינדנדיק זייער גורל מיט דער פּאַרטיי, אויסטײַלנדיק פון זייער סוויווע די בעסטע אין דער פּאַרטיי (דאָס ארײַנטרעטן פון דעם אָנגעזעענעם דיכטער כ׳ כאַריק א. א. אין דער קאָמפּאַרטיי).

23. אונטער דער אָנפירונג פון דער פּאַרטיי איז די ייִדישע פּראָלעטאַרישע ליטעראַטור פון פ.ס.ס.ר. אויסגעוואָקסן פון א קליין הײַפעלע ליטעראַרישע אויסשפּירער פון ארבעטער־קלאַס און א גרויסער מאַסאָווער ליטעראַרישער אָרגאַניזאַציע פון ארבעטער־קלאַס. די פאַרגרעסערונג פון דער צאָל מיטגלידער פון די ייִדסעקציעס „וואָאַפּפּ״, דער צופלוס פון ארבעטער אין דער אָרגאַניזאַציע, דער וווּקס פון פּאַרטײַיִשן און קאָמיוגישן יאָדער, דער קוואַליטאַטיווער וווּקס פון דער ליטעראַרישער ארבעט, דער קער מיטן פּאָנעם צו די אויפגאַבן פון דער סאָצבויונג — דאָס אַלץ זאָגט איידעס וועגן דעם, אז די ייִדישע פּראָלעטאַרישע ליטעראַטור פון פ.ס.ס.ר. איז די איינציקע פּרוכטבאַרע קראַפט, וואָס איז פעיִק צו באַוועגן פאָרויס די ייִדישע ליטעראַטור.

24. די גרונט־דעראָבערונג פון דער ייִדישער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור איז דער רוף פון די ארבעטער־שלאָגלער אין דער ליטעראַטור, ווי א גרויסער היסטאָרישער קער פון דער ייִדישער ליטעראַטור מיטן פּאָנעם צו דער סאָציאַליסטישער בויונג, מיטן פּאָנעם צו פאַרווירקלעכן לענינס אָנזאָג, אז „די ליטעראַטור דאַרף ווערן א טייל פון דער אַלגעמיינער פּראָלעטאַרישער זאַך״.

זײַענדיק אן אויסדרוק פון דעם קאָלאָסאַלן קולטורעלן וווּקס פון פּראָלעטאַריאַט און פון די ארבעטנדיקע פון פ.ס.ס.ר. אף דער באַזע פון די גרויסע ניצכוינעס פון דער סאָציאַליסטישער בויונג, בײַט ראַדיקאַל איבער דער רוף פון ארבעטער־שלאָגלער אין דער ליטעראַטור דעם פּאָנעם פון אונדזערע ליטעראַרישע אָרגאַניזאַציעס, דעם פּאָנעם פון אונדזער ליטעראַטור, איבערופנדיק זיך מיט די ערשטע שלאַכטן פון די ייִדישע סעקציעס פון „וואָאַפּפּ״ פאַרן ארבקאָר אין דער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור. עס פאַרשטאַרקט זיך דער דירעקטער אָנטייל פון דער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור אין דעם אַלטעגלעכן קאַמף פאַר דער סאָציאַליסטישער בויונג, עס פאַרשאַרפט זיך נאָך מער די קלאַסן־וואַכזאַמקײַט פון דער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור אין קאַמף קעגן פאַרשיידענע פײַנטלעכע ארויסטרעטונגען אפן ליטעראַרישן פראָנט, עס ענדערט זיך נאָך מער די טעמאַטיק אין דער זײַט פון קינסטלערישן באַווײַזן דעם ארבעטער, עס ווערן ארויסגעריסן מיטן וואָרצל די רעשטלעך פון בורזשואַזן אינדיווידואַליזם אין שרײַבערישן שטייגער, עס שאַפט זיך א נײַער טיפּ שרײַבער, א שרײַבער אן ארבעטער, א שרײַבער א קעמפער און בויער.

25. בײַקומענדיק אין פּראָצעס פון פאַרשאַרפטן קלאַסן־קאַמף אפן ליטעראַטור־פראָנט, אין פּראָצעס פון לערנען זיך און זעלבסטקריטיק יעטווידן דרוק פון דער בורזשואַזער און קליינבירגערלעכער קינסטלערישער סטיכיע (סענטימענטאַליזם, שמאָלע צעכישקײַט, שטייגעריזם, לאַקירונג, כאַלטורע א.א.וו.), באַוואָפנענדיק זיך מיט דער מאַרקסיסטיש־לענינישער וועלט־אָנשויונג, שמידן די ארבעטער־שלאָגלער, וואָס זײַנען געקומען אין דער ייִדישער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור, איינעם מיט די אַלטע קאַדרען, דעם דיאַלעקטיש־מאַטעריאַליסטישן שאַפונג־מעטאָד און רוקן זיך ארויס אַלץ מער און מער אף דער אַוואַנסצענע פון דער ייִדישער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור.

26. דער צורוף פון די ארבעטער־שלאָגלער אין דער ליטעראטור גייט דורך אין די באַדינגונגען פון פארשארפטן קלאסן־קאמף אין לאנד, אונטערן צייכן פון די אָנווײַזונגען פון כ' סטאלין וועגן דער נויטווענדיקייט צו שאפן אן אייגענע ארבעטער־אינטעליגענץ. אין קאמף אף צוויי פראָנטן, קעגן די אָפענע סאָנים פון צורוף פון די ארבעטער־שלאָגלער, קעגן דער אָפּאָרטוניסטישער ניטדערשאצונג פון דעם צורוף און קעגן דעם לינקאטשישן פארלויבן די ערשטע שעפערישע טריט פון די שלאָגלער, האָט די ייִדישע פראָלעטארישע ליטעראטור, אונטער דער אָנפירונג פון דער פארטיי, בא דעם נאָענטסטן אָנטייל פון קאָמיוג געזיכערט גראנדיִעזע פערספעקטיוון אף ארײַנציִען די ברייטע מאסן ארבעטער און ארבעטנדיקע אין דער זאך פון שאפן די מאגניטבויען פון דער ליטעראטור.

27. אונטערציִענדיק איר גאנצע שרײַבערישע מאסע צו די נײַע היסטאָרישע אופגאבן וואָס שטייען פאר דער פראָלעטארישער ליטעראטור אין צוזאמענהאנג מיט דער איבערבויונג פון דער ארבעט פון די „אפפן", קאָן די ייִדישע פראָלעטארישע ליטעראטור פאר די לעצטע צוויי יאָר מיט צופרידנהײַט קאָנסטאטירן א שארפן קער צו גוטן אין איר גאנצער מאסן־ארבעט. דער פראָלעטארישער שרײַבער האָט אין א באדײַטנדיקער מאָס צוריסן מיט די טראדיציעס פון קאבינעטישקײַט און אינדיווידואליסטישער אײַנגעשלאָסנקײַט, וואָס האָט געדראָט דעם וווקס פון דער פראָלעטארישער ליטעראטור. די סיסטעמאטישע ארויספאָרן אף די סאָציִאליסטישע נײַע בויונגען, אף די אונטערנעמונגען, אין די קאָלווירטן, דער אָנטייל אין בריגאדעס אף אויסצופילן קאָנקרעטע אופגאבן פון דער סאָציִאליסטישער בויונג, די פארשטארקטע פארבינדונג מיט דער צײַטונג—דאָס אלץ האָט מיטגעהאָלפן דעם באדײַטנדיקן קער אף ארײַנציִען די פראָלעטארישע שרײַבער אין אלטעגלעכן קאמף פארן סאָציִאליזם, האָט בארײַכערט זייער קלאסן־דערפארונג, געהעכערט זייער פאָליטישן באוווסטזײַן און האָט אין א באדײַטנדיקער מאָס ליקווידירט די רעשטלעך פון דער אָפּאָרטוניסטישער באַציִונג פון אייניקע גרופעס פראָלעטארישע שרײַבער צו די אלטעגלעכע אופגאבעס פון דער סאָציִאליסטישער בויונג.

28. אין צוזאמענהאנג מיטן קער מיטן פאָנעם צו די טאָגטעגלעכע אופגאבן פון דער סאָציִאליסטישער בויונג האָט די ייִדישע פראָלעטארישע ליטעראטור, פונקט ווי די גאנצע פארבאנדישע פראָלעטארישע ליטעראטור פאר די לעצטע יאָרן, געפירט א קאמף ניט נאָר קעגן דער רעכטער געפאר פון בורזשואז־עסטעטישן אָפּרײַסן די ליטעראטור פון די שלאכט־אופגאבעס פון דער טאָגטעגלעכקײַט, נאָר אויך קעגן די לעפישע און נעאָלעפישע (ליטפראָנטישע) אָנשויונגען אף דער ראָל פון דער טאָגטעגלעכקײַט און פונעם „פאקט" אין קאמף פאר דער פראָלעטארישער ליטעראטור. שטייענדיק אפן שטאנדפונקט פון דעם לענינישן פארשטיין די איינהײַט פון טעאָריע און פראקטיק, לייזנדיק די פראָבלעם פון „פאקט" אין שײַן פון דער דיִאלעקטיש־מאטעריִאליסטישער פראָבלעם פון אלגעמיינע און איינצלנעם, האָט די ייִדישע פראָלעטארישע ליטעראטור אָפּגעהאלטן א ריי גרויסע ניצחוינעס אינעם א קער טאָן זיך מיט פאָנעם צו דער טעמאטיק פון דער סאָציִאליסטישער רעקאָנסטרוקציע—צו דער ארבעטער־שער־פאבריקישער און קאָלווירטישער טעמאטיק.

29. די גרויסע היסטאָרישע ראָל פון אָט דעמדאָזיקן איִדעאָלאָגיש־טעמאטישן קער, וואָס איז אין טאָך אן ערשטראנגיקער אקט פון רעוואָליוציִאָנערן ענדערן די קלאסן־פארהעלטענישן אין דער געשיכטע פון דער ייִדישער ליטעראטור, וואָס איז אין א גרויסער מאָס אָקופירט געוועז ביז דער רעוואָליוציע פון דעם קליינשטעטלדיקן בעסמעדרעש־מארקשטייגער, באשטייט דערין, וואָס דער ייִדישער ארבעטער און ארבעטנדיקער האָט נאָך לאנגע יאָרן פון ליטערארישער בלאָקאדע זיך ארויסגעריסן אף דער אוואנסצענע פון דער ייִדישער ליטעראטור, און האָט גענומען ריידן וועגן זיך און וועגן זײַן קלאסן־זײַן. די פאָעטישע שאפונג פון גילדין, קושנעראָוו, כאריק, פעפער, כאשטשעוואצקי און פון א ריי יונגע פאָעטן (ועלדין, יודלסאָן א. אנד.), וואָס איז געווידמעט דער סאָציִאליסטישער בויונג;

די שאפונג פון די פּראָזאיִקער אַלבערטאָן, אבטשוק, גילדין, ראבין, גאָרדאָן, יאָפּע און פיל אנדערע גאַראַנטירט ווײַטערדיקע דערפאָלגן פון דער ייִדישער פּראָלעטארישער ליטעראַטור אין קאמף פאר דער ארבעטער־טעמאטיק—פאר דער טעמאטיק פון דער סאָצבויונג.

30. אונטערשטרײַכנדיק די קימאט פולשטענדיקע אָפּוועזנהײַט פון דער סאָוויעטישער טעמאטיק (דאָס באַווײַזן טוווע־גיגאנטן) און דעם שוואכן באַווײַזן די שווער־אינדר־סטריע, פארפעסטיקנדיק אירע דעראָבערטע פּאָזיציעס אפן פראָנט פון דער ארבעטערישער און קאָלווירטישער טעמאטיק, פירט די ייִדישע פּראָלעטארישע ליטעראַטור א קאמף אין די גרענעצן פון דער גאנצער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור קעגן פּסעוודאָ־ארבעטערישער, פּסעוודאָ־קאָלווירטישער טעמאטיק, וואָס ווערט געגעבן אין גײַסט פון בורזשואזער און קלײנבירגערלעכער לאַקירונג און סענטימענטאַלן סמאקעווען פון ליבעראַלע „ארבעטער־ליבהאָבער", קעגן דער רויטער כאַלטורע (טײַטש א. א.) און צופאסלערײַ, וואָס פארדעקט זיך מיט „באשרײַבונגען פון ארבעטער־לעבן".

גלײַכצײַטיק איז די נאָענטסטע אויפגאבע, וואָס שטייט פאר דער ייִדישער פּראָלעטארישער ליטעראַטור, בײַקומען דאָס סמאקעווען די עלעמענטן פון סטיכייִשקײַט און אָפּגעשטאַנענקײַט באם ווײַזן דעם ארבעטער (אבטשוק, אַלבערטאָן, זעלדין, גילדין א. אנד.) פאר ווײַזן דעם אוואנגארד פון ארבעטער־קלאס, פאר ווײַזן דעם העלד.

31. דאָס ווײַזן דעם העלד פון פינפיאָר—דאָס איז דער הויפּט־וועג פאר פאנאנדערוויקלען די ארבעטער־טעמאטיק אין דער ייִדישער פּראָלעטארישער ליטעראַטור. בײַקומען, פון איין זײַט די ליטפראָנטיש־קלײנבירגערלעכע אויסטײַטשונג פון דער צווישן־באַציִונג פון דער פערזענלעכקײַט מיטן קאָלעקטיוו און פון דער צווייטער זײַט, די ראָמאנטישע קלײנבירגערלעכע היפּערבאָלישקײַט און אידעאַליסטישע פּאטעטישקײַט, אין דעם איז די גאראנטיע פון שאפן א געשטאַלט פונעם העלד פון דער סאָציִאַליסטישער בויונג, וואָס דארף ווערן א מוסטער פאר נאָכמאכונגען.

32. דאָס געהערט אויך צו די פּרוּוון פון ווײַזן די העלדן פון בירגער־קריג און קעמפער פארן סאָציִאַליזם אין דער גאנצער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור. דאָס אַלמענטשלעך־קאָסמישע (פיניגבערג), אוואנטיוריסטיש־אויסערלעכע (אָרשאנסקי, וועוויאָרקע, נויעך לוריע, טײַטש א. אנד.). נייגונגען צו פּסיכאָגריבלערײַען (בערגעלסאָן, גאָדינער), דאָס ראָמאנטיש־אינדיווידואַליסטישע (בא דאָניעלן) ראָמאנטיש־פּאָלקיסטישע (בא אָרלאנדן), בונטאריש־סטיכייִשע און ביִאָלאָגישע (בא מארקישן, קולבאקן, יאנקעלעוויטשן, פינטשעווסקין, ליפשיצן א. אנד.)—יעדער מין פון אזא אופנעמען איז אן אויסדריק פון קלײנבירגערלעכע און בורזשואזע רעשטלעך ניט נאָר אין אונדזער מיטלויפערישער, נאָר אויך אין דער פּראָלעטארישער ליטעראַטור.

דאָס באַווײַזן די העראָיִק פון בירגער־קריג אין אייניקע דערציילונגען פון גילדין, גאָדינער יאפּע, ראבין, באזונדערס די גלענצנדע גאַלעריי העלדן פון אונטערערד, בירגער־קריג און פון דער סאָציִאַליסטישער בויונג אין דער שאפונג פון קושניראָוו „לעקערט", כאריקס „מיט לײַב און לעבן" און „קײַלעכדיקע וואָכן", פעפערס „פלאסטן" א. אנד.—דאָס זאָגט איידעס וועגן דעם, אז די ייִדישע פּראָלעטארישע ליטעראַטור שטייט אין גרונט אף א ריכטיקן וועג אין איר קאמף פארן ווײַזן דעם העלד.

די ערשטע פּרוּוון פון גילדינען אויסצואַרבעטן א זשאנר פון דער פּראָלעטארישער פּאטעטישער פּאָעמע אין פּלאן פון ווײַזן די גיגאנטן און די פירער פון דער אַלוועלטלעכער ארבעטער־באַוועגונג (לעניניאַדע, סטאַלין) דארף גערעכנט ווערן פאר א נויטיקן פּרוּוו אין קאמף פאר דער ווײַטערדיקער אנטוויקלונג פון דעמדאָזיקן זשאנר.

33. דער קאמף צו באַווײַזן דעם העלד, וואָס שטייט פאר דער ייִדישער פּראָלעטארישער ליטעראַטור ווי א היסטאָרישע הויפּט־אויפגאבע, וויקלט זיך פאנאנדער ווי א קאמף פארן דיִאַלעקטיש־מאַטעריִאַליסטישן ווײַזן דיווירקלעכקײַט, פארן דיִאַלעקטיש־מאַטעריִאַליסטישן

שעפערישן מעטאָד. דער קאַמף פאַרן מעטאָד וויקלט זיך פאַנאַנדער אין דער ייִדישער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור פּונקט ווי אין דער גאַנצער וואָפּפּישער ליטעראַטור אין דער ערשטער ריי אַרום דער פּראָבלעם פון „פּסיכאָלאָגיזם“. די פּראָפּאַגאַנדע פון ליטפּראָנטישן, ראַציאָנאַליזם שליסט זיך דאָ אָפּט איַין, און טיילמאָל אפילע אין איין פּערזאָן, מיט דעם בורזשואַזן פּסיכאָלאָגיזם, וואָס ווערט דערפירט ביז אינטויִטיוויסטישן סמאַקעווען דעם „איראַציאָנעלן העמשעך פון נעשאָמע-יעסאָד“ (ליטוואַקאָוו).

34. די געפאַר פון בורזשואַזן פּסיכאָלאָגיזם, פון פּאַסיווער זעלבסטגריבלעריַי איז גאַנץ באַדייַטנדיק אין דער ייִדישער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור, ווו די ווירקונג פון בערגעלסאָנען (דעם בורזשואַזן ייִדישן אימפּרעסיאָניסט) פילט זיך גאַנץ שטאַרק ניט נאָר בא די מיטלויפער, נאָר אויך אין דער ייִדישער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור. אונטער דער געפאַר פון שטענדיקן אַרייַנפאַלן אין פּאַסיווער רעזאָניערישקייַט און זעלבסטגריבלעריַי געפינט זיך גאָדינער (דזשים קופּערקאָפּ, אייניקע נאָוועלן זייַנע) — איינער פון די ערשטע קעמפער קעגן פּרימיטיוון שטייגעריזם אין דעד ייִדישער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור. אין אַ קלענערער מאָס, כאָטש דראָענדיק זייַנען דאָ אַרייַנפאַלן אין פּאַסיווער פּסיכאָלאָגיזירונג און בערגעלסאָנישער סטאַטישקייַט בא אַלבערטאָנען (שאַכטעס), פּערסאָוון (קאָנטראַקטאַציע).

די געפאַר פון רעזאָנערישקייַט און פּסיכאָלאָגישער סטיכיייִשקייַט רוקט זיך אויך אָן אַף דעם יונגן פּראָזאַיִקער ראַבין (נאָוועלן „אין לייַטערונג“ דער ראָמאַן „שוועסטערקינדער“).

דאָך איז אָבער די הויפּט-געפאַר אַף דער געגעבענער סטאַדיע פון דער אַנטוויקלונג פון דער ייִדישער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור, וועלכע איז ערשט אַרויסגעטראָטן אַפן וועג צו ליקווידירן איר עטנאָגראַפיש-שטייגערישע באַגרענעצטקייַט, דער שמאָל-נאַטוראַליסטישער שטייגעריזם (בא דאָלגאָפּאָלסקען, א. קאַהאַן, אָראָנסקי, טייַטש א. אנד.).

35. דער שמאָל-עמפּירישער נאַטוראַליזם, וואָס דריקט אויס אַ נידעריקן ניוואָ פון וועלט-אָנשויונג באַם פּראָלעטאַרישן שרייַבער, איז אַ גינסטיקער באָדן פאַר פאַרשיידענע סכעמאַטישע לאַקירער, וואָס קענען זיך ניט איבערבויען און פּאַסן זיך דעריבער צו. אַ ריי ווערק פון דער פּראָזע, פּאָעזיע און דראַמאַטורגיע ניט נאָר פון דער מיטלויפערישער, נאָר אויך פון דער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור זאָגן עדות וועגן דער דראָונג פון צופאַסלעריי און פון סכעמאַטיזם, וואָס וואַקסן ניט זעלטן אויס ביז פּאָשעטער כאַלטורע אין דער טעאָריע פון „רוויוואַרג“ (באַזונדערש טייַטש).

36. די פּראָבלעם פון סכעמאַטיזם אין דער ייִדישער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור איז ענג פאַרבונדן מיט דער פּראָבלעם פון דער נאַציאָנאַלער פאָרם. די נאַציאָנאַלע פאָרם, וואָס איז אַן אויסדרוק פון די נאַציאָנאַלע באַזונדערקייַטן ניט נאָר פון דער שפּראַך, נאָר אויך פון לעבן-שטייגער, פון קולטור-היסטאָרישע טראַדיציעס, א. א. ו. ווערט פאַרשמירט נאַטירלעך אין די ווערק פון די סכעמאַטיקער. דערפאַר אָבער ווייַזט זי זיך קלאָר אַרויס אין דער שאַפונג פון אַ ריי שרייַבער, וואָס זייַנען פרעמד דעם סכעמאַטיזם (אין דעם שאַפן פון כאַריקי, אַלבערטאָן, ראַבין, גאָרדאָן, אַבטשוק, גילדין, פּערסאָוו, יאָפע א. א. ו.) אַף אייניקע ווערק פון דער ייִדישער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור (אין דער ערשטער ריי אַף אַזוינע, ווי כאַריקס פּאָעמע „קייַלעכדיקע וואָכן“) ווייַזט זיך קלאָר אַרויס די לעניניסטישע טראַקטירונג פון דער פּראָבלעם פון דער נאַציאָנאַלער פאָרם אין קאַמף קעגן איר נאַצדעמאָקראַטישן פאַרשטיין, און קעגן (אָפּנייג צום גרויסהערשערישן שאָוויניזם) — דעם סכעמאַטיש-ניהיליסטישן איגנאָרירן זי.

37. די געפאַר פון סכעמאַטיזם טרעט גאַנץ אָפּט אַרויס דראָענדיק אין דער שאַפונג פון אַ ריי כאַווייריס, וואָס האָבן שאַרף זיך אַ קער געטאָן אַף די רעלסן פון דער פּאָליטישער ליד, פון דער טאָג-סאַטירע, פּאַמפלעט און ביכלאַל פון די אַזוי גערופענע „פונקציאָנעלע זשאַנרען“. האַלטנדיק פאַר אַ גרויסער דעראָבערונג פון דער ייִדישער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור דאָס פּערספּעקטיקן די „פונקציאָנעלע זשאַנרען“ אין דער ייִדישער פּראָלע־

שאַרישער ליטעראַטור, אין קאַמף קעגן לירישן „נייטראַליזם", דאַרף מען אָבער פירן אַ קאַמף קעגן דער געפאַר פון צײַטונג־רעפּאָרטאַזש, הוילער אַגיטקע און סכעמאַטיזם, (אין אײניקע לידער פון כאַשטשעוואַצקי, פינענבערג און ערטערוויַז אויך בײַ פעפערן און קושנירָאָוון).

38. די דערפאָלגן פון פאַמפלעט, פון דער פּאָליטישער און שטייגער־סאַטירע, פון פאָע־טישן פעליעטאָן, פאַראָדיע און מאַסן־ליד אין דער ייִדישער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור (גאָ־דינער, ראַבין, סיטאַ אין דער פּראָזע, כאַריק, פעפער, קושנירָאָוו, האַראַדאָקער א. אַנד. אין דער פּאָעזיִע) דאַרף מען פאַרטיפערן און מאַכן פאַר אַ דעראָבערונג פון דער גאַנצער ייִדי־שער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור, באַטראַכטנדיק דידאָזיקע זשאַנרען ווי אַ שאַרפן געווער אין קאַמף פאַר אַראָפּרײַסן אַלערליי מאַסקעס פון דעם פּאָנים פון קלאַסן־סוינע. פּרוּוון אויסצונוצן דידאָזיקע זשאַנרען באַמערקן זיך אויך אין דער ליטעראַטור פון די אַרבעטער־שלאָגלער. אַ באַזונדערע אויפמערקזאַמקײַט דאַרף געלייגט ווערן אויף דער מאַסן־ליד, וועלכע האָט אין דער פּערזאָן פון כ' פעפער איר טאַלאַנטפולן איניציִאַטער און שעפער.

39. אַ באַזונדער אָרט פאַרנעמט אין דער ייִדישער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור דער קאַמף פאַרן אָטשערק. אין קאַמף קעגן פאַרשיידענע פּײַנשמעקערישע טעאָריעס וועגן דער „אויסערליטעראַרישער" נאַטור פון אָטשערק, קעגן דער נעאָלעפּישער טראַקטירונג פון אָטשערק, קעגן דערפירן דעם אָטשערק צו עקזאָטישע „רײַזע־אײַנדריקן"—רוקט אַרויס די ייִדישע פּראָלעטאַרישע ליטעראַטור אַ ריי אָטשערקיסטן (אַלבערטאָן, סטרעלעץ, גאָרדאָן, נאָטע לוריע א. א.), וועלכע מאַכן אַ ריי פּרוכטבאַרע פּרוּוון צו שאַפן אַ פּראָלעטאַרישן אָטשערק, ליקווידירנדיק דערפאָלגרײַך די געפאַר פון רעפּאָרטאַזש, פון אידייִשער אָרעמקײַט, פאַר פאַרטייִשקײַט פון אָטשערק.

40. דער קאַמף פאַר פאַרטייִשקײַט אין דער ליטעראַטור, וואָס דרינגט דורך אונדזער גאַנצן קאַמף פאַר דער העגעמאָניע פון דער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור, דריקט זיך אויס אויך אין קאַמף פאַר באָלשעוויסטישן רייניקן די געשיכטע פון דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג פון טראָצקיסטישער קאָנטר־רעוואָליוציאָנערער קאָנטראַבאַנדע און פון נאַציִאָנאַ־ליסטישע בורזשואַזע און קליינבירגערלעכע פאַרקריפלער. דער קאַמף קעגן דער אידעאַ־ליזאַציע פון „בונד" און פון אַנדערע נאַצמענשעוויסטישע פאַרטייען איז זייער אַ פאַר־אַנטוואָרטלעכע אויפגאַבע אויף דער געגעבענער סטאַדיע פון קאַמף פאַר דער גענעראַלער ליניע פון דער פאַרטיי צווישן די ייִדישע אַרבעטער און אַרבעטנדיקע פאַר פאַרווירקלעכן די אויפגאַבעס, וואָס זײַנען אַרויסגערוקט געוואָרן דורך כ' סטאַלינס בריוו.

די ווערק פון קושנירָאָוון („לעקערט"), ראַבין („שוועסטערקינדער"), דאַניעל („יוליס") דאָלגאָפּאָלסקי („בײַ געעפנטע טויערן") זײַנען, האַגאַם אין פאַרשיידענער מאָס, מוסטערן פון אַרײַנציען דעם ייִדישן פּראָלעטאַרישן שרײַבער אין קאַמף פאַר דער באָלשעוויסטישער באַלויכטונג פון דער געשיכטע פון דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג. אָבער צוזאַמען דערמיט האָבן מיר אויך די אידעאַליזאַציע פון „בונד" אין ווערק פון שרײַבער (טײַטש בוך „די קאָרע פון סמאַרגאָן" א. אַנד.). פּונקט אַזוי פאַרדינען אויך אַ באַזונדער אויפמערק־זאַמקײַט די ערשטע פּרוּוון צו געבן דעם קאַמף פון דער פאַרטיי קעגן פאַרשיידענע אָפּנייגלער און סאָנים אירע (דאָס באַווײַזן די טראָצקיסטן אין די ווערק פון ראַבינען, אַבטשוקן א. אַנד.)

41. דער סאַמע שװאַכסטער באַצירק אויפן פראָנט פון דער ייִדישער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור איז די קאָמיוגישע ליטעראַטור, די ליטעראַטור וועגן קאָמיוג, וועגן זײַנע העל־דישע קאַמפן אויף די פראָנטן פון אונטערערד, בירגערקריג, פון לערנען זיך, פון סאָציִאַ־ליסטישער בויונג און פון זײַן אַלטעגלעכן לעבן. די קאָמיוגיסטן פון דעם פריִיִקן פעפער, וואָס זײַנען באַהויכט מיט אַ באַלאַדן־אַרטיקער העראָיִק און ראָמאַנטיק, זײַנען די אָנזאָגער

פון דערדאָזיקער ליטעראַטור. באַטווין — אַן אונטערערדישער קאָמיוגיסט, אַ קאָמיוגיסט, וואָס איז אין אַ געוויסער מאָס פאַרקריפּלט דורך דעם אויבערפלעכלעכן אוואַנטיורישן באַוויַיז באַ ווערוויאָרקען, די קאָמיוגיסטן אין אייניקע לידער פון אַלעווסקי, הארצמאַן, יודלסאָן, טאַלאַ־ליַיעווסקי, שטורמאַן א. אנד. אָט דאָס איז די גאַנצע קליינצאָליקע גאַלעריי פון קאָמיוג אין דער ייִדישער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור

דער שוואַכער צוזאַמענבונד פון דער ייִדישער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור מיטן לעניניש קאָמיוג, דערקלערט אין אַ באַדיַיטנדיקער מאָס אַ ריי ערנסטע אידעאָלאָגישע וואַקלונגען אין די רייען פון דער פּראָלעטאַרישער ליטעראַרישער יוגנט (קליינשטעטלדיק־קליינבירגערלעכע דעפּרעסיעס באַ אַליעווסקען, טאַלאַלייעווסקין; לירישער „נייטראַליזם" און אידייִשע אָרעמקיַיט באַ דריז, העלמאַנד; סטיכייִשקיַיט און אינדיווידואַליסטישע ראָמאַנטיק באַ די טאַלאַנטפולע יונגע פּראָלעטאַרישע שריַיבער הארצמאַן, לוריע, סיטאָ, גאָרדאָן, יודלסאָן, זעלדין, ליפשיץ, קאַמענעצקי, רעפּאָרטאַזש און סכעמאַטיזם באַ קאָטליאַר, שטורמאַן א. אנד.)

דאָס פאַרפעסטיקן דעם צוזאַמענבונד מיטן קאָמיוג און אַ פאַרשטאַרקטע אופמערקזאַמקיַיט דעם ליטעראַרישן יוגנוואַלד, באַ אַ פאַרשאַרפטער אופמערקזאַמקיַיט פון דער גאַנצער ייִדישער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור אַף דער נויטווענדיקיַיט צו באַוויַיזן דעם קאָמיוג אין דער ליטעראַטור, וועט זיַין דער בעסטער ענטפער אַף דעם קער פון קאָמיוג מיטן פּאָנים צו דער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור און דער סאַמע שאַרפסטער געווער אין קאַמף קעגן דער „ליקווידאַטאָריַי" אין דער פראַגע וועגן קאָמיוגישער ליטעראַטור (ליטוואַקאָוו).

42. נאָך ווייניקער איז פאַנאַנדערגעוויקלט די שעפערישע אַרבעט אַף באַוויַיזן דעם פּאָנים פון דער רויטער אַרמיי, אַף איַינשליסן זיך אין קאַמף קעגן דער אָנקומענדיקער געפאַר פון אימפּעריאַליסטישן מאַרש קעגן פ.ס.ס.ר. גאָדינערס „דער מענטש מיטן ביקס", וואָס איז דער ערשטער שעפערישער טראָט אין דער הינזיכט, אַ ריי דערציילונגען פון בירגערקריג באַ גילדינען, ערקעסן א. אנד., ברעגמאַנס אָטשערקן וועגן דער אימפּעראַליסטישער מילכאָמע, איינצלנע לידער און פּאָעמעס, וואָס זיַינען געווידמעט דער רויטער אַרמיי און פלאָט (פּעפער, גאָלדמאַן, יאַנקעלעוויטש, ליפשיץ, זעלדין א. אנד.), דעקן נאָך ניט דעם כּיוו, וואָס די ייִדישע פּראָלעטאַרישע ליטעראַטור קומט דער רויטער אַרמיי און פלאָט. די סימוואָלישע און פּסיכאָגריבלערישע אָפּנייגן אין גאָדינערס בוך „דער מענטש מיטן ביקס", די איבערגעטריבענע אופמערקזאַמקיַיט צו די פּאַרטיזאַניש־סטיכיִשע עלעמענטן און דער אויבערפלעכלעך - אוואַנטיורישער באַוויַיזן די טעטיקיַיט פון דער רויטער אַרמיי (גילדין, יאַנקעלעוויטש, ערקעס), דאָס אַריַינפאַלן אין ביִאָלאָגיזם און הומאַניזם אין ברעגמאַנס בוך וועגן דער אימפּעראַליסטישער מילכאָמע, דאָס אַריַינפאַלן אין פּאַציפיזם באַ פינינבערגן; דאָס, וואָס עס פעלט קימאַט אינגאַנצן דאָס באַוויַיזן די אַלטעגלעכקיַיט פון דער רויטער אַרמיי (אויסער אייניקע סכעמאַטישע לידער און דערציילונגען) באַ וויַינהויזן א. אנד. — דאָס אַלץ צווינגט די ייִדישע פּראָלעטאַרישע ליטעראַטור צו לייגן אַ באַזונדערע אופמערקזאַמקייט אַף דעמדאָזיקן געביט. מען דאַרף באַמערקן, אַז איינער פון די טאַלאַנטפולסטע מיטלויפער, דער פּאָעט אַקסעלראָד, וואָס איז די לעצטע יאָרן אַנטשוויגן געוואָרן, האָט איצט געמאַכט אַ ראַדיקאַלן קער אין דער זיַיט פון דער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור, דאַווקע אַף דער טעמאַטיק פון דער רויטער אַרמיי. די באַלדיקע אָרגאַניזירונג פון אַ ייִדישער סעקציע פון לאָקאַף איז אַ זאַך פון דער ערשטער נויטווענדיקיַיט.

43. די ייִדישע פּראָלעטאַרישע ליטעראַטור האָט אויך באַדיַיטנדיקע דעראָבערונגען אַפן פראָנט פון דער פּראָלעטאַרישער דראַמאַטורגיע. אין קאַמף קעגן די נאַצדעמאָקראַטישע און פּאָרמעל־עסטעטישע אָפּנויגן פון די ייִדישע טעאַטערן (אין ערשטער ריי דער מאָסקווער „גאָסעט") האָט די ייִדישע פּראָלעטאַרישע ליטעראַטור די ערשטע אַרויסגערוקט אַ קאַדר דראַמאַטורגן (קושנירעָוו, ווערוויאָרקע, אָרשאַנסקי, גאָדינער, דאָלגאָפּאָלסקי. דאַניעל א. אנד.).

בײַקומענדיק די פעלערן פון אויסערלעך־קלײנבירגערלעכער אוואנטיורישקײַט (וועוויאָרקע, אָרשאנסקי), פון אלעגאָרישקײַט און רעזאָנערישקײַט (גאָדינער), עפנט די ייִדישע פראָלעטארישע דראמאטורגיע, באזונדערס אין קושניראָווס דראמע „לעקערט“, רײַכע פערספעקטיוון פאר דער איבערבויונג פון דעם ייִדישן פראָלעטארישן טעאטער. דאָך שטײען אין א באדײַטנדיקער מאָס אָפ די טעמפן פון וווּקס פון דער ייִדישער פראָלעטארישער דראמאטורגיע פון די אופגאבעס פון דער ייִדישער טעאטראלער קונסט.

44. די ייִדישע מארקסיסטיש־לענינישע קריטיק האָט אָנגעפירט מיט די שלאכטן פאר דער העגעמאָניע פון דער ייִדישער פראָלעטארישער ליטעראטור און האָט אין גרונט געפירט א ריכטיקע פארטײיִשע ליניע אין דער ליטעראטור־פאָליטיק און אין דער קאָנקרעטער שעפעריש־קריטישער ארבעט. אין די שלאכטן קעגן דעם נאצדעמאָקראטיזם און פאָרמאליזם פון דער „קיִעווער גרופע“ און „שטראָם“ (דער פעריאָד פון 24־1919 יאָר), אין די שלאכטן קעגן די אָפנויגן פון לעניניזם־מארקסיזם אין דער ליטעראטור־קענטעניש (די דיסקוסיע מיט נוסינאָוון וועגן דער מעגלעכקײַט אופצובויען א ייִדישע פראָלעטארישע ליטעראטור, דער קאמף קעגן נאצדעמאָקראטיזם און פאָרמאליזם פון אויסלענדער און דאָברושין, דער קאמף קעגן נאַיִוון רעאליזם און ניטקריטישער באציִונג צו דער קולטור־ירושע, דער קאמף קעגן די רעצידיוון פון טראָצקיזם, פערעווערזעוושטשינע, וואָראָנשטשינע און ליטפראָנטאָוושטשינע אין דער ייִדישער ליטעראטור).

דער קאמף קעגן א גאנצער רײ נאצמענשעוויסטישע רעצידיוון, גראָבע נאצאָפּאָרטוניסטישע און פאָרמאליסטישע פעלערן פון כ׳ ליטוואקאָוו איז נאָך מער וויכטיק געווען, וואָס דער כ׳ ליטוואקאָוו האָט א לאנגע צײַט זיך פאראקשנט אף זײ.

45. דאָך פאָדערט אָבער דער ווײַטערדיקער דערפאָלגרײַכער וווּקס פון דער מארקסיסטיש־לענינישער קריטיק אן אנטשײדענעם קער און איבערבוי, קעדײ אויסצופילן די גרויסע אופגאבעס, וואָס זײַנען ארויסגערוקט געוואָרן דורך דער פארטײ און ארבעטער־קלאס אף דעם געגעבענעם היסטאָרישן עטאפ. ווערן אווירקנדיקער פאקטאָר פון דעם גרויסן ליטעראַרישן אופשטײַג פון די מאסן וועט די ייִדישע מארקסיסטיש־לענינישע ליטעראַרישע קריטיק קענען נאָר בא דעם באדינג פון אן אנטשײדענעם קער מיטן פאָנים צו דער לענינישער טעאָרעטישער ירושע, דורך אן אנטשײדענער איבערבאוואָפענונג פון אירע קאדרען אונטערן צײכן פון פארטײיִשקײַט און פון קאמף קעגן יעדן צופוילטן ליבעראליזם, פארן לענינישן עטאפ אין דער ליטעראטור־קענטעניש.

46. אין איר ארבעט פאר די 8 יאָר פון דער אָרגאניזירטער ייִדישער פראָלעטארישער ליטעראטור־באוועגונג האָט די ייִדישע מארקסיסטיש־לענינישע קריטיק בא דער, אין גרונט ריכטיקער פאָליטיש־ליטעראַרישער ליניע, בא א רײ גרויסע ניצכוינעס, וואָס זי האָט אָפּגעהאלטן, געמאכט אָבער אויך פעלערן. די פעלערן פון דעם כ׳ בראָנשטײן (די איבערשאצונג פון לײוויקס „קער“ צו אונדז אין 1926 יאָר, די פאָרמאליסטישע פאָרמולירונגען אין דער דיסקוסיע וועגן פעפערס מעטאָד, ערטערווײַז ניטקריטישע באציִונג צו פלעכאנאָוון און א רײ אנדערע קלענערע פעלערן), פון כ׳ אָרשאנסקי (זײַן פאָרמולע „בירגערקריג אין דער ליטעראטור“ אין 1925 יאָר, דער מעכאניסטישער פארשטײן פון סטיל און די נאַיִוורעאליסטישע פעלערן אין זײַן בוך וועגן דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראטור אין ווײַסרוסלאנד), פון כ׳ וועוויאָרקע (דאָס ניטדערשאצן די קולטור־ירושע, די לינקאטשישע קנײטשן אין דער פראגע וועגן „רעוויזיע“ פון דער ייִדישער ליטעראטור, די באָגדאנאָווישע אידעאליסטישע אָפנויגן אין דער פראגע וועגן אָביעקטיווקײַט אין דער ליטעראטור), פון כ׳ גורשטײן, (די שאָלעמאכעריש־אָפּאָרטוניסטישע פארשמירונג פון ליטוואקאָווס פעלערן און ערטערווײַז זײער פארטײדיקן, ניטדערשאצן די פאָרגײער פון דער ייִדישער פראָלעטארישער ליטעראטור, רעשטלעך פון פערעווערזעוושטשינע און דאָס אָפרײַסן די טעאָריע פון דער

פּראַקטיק), פון כ׳ דונעץ (אייניקע מעכאַניסטישע פעלערן אין דעם אוועקשטעלן די פּראָבלעם פון סטיל), פון כ׳ זשוקאָווסקי, (פאָרמאַליסטישע פעלערן אין דער דיסקוסיע וועגן די פּאָרגייער פון דער ייִדישער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור) — דאָס אַלץ פאָדערט א פאַנאַנדערוויקלונג פון א ברייטער באָלשעוויסטישער זעלבסטקריטיק אין די רייען פון אונדזער ליטעראַרישער אָנפירונג.

47. פאַנאַנדערוויקלענדיק א ברייטע זעלבסטקריטיק אין די אייגענע רייען, דאַרף די ליטעראַריש־קריטישע אָנפירונג מיט דער ייִדישער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור אין דער ערשטער ריי איבערקוקן, אין שײַן פון דער לענינישער קריטיק, די פּלעכאַנאָווישע ליטעראַרישע ירושה. דער דרוק פון דער פּלעכאַנאָווישער מעטאָדאָלאָגיע אין דער ליטעראַטור האָט גאַנץ אָפט פאַרקריפּלט די אין אַלגעמיין ריכטיקע שעפעריש־קריטישע ליניע פון אונדזער קריטיק. בא איר גאַנצן צוזאַמענבונד מיט דער אַלטעגלעכער ליטעראַטור־פּראַקטיק בא איר גאַנצער פּאַרטייִשער פאַרטאַרפּטקײַט, האָט די ייִדישע מאַרקסיסטיש־לענינישע קריטיק דאָך ביז איצט ניט פאַנאַנדערגעוויקלט אין דער געהעריקער מאָס די קריטיק פון די אַנטימאַרקסיסטישע אָפּנייגן בא פּלעכאַנאָוון, דער מענשעוויסטישער אָבעקטיוויזם, לאָגיזם, ביִאָלאָגיזם, קאַנטיִאַניזם, מעכאַניזם א.א.וו. פּונקט אַזוי אויך איז נייטיק צו פאַנאַנדערוויקלען א קריטיק פון דעם מענשעוויזירנדיקן אידעאַליזם — די קריטיק פון אָפּרײַסן די טעאָריע פון דער פּראַקטיק, וועלכע באַקומט איר באַזונדערס בולטן אויסדרוק אינעם פאַקט פון אָפּשטיין פון דער קאָנקרעטער ליטעראַרישער קריטיק, פון די קאַמף־אויפגאַבן פאַרן שעפערישן מעטאָד אין דער ייִדישער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור. די פאַרשטאַרקטע אויפמערקזאַמקײַט פון דער פּאַרטיי און קאָמיוג צו די אויפגאַבן פון דער ליטעראַרישער קריטיק, די פאַרשטאַרקונג פון די ביבליִאָגראַפישע אָפּטיילונגען אין דער קאָמוניסטישער פּרעסע, די אָרגאַניזאַציע פון בריגאַדעס פון אַרבעטער־קריטיקער און דער וווּקס פון יונגע קאַדרען ליטעראַטור־קענער זיכערט אויפן גרונט פון דער פאַנאַנדערגעוויקלטער באָלשעוויסטישער זעלבסטקריטיק דעם ניצחון פון דער מאַרקסיסטיש־לענינישער ליטעראַטור־קריטיק און א ריכטיקע אָנפירונג מיט דער ייִדישער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור־באַוועגונג.

49. איינער פון די בולטסטע באַווײַזן פון דער ריכטיקער ליטעראַריש־פּאָליטישער ליניע פון דער ייִדישער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור איז די דיפערענציִאַציע פון דער ייִדישער מיטלויפערישער ליטעראַטור. אונטער די קלעפּ פון דער מאַרקסיסטיש־לענינישער ליטעראַטור־קריטיק, וואָס האָט אומבאַראַכמאָנעסדיק אויפגעדעקט די קלאַסן־וואָרצלען פון יעדן אָפּנייג פון דער פּאַרטיי־ליניע אין דער ליטעראַטור, זײַנען אָפּגעשלאָגן געוואָרן די אַרויסטרעטונגען פון די רעכטע מיטלויפער. פאַרשטופּנדיק א קליינע גרופּע פון די רעכטע מיטלויפער אין די הינטערשטע רייען פון דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור (עס זײַנען אַנטשוויגן געוואָרן די סימוואָליסטן ניסטער, רעזניק און האַלקין, דער נאַציִאָנאַליסטישער קליינבירגער קיפּניס א. אַנד.) איבעראַרבעטנדיק אונטערן פײַער פון שטרענגער קריטיק די שרײַבער האָפשטיין, קוויטקאָ א. אַנד. — האָט די ייִדישע פּראָלעטאַרישע ליטעראַטור גענומען אַלץ נעענטער און נעענטער צוציִען צו זיך די בעסערע פון די מיטלויפער. מאַרקישעס וועג ביז „ברידער“ און „ניט געדײַגעט“ בא אַלע זײַנע דורכפֿאַלן פון סטיכיייִשקײַט, נאַציִאָנאַליזם, עמפּיריזם; דער וועג פון קולבאַקן פון נאַציִאָנאַל־מיסטישע ראָמאַנען ביז „זעלמעניאַנער“ און ביז זײַן לעצטער פּאָעמע „טשײַלד האַראַלד פון דיסנע“, בא אַלע זײַנע דורכפֿאַלן פון סטיכעישקײַט, ביִאָלאָגיזם, און ראַדיקאַלן „אָפּלייקענען“ די בורזשואַזע ציוויליזאַציע; אָרלאַנדס „הרעבליעס“, בא אַלע זײַנע דורכפֿאַלן פון פאָלקיסטישער ראָמאַנטיק און אימפּרעסיִאָניזם; די לעצטע לידער פון האָפשטיין, אַקסעלראָד א. אַנד. דערווײַזן גלענצנדיק די דיפערענציִאַציע פון דער ייִדישער מיטלויפערײַ און דעם וווּקס פון די קאַדרען פון אונדזערע לינקע מיטלויפער און פאַרבינדעטע. די ווײַטערדיקע כוואַרישע זעלבסטקריטיק און דערציִען די קאַדרען פון די מיטלויפער וועלן ברענגען צו א פולשטענדיקער

צענויפגיסונג פון בעסטן טייל פון די מיטלויפער (פארבינדעטע) מיט דער יידישער פראָלעטארישער ליטעראטור.

50. די אָרגאניזאציעס פון דער יידישער פראָלעטארישער ליטעראטור האָבן זיך אויסגעשמידט אין קאמף קעגן די קלאסנסאָנים פון דער פראָלעטארישער קולטור אין משך פון קימאט צען יאָר פון זייער עקזיסטענץ, אריינעמענדיק אין זיך די בעסטע קויכעס פון דער יידישער ליטעראטור אין פ.ס.ס.ר. מע דארף אָבער קאָנסטאטירן, אז ערטערווייז האָבן זיך דידאָזיקע אָרגאניזאציעס פארמיסטיקט מיט וואקלענדיקע און אפילע פרעמדע עלעמענטן. די דיסקוסיע מיטן כ׳ ליטוואקאָוו האָט אופגעדעקט אין אייניקע אָרגאניזאציעס (מאָסקווע, אָדעס) גרופעס שאָלעמאכער, אָפאָרטוניסטן און באהאלטענע סאָנים פון דער פראָלעטארישער ליטעראטור. די ליטערארישע פראָדוקציע פון די מיטגלידער פון די יידישע סעקציעס פון די רעפובליקאנישע „אפפן״ צווינגען אויך אופמערקזאם נאָכצושפירן נאָכן אנטוויקלונג־גאנג פון די אינעווייניקסטע מיטלויפער, וועלכע, אָדער זיי וואקלען זיך פאר די נייע אופגאבעס, וואָס שטייען פאר דער פראָלעטארישער ליטעראטור (פיניבערג, ראסין און אנד.), אָדער ווייזן זיך שעפעריש קימאט ניט ארויס (פעלדמאן, נייעך לוריע און אנד.), אָדער גייען אָפן אריבער אף אנטיוואָאפפישע פאָזיציעס (ליטפראָנטישע אידייען בא טייטשן).

51. אין קאמף פאר נייע ניצכוינעס פון פערטן שלוס־יאָר פון פינפיאָר פאר מאָביליזירן מיליאָנען ארבעטער און קאָלווירטניקעס צו די גראנדיעזע היסטאָרישע אופגאבעס פון צווייטן פינפיאָר וועט די יידישע פראָלעטארישע ליטעראטור, אונטער דער אָנפירונג פון דער קאָמוניסטישער פארטיי, האנט בא האנט מיט דער פראָלעטארישער ליטעראטור פון די פעלקער פון פ.ס.ס.ר. גיין צו ווייטערדיקע ניצכוינעס, צו שאפן מאגניטבויען פון דער ליטעראטור.

# וועגן רוף פון ארבעטער-שלאָגלער אין דער ליטעראַטור.

## (טעזיסן פון כ׳ דונעץ צום אלפארבאנדישן צוזאמענפאָר פון די ייִדישע פראָלעטארישע שרײַבער)

1. דער איצטיקער עטאפ אינעם לעבן פון אונדזער לאנד כאראקטעריזירט זיך מיט א קאָלאָסאלן וווּקס פון דער סאָציאַליסטישער קולטור־בויונג, מיט א שארפער טענדענץ צו באשאפן די פארבינדונגען פאר באקעמפן דעם אָפגרונט צווישן דער פיזישער און אינטעלעקטועלער ארבעט. „די צוטרעטלעכקײַט פאר בילדונג ניט נאָר נידעריקע, נאָר אויך העכערע, פון יעדער ארבעטער און יעדער האָרעפּאשניק פון דאָרף, און דער אויסשליסלעך גיכער וווּקס פון די טעכנישע און אנדערע וויסנשאפטלעכע קוואליפיצירטע קאדרעס אין אונדזער לאנד, ריידן וועגן דעם, אז מיר באשאפן די מאטעריעלע און קולטורעלע פארבינדונגען פארן קאמף צו פארניכטן די קעגנזאצן צווישן דער גײַסטיקער און פיזישער ארבעט". (מאָלאָטאָוו. פאָרטראָג אף דער XVII פארטקאָנפערענץ).

די קולטור־רעוואָליוציע איז אן אָרגאנישער טייל פון דער גאנצער סאָצ־בויונג. די קולטור איז געוואָרן צוטריטלעך פאר די ברייטע ארבעטער און ארבעטנדיקע מאסן. די ליקווידאציע פון אמעראצעס, וועלכע ווערט פארענדיקט הײַאָר, און די אלגעמיינע אבליגאטאָרישע בילדונג שטעלן מיט זיך פאָר באדײַטנדיקע פאקטאָרן פון דעם קולטורעלן אופשטײַג פון די ארבעטנדיקע מאסן אין לאנד און פון א זיג פון דער קולטור רעוואָליוציע. די שטורמישע פאנאנדערוויקלונג פון דער קולטור־בויונג אין לאנד גייט אפּנ וועג פון פּאָליטעכניזירן די שול.

דידאָזיקע אופגאבעס אפן געביט פון קולטור־רעוואָליוציע ווערן נאָך באדײַטנדיקער אין צוזאמעהאנג מיט די באשטימונגען פון דער XVII פארטיי־קאָנפערענץ. „א גרונטלעכע פּאָליטישע אופגאבע פונעם 2־טנ פינפיאָר איז די אנטגילטיקע ליקווידאציע פון די קאפיטאליסטישע עלעמענטן און קלאסן בכלל, די פולע פארניכטונג פון די סיבעס, וואָס געבוירן די קלאסן־אונטערשיידן און די עקספּלואטאציע און דאָס גיוועער זײַן פון איבערלעבונגען פון קאפיטאליזם אין דער עקאָנאָמיק און אינעם באוווּסטזײַן פון די מענטשן" (טעזיסן צו דער XVII פארטקאָנפערענץ).

די זיגן אפן קולטור־פראָנט זײַנען דערגרייכט געוואָרן אדאנק דער ריכטיקער דורכפירונג פון דער גענעראלער פארטיי־ליניע, אין אקשאָנעסדיקן קאמף קעגן דעם קלאסן־פײַנט, אין קאמף קעגן דעם רעכטן און „לינקן" אָפּאָרטוניזם, אין קאמף קעגן דעם גרויסמעלוכישן און אָרטיקן שאָוויניזם און קעגן דער בורזשואזער אידעאָלאָגיע אין אלע אירע אנטפּלעקונגען.

2. דער קאָלאָסאלער אופשטײַג פונ דעם קולטורעלן לעבן פון די ארבעטער און ארבעטנדיקע מאסן אין לאנד איז דערגרייכט געוואָרן אין רעזולטאט פון די מאָסמיטלען, וואָס די פארטיי האָט אָנגענומען אף פארשטארקן די פראָלעטארישע אָנפירונג אין דעמדאָזיקן געביט פון דער בויונג. די פראָלעטארישע קאדרען, וועלכע זײַנען דורכגעגאנגען דורך די ארבפאקן, קאָמהויכשולן און הויכשולן, די קאדרען ארבעטער־זשורנאליסטן, ארבעטער־דערפינדער און אנד., וועלכע זײַנען געקומען צו דער אָנפירונג מיט דער קולטור־בויונג, שטעלן מיט זיך

פאָר א לעבעדיקן באווייַז וועגן דער פארווירקלעכונג פון די אויפגאבעס פון דער קולטור־רעוואָליוציע דורך די הענט פון דעם הערשנדיקן קלאס אין אונדזער סאָוועטן־לאנד—פון דעם פראָלעטאריאט, וועלכער ווערט אָנגעפירט פון דער לענינישער פארטיי.

די עפּאָכע פון דעם פאנאנדערגעוויקלטן סאָציאַליסטישן אָנגריף איבערן גאנצן פראָנט, ווען מיר זייַנען ארייַנגעטראָטן אין סאָציאַליזם, ווען מיר האָבן פארענדיקט אויסבויען דעם פונדאמענט פון סאָציאַליסטישער עקאָנאָמיק פאָדערט נאָך א גרעסערן אקטיוון אָנטייל פון פראָלעטאריאט אין דער אָנפירונג מיט דער קולטור־רעוואָליוציע. אין דער גאנצער שארפקייַט שטייט די פראגע וועגן די אָנפירנדיקע קאדרען, וועגן דעם אקטיוון אָנטייל פון נייַע צענדליקער טויזנטער ארבעטער אין אלע פארשיידנארטיקסטע געביטן פון דער קולטור־רעוואָליוציע, אָנהייבנדיק פון דער שול און ענדיקנדיק מיט וויסנשאפט, ליטעראטור און קונסט. אָן דעם דירעקטן אָנטייל פון די ברייטע ארבעטער־מאסן און באזונדערס פון דעם פאָרויסגעשריטענעם קאדער פון דעם ארבעטער־קלאס—פון דעם ארבעטער־שלאָגלער—וועט אומעגלעך זייַן אויספילן דעם פינפיאָר פון דערדאָזיקער בויונג, קען ניט געמאָלט זייַן פארענדיקן די פארווירקלעכונג פון דער קולטור־רעוואָליוציע אין אונדזער לאנד.

3. אפן פּאָן פון דידאָזיקע אויפגאבעס שטעלט מיט זיך פאָר דער צורוף פון די ארבעטער־שלאָגלער אין דער ליטעראטור א וויכטיקסטע פּאָליטישע שלאָג־אויפגאבע, אן אקטועלסטע צענטראלע אויפגאבע אין געביט פון ליטעראטור. דער צורוף פון שלאָגלער אין דער ליטעראטור איז ניט קיין קאָמפּאניע און קען ניט אויסגעטייַטשט ווערן ווי א געוויינלעכער צוציִען ארבעטער צו ליטעראטור־איניאָנים, ווי עס טייַטשן עס אויס די וווּלגאריזאטערן און אָפּאָרטוניסטן—דער צורוף פון שלאָגלער אין דער ליטעראטור שטעלט מיט זיך פאָר א קער פון דער גאנצער ליטעראטור מיטן פּאָנים צום ארבעטער־קלאס, דער צורוף—דאָס איז א נייַער מעטאָד פונעם פראָלעטאריאט אף באהערשן דעמדאָזיקן געביט פון דעם אידעאָלאָגישן לעבן, דאָס איז דער וועג פון פארווירקלעכן אף דעם געגעבענעם עטאפּ אין דער אויסשפּנדיקער פולשטענדיקער מאָס די אָנפירונג פון דעם ארבעטער־קלאס מיט דער בויונג פון דער פראָלעטארישער ליטעראטור און דעם שטורמישן וווּקס פון די ארבעטער, וואָס קומען זיך באטייליקן אין דירעקטן שאפן די קינסטלערישע ליטעראטור.

4. דער איצטיקער עטאפּ פון דער סאָצבויונג פאָדערט פון אונדז פארגיכערן די טעמפּן פון דער ליטעראטור־בויונג. דער קולטורעלער וווּקס פון די ארבעטער־מאסן, דער אומגעהויערער אויפשטייַג פון דעם שעפערישן ענטוזיאזם — דאָס אַלץ האָט צוגעגרייט דעם קומען פון דעם ארבעטער־שלאָגלער אין דער ליטעראטור, דאָס שאפט אויך א פאָרהאנאָכע אף פארווירקלעכן די באָלשעוויסטישע טעמפּן אין דער ליטעראטור. פאר ליקווידירן די אָפּגעשטאנענקייַט אין דער ליטעראטור פון דעם אלגעמיינעם גאנג פון דער סאָצבויונג, אף דער באזע פון דער שלאָגלערישער באוועגונג אין דער ליטעראטור.

דער ארבעטער־שלאָגלער, וואָס קעמפט פאר דער קוואליטעט פון דער פּראָדוקציע אף זייַן אונטערנעמונג, וועט שטארק א רוק טאָן פאָרויס דעם קאמף פאר דער קוואליטעט פון דער ליטעראטור־פּראָדוקציע, דעם קאמף קעגן צופאסן זיך און קעגן דער רויטער כאלטורע.

5. דער פעריאָד פון סאָציאַליסטישער רעקאָנסטרוקציע שטעלט אוועק אין דער גאנצער גרויס פאר דער ליטעראטור די פראגע וועגן באהערשן די טעמאטיק פון דעם פאבריק־זאוואָדישן און סאָווירטיש־קאָלווירטישן לעבן. די ליטעראטור דארף באווייַזן דעם העלד פון דער סאָציאַליסטישער בויונג, זי דארף ווייַזן דעם שלאָגלערישן רויטפּאָניקן זאוואָד, דעם מוסטערהאפטן סאָווירט און קאָלווירט, זי דארף ווייַזן דעם ארבעטער־שלאָגלער — דעם העלד פון דעם לענין־אָרדן. פאר דער ליטעראטור שטעלט זיך א גאנצע ריי אויפגאבעס אפן געביט פון טעמאטיק. דידאָזיקע אויפגאבעס זייַנען ענג פארבונדן מיטן גאנצן אינהאלט און מיט דער פאָרם פון דער פראָלעטארישער ליטעראטור. וואָס ענערגישער דער פראָלעטאריאט וועט אָנטיילנעמען דורך זייַנע אוואנגארדישע קויכעס אין דער ליטעראטור, רעאליזירנדיק

אפן דאָזיקן געביט זײַנע שעפערישע קויכעס, אַלץ האסטיקער וועלן געשאפן ווערן די „מאגניטבויען פון דער ליטעראטור“.

די טאָגטעגלעכע פראָבלעמען פון דעם פראָדוציר־לעבן, וועלכע עס רוקט ארויס די פארטיי, דארפן באקומען זייער פארקערפערונג אין דער פראָלעטארישער ליטעראטור. עס רעדט זיך דאָ ניט נאָר וועגן די גרויסע אלגעמיינע טעמעס און ברייטע לײַוונטן פון דער סאָציאַליסטישער בויונג, נאָר אויך וועגן דעם, אז די פראָלעטארישע ליטעראטור דארף זיך באצײַטנס אָפּרופן אף די אקטועלע פראָבלעמען פון טאָג פון דער סאָציאליסטישער בויונג, וועלכע זײַנען אן אָרגאנישער טייל פון דעם גאנצן פראָנט פון סאָציאַליסטישער בויונג. די ארבעטער־שלאָגלער אין דער ליטעראטור באווײַזן שוין מוכטערן פון פארשטיין דידאָזיקע אופגאבע, ווידמענענדיק זייערע ווערק די פראגעס פון פראָמפינפלאַן, דעם קאמף פאר באהערשן די טעכניק, פאר די קאָמוניסטישע ארבעט־מעטאָדן א. א. וו. א. א. וו. דער צורוף פון ארבעטער־שלאָגלער—איז א קראפט, וועלכער שנויכט די גאנצע ליטעראטור אפן וועג פון קאמף פאר די אקטועלע אופגאבעס פון דער סאָצבויונג.

6. דער צורוף פון דעם שלאָגלער אין דער ליטעראטור דרינגט ארויס אף אזא אויפן אָרגאניש פון די פראָצעסן פון דער סאָציאַליסטישער רעקאָנסטרוקציע און פון דער קולטור־רעוואָליוציע אין לאנד, ער ווערט דיקטירט דורך דער שלאָגלערישער באוועגונג אין דער גאנצער סאָציאַליסטישער בויונג און איז אן אויסדריק פון דעם האסטיקן אָנגריף פונעם פראָלעטאריאט אף די רעשטן פון דער בורזשואזיע אויך איבערן פראָנט פון קולטור.

דער צורוף פון שלאָגלער שטעלט מיט זיך דעריבער פאָר די וויכטיקסטע פּאָליטישע אופגאבע, אָן וועלכער ס'איז ניט מעגלעך דער געהעריקער וווּקס פון דער פראָלעטארישער ליטעראטור. דער פאסיווער און אקטיווער ווידערשטאנד דעם צורוף פון די שלאָגלער, די פרוון צו טאָרמאָזירן דיראָזיקע מעכטיקע באוועגונג שטעלט מיט זיך פאָר אן אויסדריק פון דער ווירקונג פון פרעמדע קלאסן אף דער ליטעראטור און מען דארף זיי געבן אן אנטשיידענעם ווידערשטאנד. די געזעלשאפטלעך־ליטערארישע טעטיקײַט פון די פראָלעטארישע שרײַבער דארף אויך אָפּגעשאצט ווערן פון דעם שטאנדפונקט, אף וויפל דערדאָזיקער שרײַבער העלפט מיט דעם צורוף פון שלאָגלער אין דער ליטעואטור.

דעריבער איז נויטיק צו דערקלערן אן אומבעראכמאָנעסדיקן קאמף דער ליט־גײַווע, דער אָפּגעריסנקײַט פון דעם פראָלעטארישן שרײַבער פון דער אונטערנעמונג, דער פאסיווער באציִונג צו דעם צורוף פון די שלאָגלער. גלײַכצײַטיק איז נויטיק צו פירן א גרויסע דערציִערישע ארבעט צווישן די שרײַבער, באזונדערס צווישן די מיטלויפערישע גרופּעס אף אופקלערן די באדײַטונג פון דעם צורוף, קעדיי צו באקעמפן די פארורטיילן וועגן דעם, אז דורכן צורוף פון די שלאָגלער פאלט אָפּ קלוימערשט די מעגלעכקײַט פאר דער ארבעט פון דעם עלטערן שרײַבער־דאָר, א. א. וו. דער צורוף פון די שלאָגלער לייקנט ניט אָפּ די מעגלעכקײַט, אז אין דער ליטעראטור זאָלן ארבעטן די אלטע ליטערארישע קאדרען, אז עס זאָלן איבערדערצויגן ווערן די קאדרען, וועלכע זײַנען געקומען צום פראָלעטאריאט,— פארקערט: דער צורוף פארגרינגערט דעם וועג פון דידאָזיקע גרופּעס צום פראָלעטאריאט.

עס דארף באקעמפט ווערן די שעדלעכע טענדענץ פון אנטקעגנשטעלן די ארבעטער־שלאָגלער די קאדרען פון דער פראָלעטארישער ליטעראטור, אזא שטאנדפונקט איז געווענדעט צו אָפּשוואכן די פראָלעטארישע ליטעראטור און ברענגען שאָדן דעם קאמף פאר איר העגעמאָניע אין דער ליטעראטור פון פ.ס.ס.ר.

7. מיטן צורוף פון די שלאָגלער הייבט זיך אָן בוילעטער אויספורעמען אין דער ליטעראטור א נײַער טיפ שרײַבער, וועלכן ס'איז אין אלגעמיין פרעמד דאָס קלייִנבירגערלעך־אינטעליגענטישע און אידעאליסטישע, וועלכע האָט געדריקט, ווי א שווערער יאָך אף א באַדײַטנדיקן טייל פון אונדזערע שרײַבערישע קאדרען. דער ארבעטער־שלאָגלער קומט צוגיין אין דער ליטעראטור, ווי א פאָרשטייער פון דעם ארבעטער־קאָלעקטיוו, ער קומט צוגיין

רעאליזירן די שטימונגען און שטרעבונגען פון זײַן קלאס, וועלכע זײַנען פארבונדן מיט די שלאכטן פארן סאָציאַליזם. דער שלאָגלער פארשטארקט נאָך מער אין דער ליטעראטור די סוביעקטיווע קאָמוניסטישע ציל־געוועדטקייט פונעם ארבעטער־קלאס און דערמיט לייקנט ער אָפּ דעם אָביעקטיוו־עמפּירישן צוגאנג אין דער ליטערארישער שאפונג.

אָרגאניזירנדיק דעמדאָזיקן קאָלאָסאלן שטראָם פון אונדזער פראָלעטארישער ליטערארישער שאפונג, פארשטארקנדיק דעם צורוף פון דעם שלאָגלער, פארשטארקן מיר אויך די פּאָרהאנאָכעס פאר דערלייזן די פּראָבלעם פון איבערמאכן דעם מענטשלעכן מאטעריאל, פון רעקאָנסטרויִרן די נאטור סײַ פון די ברייטע מאסן ארבעטנדיקע לעזער, אזוי אויך פון שרײַבער, אין אײַנקלאנג מיט די אופגאבעס פון דעם פעריאָד, ווען עס בויט זיך דער סאָציאַליזם.

8. דידאָזיקע כאראקטעריסטישע שטריכן פון דער שלאָגלערישער באוועגונג אין דער ליטעראטור דערלאנגען א העפטיקן קלאפּ איבער אלע אָפּאָרטוניסטן, בורזשואזע אידעאָלאָגן פון דער ליטעראטור, איבער די אלע, וועלכע ווילן אָפן אָדער פארמאסקירט פארהיטן דעם בורזשואזן כאראקטער פון דער ליטעראטור און פון דעם שרײַבער. דער צורוף פון די שלאָגלער שטעלט מיט זיך פאָר א קלאפּ איבער די מעכאניסטן, די מענשעוויקעס פון דער פּערעווערזעוו־שול, איבער די „פּערעוואלצעס", איבער די טראָצקיסטן און טראָצקיסטישע קאָנטראבאנדיסטן, איבער אלע סאָנים פון דער פּראָלעטארישער ליטעראטור, איבער די רעכטע אָפּאָרטוניסטן, וואָס דאָס כאראקטעריסטישע פאר זיי איז — אומגלויבן אין די שעפערישע מעגלעכקײַטן פונעם פּראָלעטאריאט און קאפּיטוליאציע פארן קלאסן־פײַנט. דידאָזיקע אגענטורן פון דעם קלאסן־סוינע אפן געביט פון ליטעראטור האָבן ניט אוועקגעלייגט זייער געווער. קעגנשטעלנדיק זיך דעם אָנגריף פון פּראָלעטאריאט, פּרוּוון זיי זיך אראָפּרײַסן דעם צורוף פון די שלאָגלער, פּרוּוון זיך א קער טאָן דידאָזיקע באוועגונג אין זייער זײַט. אן אויסדרוק פון דידאָזיקע פּרוּוון שטעלט מיט זיך פאָר אויך דאָס פארלויבן די שוואכע ערטער אין דער שאפונג פון די שלאָגלער. דידאָזיקע וווּלגאריזאטערס פון דער שלאָגלערישער באוועגונג כאפּן אונטער אין דער שאפונג פון די שלאָגלער גראָד דאָס, וואָס עס שטעלט מיט זיך פאָר די „קינדער־קראנקײַט" פון דערדאָזיקער באוועגונג, שטרעבנדיק אף אזא אויפן קאָמפּראָמעטירן און ארונטערײַסן די גאנצע באוועגונג.

אין זייערע ערשטע טריט דערלאָזן די ארבעטער־שלאָגלער, נאטירלעך, א ריי פעלערן. נעמענדיק פאר אן ארויסגאנג־פּונקט די קאָנקרעטע אומגעבונג פון זײַן פּראָדוקציע, וואָס דאָס איז אָן שום צווייפל ריכטיק, גייט אָפּט דער שלאָגלער אף דער ערשטער סטאדיע פון זײַן שעפערישער ארבעט ניט ווײַטער פון זײַן אייגענעם צעך, ער גיט ניט קיין פולע פּערספּעקטיוו פון דער סאָצבויונג און פון דער פּארטיי־אָנפירונג מיט איר. אונדזער אופגאבע באשטייט אין דעם צו העלפן דעם שלאָגלער דורך דער סיסטעם פון דער מארקסיסטישער לעניניסטישער בילדונג און באָלשעוויסטישער דערציִונג ארויסגיין אפן ברייטן וועג פון דער פּראָלעטארישער קונסט, וואָס איז דורכגעזאפּט מיט דער וועלט־אָנשויונג פונעם רעוואָליוציאָנערן פּראָלעטאריאט — מיטן מארקסיזם־לעניניזם.

באפרײַענדיק די שלאָגלערישע ליטעראטור פון דער שמאָלער שטייגערישקײַט, פון די עלעמענטן פון צעכאָוושטשינע און פון „פּויזנדיקן עמפּיריזם", איז נויטיק פירן אן אנטשיידנדיקן קאמף קעגן די פּרוּוון פון די רעשטלעך פון ליטפראָנט, אויסנוצן דידאָזיקע שוואכקײַטן פון דער שלאָגלערישער באוועגונג לעטויוועס די ליטפראָנטישע טעאָריעס און זייער קאמף קעגן דער פּראָלעטארישער קונסט.

9. עס דארפן דעריבער באשאפן ווערן די באדינגונגען פון אופמערקזאמער באציִונג און שטענדיקער הילף דער ארבעט פון דעם שעפערישן יאָדער אין דעם שלאָגלער־רוף. מיט דער גאנצער קראפט דארף מען שלאָגן איבער דער אָפּאָרטוניסטישער, אריסטאָקראטיש־פּריצישער באציִונג, וואָס לייקנט אָפּ די פּאָטענציִעלע קונסט־מעגלעכקײַטן פון דערדאָזיקער באוועגונג און וואָס איר כאראקטעריסטישער אויסדריק איז די יעוורעקימאָח־

שטשינע. יעוודאָקימאָווס ארויסזאָגונג, אז פון דעם שלאָגלער־רוף וועט זיך גאָרניט אויסלאָזן, ווי עס האָט זיך גאָרניט אויסגעלאָזן פון דער ארבקאָרן־באוועגונג, האָט עטוואָס ענלעכעס צו זיך אין דער יידישער ליטעראטור. „ווענן דעם, אז דער ארבעטער זאָל אָנהייבן דיכטן, שאפן פראָלעטארישע קונסט, וועלכע זאָל אָפּשאפן און פארבייטן די ביזאיצטיקע קונסט, וואָס איז באשאפן געוואָרן בא דער הערשאפט פון די פריערדיקע קלאסן, האָט מען שוין גענוג געקעמפט אין די בלייונג־צייטן פונעם „פראָלעטקולט", און מיר האָבן זיך קימאט אלע פון יענע אילייזיעס אָפּגעזאָגט". (מ. ליטוואקאָוו. „אין אומרו", ב. II, ז. ז. 144—145).

עס דארף אויך באקעמפט ווערן די שעדלעכע טענדענץ פון אָפּרייסן דעם שלאָגלער־רוף פון דעם אלגעמיינעם וווּקס און וועג פון דער גאנצער פראָלעטארישער ליטעראטור.

10. דער צורוף פון די שלאָגלער האָט א באזונדער וויכטיקע באדייטונג פאר דער יידישער ליטעראטור פון פסס"ר. די יידישע ליטעראטור פון פסס"ר, איינשליסנדיק אויך איר פראָלעטארישן פליגל, וועלכער האָט זיך די לעצטע צייט באדייטנדיק פארפעסטיקט—די־דאָזיקע ליטעראטור איז פאר די לעצטע יאָרן באדייטנדיק אויסגעוואָקסן אפן כעשבן פון אדבעטער, קאָמוניסטן און קאָמיוגיסטן. א קענטיקן אָרט האָבן גלייכצייטיק אין איר פארנומען און פארנעמען אויך איצט מענטשן, געקומענע פון דער קליינבירגערלעכער אינטעליגענץ. א באדייטנדיקער טייל פון דידאָזיקע קאדרען האָט זיך פריער געפונען אונטער דער ווירקונג פון דעם יידישן נאציאָנאליזם, פיל פון זיי זיינען געקומען אין דער ליטעראטור מיט דער פארגאנגענהייט פון דער ציאָניסטישער, בונדישער, נאצדעמאָקראטישער און מענשעוויסטישער אידעאָלאָגיעס, וועלכע האָבן פארשווערט זייער וועג צו דער פראָלעטארישער ליטעראטור. אין דער יידישער ליטעראטור פון פסס"ר האָט א געוויסע ווירקונג ביז דער לעצטער צייט געהאט די נאצדעמאָקראטיש־מענשעוויסטישע, אידעאליסטיש־אינטויטיוויסטישע קאָנצעפציע און די ליבעראל־טאָלעראנטע באציונג צו איר. דער רעכטער אָפּאָרטוניזם און דער יידישער שאָוויניזם האָבן זיך אָפּגעשפיגלט אין דער שאפונג פון א ריי שרייבער. אין דער ליטעראטור־קריטיק איז געווען א טענדענץ אָפּאָרטוניסטיש צו ניטדערשאצן די אנטוויקלונג פון דער פראָלעטארישער ליטעראטור (ליטוואקאָוו); אין דער יידישער ליטעראטור האָט געהאט אן אָרט די „טעאָריע", אז קיין יידישע פראָלעטארישע ליטעראטור קען ביכלאל ניט זיין, ווייל דאָס יידישע פאָלק באשטייט דורכויס פון קליינבירגערטום און דעריבער דארף די ליטעראטור זיין א קליינבירגערלעכע (נוסינאָוו); ס'האָט געהאט אן אָרט די בונדישע טעאָריע, אז די יידישע ליטעראטור דארף עקזיסטירן סעפּאראט, דארף זיך אויסטיילן אלס אווטאָנאָמיע פון דער אלגעמיינער ליטעראטור־אָרגאניזאציע (פעלדמאן); ס'זיינען איגנאָרירט געוואָרן די גרונט־לייגער פון דער יידישער פראָלעטארישער ליטעראטור (ליטוואקאָוו און אנד.). אין קאמף פאר דער גענעראלער פארטיי־ליניע האָבן דידאָזיקע אָפּאָרטוניסטישע טעאָריעס און „טעאָריעלעך" באקומען א העפטיקן ווידערשטאנד.

דאָס אלץ שטרייכט נאָך מער אונטער די באדייטונג פון דער פראָלעטארישער אָנפירונג און דעם שעפערישן אָנטייל פון די ארבעטער־שלאָגלער אין דער בויונג פון דער יידישער ליטעראטור, וואָס דארף זיין נאציאָנאל לויט דער פאָרם און פראָלעטאריש לויטן אינהאלט. די ערשטע באדייטנדיקע זיגן, וועלכע די יידישע פראָלעטארישע ליטעראטור האָט אָפּגעהאלטן, אירע דערגרייכונגען אפן געביט פון דער טעמאטיק פון סאָצבויונג און קאָלעקטיוויזאציע, די זיגן, וועלכע זיינען אָפּגעהאלטן געוואָרן אין קאמף קעגן דער בורזשואזער ליטעראטור, קעגן דעם רעכטן און „לינקן" אָפּאָרטוניזם און קעגן דעם נאצדעמאָקראטיזם, שטעלן מיט זיך פאָר א בולעטן באווייז פון דעם, אז צוזאמען מיט דער גאנצער ליטעראטור פון פסס"ר גייט אויך די יידישע ליטעראטור פאָרויס אפן געביט פון אָנגריף אפן קלאסן־פיינט און זיין אגענטור אפן אידעאָלאָגישן פראָנט.

אָבער צוזאמען דערמיט דארף מען קאָנסטאטירן, אז די יידישע פראָלעטארישע ליטעראטור האָט זיך נאָך ניט א קער געטאָן אין דער געהעריקער מאָס צום שלאָגלער, אז ס'איז נאָך

ניט גענוגנדיק אָפּגעשאַצט געוואָרן די באַדײַטונג פון דעם ארבעטער־שלאָגלער אין דער יִדישער ליטעראַטור. באַזונדערס דאַרף מען אונטערשטרײַכן דעם פאַקט, אַז אין דער יִדישער פרעסע, אויסער אייניקע אויסנאַמען, זײַנען נאָך ניט געשאַפן געוואָרן די באַדינגונגען פאַר דער ארבעט פון דעם שלאָגלער און ס'זײַנען נאָך ניט אָנגענומען געוואָרן די גענוגנדיקע מיטלען אַף דערמונטערן דעם ארבעטער־שלאָגלער און אַף אָרגאַניזירן אים פאַר דער ליטעראַרישער טעטיקײַט (די צײַטונג „עמעס", זשורנאַל „רויטע וועלט" און אַנדערע). אָפּמערקנדיק אייניקע דערגרייכונגען אַף דעמדאָזיקן געביט (די זשורנאַלן „פּראָליט" און „שטערן", די צײַטונגען „אָקטיאַבער" און „שטערן") דאַרף מען קאָנסטאַטירן, אַז דאָס איז נאָר דער ערשטער טראָט אַף דעמדאָזיקן געביט.

11. דער צורוף פון די שלאָגלער אין דער יִדישער ליטעראַטור דאַרף פאַרשטאַרקן די אָנפירונג פון דעם פּראָלעטאַריאַט מיט דער ליטבויונג, דאַרף גרונטלעך ענדערן צום גוטן דעם סאָציאַלן באַשטאַנד פון די שרײַבערישע קאַדרען. צוזאַמען דערמיט דאַרף דער צורוף פון די שלאָגלער געבן א צופלוס פון ארבעטער־קריטיקער, קעדיי נאָך דערפאָלגרײַכער צו באַקעמפן דעם אָפּאָרטוניזם און די אַנטפּלעקונגען פון דעם שאָוויניזם אין דער יִדישער ליטעראַטור־קריטיק און ליטעראַטור־קענטעניש. דעם צורוף פון די שלאָגלער דאַרף מען דעריבער פירן אויך אַפן וועג פון אויפדעקן די שעפערישע קויכעס פון די ארבעטער־מאַסן אַפן געביט פון ליטעראַטור־קריטיק און פאָרשונג. דאָס איז באַזונדערס וויכטיק אין צוזאַמענהאַנג מיט דער קנאַפקײַט פון די מאַרקסיסטישע ליטעראַרישע קאַדרען און מיט דער געוויסער אָפּגעשטאַנענקײַט פון דער מאַרקסיסטיש־לעניניש ער קריטיק פון די טאָג־אויפגאַבעס.

12. דער רוף פון ארבעטער־שלאָגלער אין דער יִדפּראָלעטליטעראַטור האָט מיט זײַנע ערשטע רעזולטאַטן שוין געבראַכט א באַדײַטנדיקע פּאָזיטיווע ענדערונג אין דעם סאָציאַלן באַשטאַנד פון די יִדסעקציעס „אַפּפּ", פאַרגרעסערנדיק זייערע קאַדרען ביכלאַל און דעם פּראָצענט פון ארבעטער ביפראַט.

דער רוף פון ארבעטער־שלאָגלער איז געווען א ראַדיקאַלער פּראָויספירנדיקער קויעך אין איבערבויען די גאַנצע ארבעט, אָרגאַניזאַציאָנעלע און מאַסאָווע, פון די יִדסעקציעס, אין איינקלאַנג מיט די פאָדערונגען פונעם רעקאָנסטרוקציע־פּעריאָד.

די יִדסעקציעס זײַנען ארויס פון די שמאָלע קרײַז־ראַמען, אָפּט פאַרשלאָסענע און סטאַבילִיזירטע אין וווּקס, אין וועלכע זיי זײַנען געווען ביזן לעצטן פּעריאָד. עס איז אויסגעוואַקסן די צאָל ארבעטער־קרײַזן אַף די אונטערנעמונגען, וועלכע כאַפּן ארום א גרויסע צאָל ארבעטער. עס איז פאַרשטאַרקט געוואָרן די מאַסן־ארבעט דירעקט אַף די אונטערנעמונגען און דער אָנטייל פון ארבעטער־שלאָגלער אין די שעפערישע אָוונטן פון די סעקציעס. עס איז קענטיקער געוואָרן די ראָל פון דער ליד און אַנדערע ליט־פאָרמען אין די פאַבזאַוואָדישע פּילטיראַזשקעס און וואַנטצײַטונגען. דער רוף פון שלאָגלער האָט מיטגעווירקט אין א באַדײַטנדיקער מאָס צו פאַרינטערעסירן מיט פּראָבלעמען פון דער ליטעראַטור די אָנפירנדיקע אָרגאַניזאַציעס אַף די אונטערנעמונגען און צו באַפרידיקן די פאָדערונגען פון די ארבעטער־מאַסן אַף דער ליטעראַטור (פּראָגעס פון די ליטקרײַזן אַף די פּאַרטיי־קעמערלעך, ליטעראַרישע אָוונטן אין די פאַבריקישע גאָרקיכן, אַף די פאַבריקן, באַריכטן פון ארבעטער־ליטקרײַזן פאַר ארבעטער־פאַרזאַמלונגען און ד. גל.) און צו פאַנאַנדערוויקלען די פּראַקטישע ארבעט ארום דער געשיכטע פון פאַבריקן און זאַוואָדן.

עס זײַנען געמאַכט געוואָרן די ערשטע שריט ארויסווײַזן אין אַן אָרגאַניזירטער פאָרם פאַר דער פּראָלעטאַרישער געזעלשאַפטלעכקײַט די שעפערישע טעטיקײַט פון די גרופּענע ארבעטער־שלאָגלער אין דער ליטעראַטור. די סעריע ביכלעך פון די יִדישע ארבעטער־שלאָגלער, דערשינענע אין די אוקראַיִנישע פאַרלאַגן, דער ווינקל פאַר ארבעטער־שרײַבער אין „פּראָליט", די זײַטלעך פאַר ליטעראַרישע ארבעטער־קרײַזן אין דער צײַטונג „אָקטיאַבער", דער ספּעציעלער נומער און סיסטעמאַטישע מאַטעריאַלן אינעם זשורנאַל „שטערן", די זאַמל־

ביכער „אין קאמף פארן פראָמפינפלאן“, „שלאָגלערישע שריט“ און „שלאָגלער“—ארויסגעגעבענע דורך דער ייִדסעקציע „בעלאפפ“, די זײַטלעך פאר ארבעטער-שלאָגלער אין א רײ אויסגאבעס פון דער שטאָטישער, ראַיאָנער און פאבריקישער פרעסע פון אוקראַיִנע און ווײַסרוסלאנד א.א.וו. א.ד.גל.,—דידאַקטיק מאָמענטן צוזאמען מיט די ערשטע פרווון צו געבן קריטישע אָפהאנדלונגען פון דער שעפערישער ארבעט פון די שלאָגלער, זײַנען א באווײַז פונעם אופמערקזאמען צוגאנג, וואָס די פארטיי און די פראָלעטארישע געזעלשאפטלעכקײַט ווײַזן ארויס צו דעם רוף פון די ארבעטער-שלאָגלער, און פון דער אופמערקזאמקײַט צום רוף מיצאד די ייִדסעקציעס פון די פראָלעטארישע שרײַבער-אסאָציאַציעס.

גלײַכצײַטיק דערמיט דארף מיט דער גאנצער גרויס געשטעלט ווערן די פראגע וועגן פאָרזעצן דעם קאמף מיטן אָפּאָרטוניסטישן ניטדערשאצן דידאַזיקע ארבעט. דידאַקטיקע פאָרמען פון ארויסטראָגן די שאפונג פון די שלאָגלער פאר דער פראָלעטארישער עפנטלעכקײַט דארפן איצט סיסטעמאטיזירט ווערן, אין זייער גרונט דארף ליגן די אופגאבע, צוזאמען מיט דערמונטערונג פון דער שלאָגלערישער שאפונג, אוועקשטעלן דידאַזיקע שאפונג אונטער דעם מאסן-קאָנטראָל, העלפן דערמיט דער פארטיי אָנפירן מיט דערדאַזיקער באוועגונג אין מיט דער ליטעראַרישער באוועגונג ביכלאל.

13. דער גרונטלעכער פאָזיטיווער כאראקטער-שטריך פון דער שלאָגלערישער שאפונג אויך אין דער ייִדישער ליטעראטור איז—אָרגאנישע פארבינדונג מיט דער סאָציאַליסטישער בויונג. אין צענטער פון דער שאפונג פון די ארבעטער-שלאָגלער שטייט די סאָציאַליסטישע בויונג און אירע אקטיווע שעפער און אָנפירער (פארטיי). שלאָגלערישע באגײַסטערונג פאר דער ארבעט און פראָלעטארישער אָפטימיזם דרינגט דורך ד׳ מערהײַט ווערק פון די ארבעטער-שלאָגלער אין דער ייִדישער ליטעראטור (דעכטיאר, רייזין, אלטמאן, מאלאמור, קאפלאן, קאצאָוויטש, גיטערמאן, ראבינקאָוו, באליאסנע, אומבאגין, שווערדיק, גאראָן, ראָכקינד, פינכאסיק, דאָבין, רייצין א. א. וו.). דער שלאָגלער באווײַזט אין גרונט ריכטיק די קלאסן-סאָלידאריטעט פון די ארבעטער אָן אונטערשייד פון נאציעס און די דערלייזונג פון דער לענינישער נאצפאָליטיק.

גלײַכצײַטיק דערמיט דארף אָפגעצייכנט ווערן, אז דער ארבעטער-שלאָגלער, וואָס איז נאָר וואָס געקומען אין דער ייִדישער פראָלעטארישער ליטעראטור, איז נאָך ניט גענוג באוואָפנט מיט מארקסיסטיש-לענינישן באוווסטזײַן—דעם באוווסטזײַן פונעם ארבעטער-קלאס, וואָס בויט דערפאָלגרײַך דעם סאָציאַליזם. באריײַכערנדיק די פראָלעטארישע ליטעראטור מיט דער דערפארונג פון זײַן קאמף פארן סאָציאליזם, שטייט אָבער אין אנדערע פאלן דער ארבעטער-שלאָגלער פאר דער געפאר אראָפצוגליטשן זיך צו עמפירישער, באגרענעצטקײַט, צו צעכישער שמאָלקײַט. דער אופברויז פון רעוואָליוציאָנערן פראָלעטארישן אָפטימיזם ווערט אין אייניקע פאלן פארוואנדלט אין סענטימענטאלע „ארבעטער-בילדער“ און אין באלעבעסלדיקער לאקייעריי.

דער ניטגענוגנדיקער ניוואָ פון באוווסטזײַן בא א טייל ארבעטער-שלאָגלער, באגלייט מיט דער טעכנישער אומבאהאָלפנקײַט פון אָנפאנגער, שטעלט אָפט דעם ארבעטער-שלאָגלער אונטער דעם פײַער פון פרעמדע ליטעראַרישע ווירקונגען, פון „פארליטעראטעווער“ שפראך, פון סכעמאטיזם, ליטפראָנטישן „מאָמענטאליזם“ א.א.וו.

די צענטראלע אופגאבע, וואָס שטייט פארן ארבעטער-שלאָגלער אין דער ליטעראטור—באווײַזן דעם העלד פון פינפיאָר, ווערט אין אייניקע פאלן פארקריפלט. דער העלד פונעם פינפיאָר ווערט נאָך צומאָל אָפגעמאָלט בא די גערופענע שלאָגלער ריין אויסערלעך, ביאָגראפיש, בלויז אפן גרונט פון דער צעך-אומגעבונג. אָן דער נויטיקער, דיאלעקטיש-פארטייִשער אלזײַטיקײַט, וואָס דארף אונטערשיירן די שאפונג פון א פראָלעטארישן שרײַבער, אָפגרענעצן אים—דעם פראָלעטארישן שרײַבער—פון דעם סכעמאטיזם און פון דעם ליטפראָנטישן, שעדלעכן, ניטפראָלעטארישן פארשטיין די אופגאבע פון ליטעראטור.

ווי א נעגאטיווער שטריך דארף פארצייכנט ווערן דאָס, וואָס אנדערע ארבעטער־שלאָגלער רײַסן זיך אָפּ אין זייער שאפונג פון דער פּראָדוקציע, פארקניפּן ניט זייער ליטעראַרישע ארבעט מיט די קאמפּן פארן פּראָמפינפלאַן אף דער אונטערנעמונג.

די גרונט־קאדרען ארבעטער־שלאָגלער אין דער יִדישער פּראָלעטארישער ליטעראַטור געפינען זיך אין זייער שאפונג אפן וועג צום עטאַפּ, ווען דאָס שאפונג־ווערק הייבט אָן אין זיך פארמאָגן א מער אַלגעמיינע פּראָבלעמס פונעם קאמף פאר סאָציאַליזם. דערדאָזיקער עטאַפּ פאָדערט גרויס אויפמערקזאַמקײַט, דאָ זײַנען בלויז געמאכט די ערשטע שריט. דאָס דערקלערט זיך מיט דער אויבנאָנגעצייכנטער ניט גענוגנדיקײַט פון מארקסיסטיש־לעניניסטישער צוגעגרייטקײַט פון די קאדרען ארבעטער־שלאָגלער אין דער יִדישער ליטעראַטור.

14. אין דער שלאָגלער־באַוועגונג פון דער יִדישער פּראָלעט. ליטעראַטור דארף מען באַקעמפן די עלעמענטן פון זעלבסטפלוס. די אָפּוועזנהײַט פון א גענוגנדיק־אָרגאַניזירטער פארפעסטיקונג פון דער שלאָגלערישער באַוועגונג אנטהאַלט א געפאַר פון ארונטערײַסן די־דאָזיקע וויכטיקע ארבעט. עס דארפן אָנגענומען ווערן א ריי מאָסמיטלען, וואָס זאָלן גאַראַנטירן דעם פּראַקטישן אָנטייל פון דעם ארבעטער־שלאָגלער אין דער שעפערישער ארבעט,—פארבונדן מיט דער ארבעט אף אויספילן דעם פּראָמפינפלאַן: דער אָנטייל פון דעם שלאָגלער אין דער צײַטונג אָדער זשורנאַל, די שעפערישע בילדונג, די פאראַלגעמיינערונג פון דער דערפאַרונג פון די ארבעטער־שלאָגלער אין דער פּראָדוקציע, דאָס איבערגעבן דעם שלאָגלער די שעפערישע דערפאַרונג פון די קוואַליפיצירטע שרײַבערישע קאדרען א. א. וו. צוליב דעמדאָזיקן צוועק איז נייטיק, אז די יִדישע סעקציעס פון די פּראָלעטארישע שרײַבער־אסאָציאַציעס זאָלן אריבערטראָגן דעם שווערפּונקט פון זייער ארבעט אין די אינדוסטריעלע רײַאָנען, אינעם ארבעטער־קרײַזל, אפן פאבריק און קאָלווירט, אף דער ארבעט פון באַשאַפן די געשיכטע פון פאבריקן און זאוואָדן, אף דער קאָנקרעטער דערלייזונג פון דעם לאָזונג „באַווײַזן דעם העלד פונעם פינפיאָר“.

15. קעדיי ברייט פאנאנדערוויקלען דעם צורוף פון דעם ארבעטער־שלאָגלער אין דער ליטעראַטור, דארפן די יִדסעקציעס אנטוויקלען א ברייטע ארבעט צווישן די מאסן, פארווירקלעכנדיק דערבײַ די מעטאָדן פון סאָצגעוועט און שלאָגלערײַ. דערבײַ דארפן אויסגענוצט ווערן סײַ די פאָרמען, וועלכע זײַנען שוין אויסגעפּרוווט און דורכגעקאָנטראָלירט אף דער פּראַקטישער ארבעט (דער אָנטייל פון דעם שלאָגלער אין דער פאבריק־זאוואָדישער פּרעסע, אוטער־קאָלעקטיוון, קרײַזלעך פון ארבעטער־קריטיק א. א. וו.) סײַ די נײַע פאָרמען, וועלכע ווערן ארויסגערוקט דורך די מאסן אין פּראָצעס פון דער ארבעט. גלײַכצײַטיק דארף מען אוועקשטעלן די פראַגע וועגן ארויסגעבן די ליטעראַרישע שאפונג פון די יִדישע ארבעטער־שלאָגלער לויטן מוסטער פון די אויסגאַבן פון וו.צ.ספּ.ס. ס'איז נויטיק צו דערשלאָגן זיך, אז דער פארלאַג פון וו.צ.ס.פּ.ס. זאָל דרוקן די ליטעראַטור פון די ארבעטער־שלאָגלער אין די שפּראַכן פון די נאַצמינדערהייטן, אין דעם אויך אין דער יִדישער. מע דארף זיך דערשלאָגן, עס זאָל פארשטארקט ווערן דאָס ארויסגעבן די שאפונג פון די שלאָגלער דורך די רעפּובליקאַנישע פארלאַגן און זייערע אנטשפּרעכנדיקע סעקטערן.

16. דער ארבעטער־שלאָגלער דארף ארײַנגעצויגן ווערן אין דער אָנפירונג מיט דעם ליטעראַריש־פּאָליטישן לעבן. אין די רעדאַקציעס פון די זשורנאַלן (לויטן מוסטער פון דעם זשורנאַל „שטערן“ און „פּראָליט“), אין די רעדקאָלעגיעס פון די פארשיידענע אויסגאַבן, די רעדביוראָען פון די ליטעראַרישע זײַטלעך א. א. וו. דארפן ארײַנגעצויגן ווערן די ארבעטער־שלאָגלער. מע דארף מער אנטשיידנדיק ארויסרוקן די ארבעטער אף אָנפירן מיט דער ארבעט פון די ליטעראַרישע אָרגאַניזאַציעס.

17. די יִדישע ליטעראַטור פון פסס"ר, אלס אן אָרגאַנישער טייל פון דער גאַנצער פּראָלעטארישער ליטעראַטור, איז אויסגעוואַקסן אין א שארפן קאמף קעגן אַלע עלעמענטן, וועלכע האָבן זיך קעגנגעשטעלט דער באַוועגונג פון דער פּראָלעטארישער ליטעראַטור,

קעגן די יעניקע, וועלכע האָבן זיך געפונען אין טראָצקיס לאַגער און האָבן אָפּגעלייקנט די מעגלעכקײַט פון דער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור, אָדער אין דעם לאַגער פון די רעכטע אָפּאָרטוניסטן, וועלכע האָבן קאַפּיטולירט פאַר דער בורזשואַזער אידעאָלאָגיע. פאַרשטאַרקן דעם קאַמף קעגן דידאַקטיקע עלעמענטן, פאַר דער גענעראַלער ליניע פון פּאַרטיי— דאָס איז א גאַראַנטיע פאַר אונדזער זיג אפן געביט פון צורוף פון די שלאָגלער.

אַלע קאָמוניסטישע קויכעס, אַלע פּראָלעטאַרישע שרײַבער־פאַרבינדעטע, אַלע מיטלויפער, וועלכע זײַנען ווירקלעך נאָענט דער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור, דאַרפן אַרײַנגעצויגן ווערן אין קאַמף פאַר דעם רוף פון אַרבעטער־שלאָגלער. פאַר זיי שטייט א גרונט־אופגאַבע — העלפן דעם פּראָלעטאַריאַט פון פ.ס.ס.ר. אונטער דער אָנפירונג פון פּאַרטיי באַהערשן די אָנפירונג מיט דער ליטעראַטור, קעדיי צו פירן זי אפן וועג פון סאָציאַליזם, קעדיי צו פאַרוואַנדלען די ליטעראַטור אין א מעכטיקן געווער פון דער סאָצבויונג, אין א קאַמף־געווער פאַר דער גענעראַלער פּאַרטיי־ליניע, פאַר די באָלשעוויסטישע טעמפּן פון אינדוסטריאַליזאַציע און קאָלעקטיוויזאַציע, פאַר ליקווידירן דאָס באַלעגופּנטום אלס קלאַס אף דער באַזע פון דורכויסיקער קאָלעקטיוויזאַציע, פאַרן ענדגילטיקן זיג איבער דער בורזשואַזער אידעאָלאָגיע, איבערן אָפּאָרטוניזם פון אַלע קאָלירן און איבער דער בורזשואַזער ווירקונג אין דער ליטעראַטור און קונסט.

18. אינעם קאַמף פאַר הייבן דעם טעאָרעטישן ניוואָ פונעם אַרבעטער־שלאָגלער, פאַר פאַרפעסטיקן זײַן מאַרקסיסטיש־לעניניסטישן באַוווּסטזײַן, דאַרף דער בריוו פון כ׳ סטאַלין אין „פּראָלעטאַרסקאַיאַ רעוואָליוציאַ״ פאַרנעמען א צענטראַלן אָרט. דער אַרבעטער־שלאָגלער וועלכער איז אַן אַקטיווער קעמפער פאַר די לאָזונגען פון פּאַרטיי, פאַר דער סאָציאַליסטישער בויונג און קעגן אָפּאָרטוניזם פון אַלע מינים אין זײַן טאָגטעגלעכער אַרבעט אף דער אונטערנעמונג, מוז זיך דורכדרינגען מיט די אופגאַבעס, וואָס ווערן פאַר דער ליטעראַטור געשטעלט דורך דעם כ׳ סטאַלינס בריוו אין רעדאַקציע פון „פּראָלעטאַרסקאַיאַ רעוואָליוציאַ״. דערמיט דאַרף זײַן דורכגעזאַפּט די גאַנצע דערציונג־אַרבעט מיט די שלאָגלער־קאַדרען. שטעלנדיק אין צענטער פון דער דערציונג די פּאַרטיי־דירעקטיוון אין געביט פון אויספילן דעם פּראָמפינפּלאַן און די קאָלווירטישע בויונג פון 1932־טן יאָר און אין געביט פון צווייטן פינפיאָר, אפן גרונט פון דעם לעניניזם, דאַרף דידאַקטיקע דערציונג־אַרבעט אַרומכאַפּן דעם קרײַז פראַגעס, וואָס זײַנען שײַעך דעם קאַמף פאַר באָלשעוויסטישער באַלויכטונג פון דער געשיכטע פון דער אַרבעטער־באַוועגונג און פון אונדזער פּאַרטיי, קעגן די טראָצקיסטישע פאַלסיפיקאַטאָרן און קאָנטראַבאַנדיסטן, קעגן אַלערליי פעלשונגען פון דער פּאַרטיי־געשיכטע, אין דעם—קעגן דער אידעאַליזאַציע פון „בונד״. דער אַרבעטער־שלאָגלער האָט די אופגאַבע צו זײַן אַן אַקטיווער שעפער פון דער געשיכטע פון פאַבריקן און זאַוואָדן, פון דער געשיכטע פון בירגער־קריג, ער האָט די אופגאַבע צו באַווײַזן דעם העלד פון דער סאָציאַליסטישער בויונג און צו ווערן דער שעפער פון די „מאַגניטבויען״ פון דער ליטעראַטור. דאָס איז מעגלעך בלויז בא באָלשעוויסטישער פּאַרטיייִשקײַט, בא באָלשעוויסטישער באַציִונג צו טעאָרעטישע פּראָבלעמען, בא באָלשעוויסטישער פּרינציפּיעלקײַט און אָנראַכמאָנעסדיקײַט צו ליבעראַליזם, וואָס דאָס אַלץ לערנט אונדז כ׳ סטאַלינס בריוו.

פון דער רעדאַקציע;

די טעזיסן פון כ׳ דונעץ זײַנען אין גרונט באַשטעטיקט דורך דער אָרג. ביוראָ אף צענויפרופן דעם אַלפאַרבאַנדישן צוזאַמענפאָר פון די ייִדישע פּראָלעטאַרישע שרײַבער אף דער זיצונג פון דריטן דעקאַבער פאַריקן יאָר. די טעזיסן פון כ׳ בראָנשטיין זײַנען אף דער זעלבער זיצונג אין גרונט באַשטעטיקט געוואָרן אין דער ערשטער העלפט אף וויפל די צווייטע העלפט איז נאָך ניט פאָרגעלייגט געוואָרן אף דער זיצונג פון אָרג. ביוראָ.

דרוקערײַ א. נ. סטאַלינ

באַשטעלונג 150. טיראַזש 1500. גלאַווליטבעל 2975.

